

# איקאָר יאָר־בוך

## 1932



ארויסגעגעבן פון דער
נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע פון דעם איקאר
ניו־יארק

פרייז 50 סענט

# איקאָר יאָר-בוך

# 1932

ש. אַלמאַזאָוו
ל. טאַלמי
פּ. נאָוויק

רעדאַקציע־קאָלעגיע

אינפאָרמאַטיווע מאַטעריאַלן
פון
י. ב. ביילין

ארויסגעגעבן פון דעם נאַציאָנאַלן עקזעקוטיוו קאָמיטעט פון איקאָר

ניו - יאָרק

# אינהאַלט:

## ערשטע אָפּטיילונג



## צווייטע אָפּטיילונג



## דריטע אָפּטיילונג



## פערטע אָפּטיילונג



## פינפטע אָפּטיילונג

# פאָרוואָרט

די נויטוועגדיקייט צו שאַפן אַ קאָלעקטיווע אַרבעט, וואָס זאָל פון אַ מאַרקסיסטיש־רעוואָלוציאָנערן שטאַנדפונקט, ברייט און רונד אַרומנעמען דאָס אידישע לעבן אין זיין עקאָנאָמישן אומפאַנג, האָט זיך שוין געפילט זייער לאַנג. אָבער אין די לעצטע יאָרן איז אַזאַ אַרבעט געוואָרן אַ ד ר י נ ג ע נ ד י ק ע נויטוועגדיקייט: די ליקווידירונג און פאַנאַנדערפאַל פון דער אידישער עקאָנאָמיק אין אַלע לענדער, וואו דאָס קליינבירגערטום בכלל און דאָס א י ד י ש ע קליינבירגערטום בפרט, קעמפט מיט די לעצטע כחות קעגן אונטערגאַנג, קומט פאָר מיט אַ מורא'דיק שנעלן טעמפּ. פון דער צווייטער זייט קומט פאָר אין דעם לעבן פון די אידישע מאַסן אין דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד מיט נאָך אַ גרעסער שנעלקייט אַ גרינטלעכע איבערשיכטונג פון די סאָציאַל־עקאָנאָמישע גרופּן, ניין — אַ דורכאויס רעוואָלוציאָנערע איבערשיכטונג, וואָס גיסט איבער דאָס גאַנצע אידישע לעבן אין נייע געזונטע פאַרמען.

די גאַנצע אַרבעט, וואָס דער איקאָר פירט אָן, קומט אין טאָג טעגלעכן באַריר מיט אָט די עקאָנאָמישע ענדערונגען פון די אידישע מאַסן. די טוער פון איקאָר האָבן געפילט, אַז די באַזע אויף וועלכער דער איקאָר אָפּערירט און ארום וועלכער ער ברענגט אין באַוועגונג די סאַמע פאָדערשטע רייען פון די אידישע מאַסן, מוז ווערן מער באַלויכטן און צוגענגלעך פאַר אָט די מאַסן.

דאָס האָט באַוואוינגן די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע פון דעם איקאָר אונטערצונעמען די, לפי־ערך, שווערע, אָבער זייער וויכטיקע אַרבעט. קיין בירגערלעכע אָרגאַניזאַציע איז בשום אופן ניט פאַראינטערעסירט אין אַזאַ באַלייכטונג.

צוליב דעם, וואָס די אַרבעט איז פון אַ דינאַמישן כאַראַקטער אין מוז סיסטעמאַטיש און פּלאַנמעסיק אָנגעהאַלטן ווערן, איז געפונען געוואָרן פאַר צוועקמעסיק אַרויסצוגעבן אַזאַ סעריע קאָלעקטיווע ווערק אין דער פאָרמע פון יאָר־ביכער.

מיר האָבן דאָ פאַר זיך דעם ערשטן יאָר־בוך. געוויס זיינען דאָ אין אים אַ היבש־ביסל חסרונות. דאָ און דאָרטן זיינען דאָ מער, ווי שפורן פון איילעניש. דאָס וועט געוויס ווערן, אין אַ גרויסער מאָס, אויסגעמיטן אין די קומענדיקע יאָר־ביכער. דערפאַר פילט אָבער דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטעט פון איקאָר, אַז ער האָט אָנגעהויבן נאָך אָן ערנסטע און וויכטיקע אַרבעט. שוין אין ד ע ם בוך וועט דער זוכנדיקער אידישער אַרבעטער געפינען אַ רייע וויכטיקע בייטראַגן צו זיין וויסן וועגן א י ד י ש ע ענינים, פון דעם שטאַנדפּונקט פון זיינע קלאַסן־אינטערעסן.

די רעדאַקציע האָט זיך ניט געהאַלטן באַ דעם נוסח פון די סקאַרבאָווע יאָר־ביכער, וואָס גיבן הורבעס פון שטיקלעך און ברעקלעך, און האָט דעם גרעסטן טייל פון דעם מאַטעריאַל נעגעבן אין אַ באַאַרבעטער פאָרם פון ערנסטע אַרטיקלען, הגם דער אינפאָרמאַטיווער אָפּטייל באַשטייט אויך פון פערציק גרויסע זייטן, און דער לעזער וועט דאָרט געפינען אַ סך מאַטעריאַל וועגן די פאַרשידענע אידישע אַרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס. וואָס ווירקן אין דעם אידישן לעבן פון אמעריקע

ר ע ד א ק צ י ע.

# באַגריסונג

פון דער

# נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו פון "איקאָר"

מיר שיקן אונזער פלאַמיקן פראָלעטאַרישן גרוס צו די אַלפאַרבאַנדישע אַרבעטער און פויערים מאַסן, וואָס בויען דעם סאָציאַליזם. מיר באַגריסן די סאָוועטן מלוכה וואָס האָט דערמעגלעכט דעם איבערבוי פון דעם לעבן פון די אידישע מאַסן אויף געזונטע פראָדוקטיווע יסודות.

מיר שיקן אונזער פלאַמיקן פראָלעטאַרישן גרוס די פיאָנערן בויער פון סאָציאַליסטישן בירא-בידזשאַן, וואָס לייגן דעם פונדאַמענט פאַר אַ אידישער סאָציאַליסטישער סאָוועטן-רעפּובליק. מיר פאַרזיכערן, אַז פונקט ווי ביז איצט, וועלן מיר אויך ווייטער מיט אַלע אונזערע כחות און מעגלעכ-קייטן מיטהעלפן אין דער דאָזיקער גרויסער היסטאָרישער פיאָנערן-אַרבעט.

מיר שיקן אויך אונזער פלאַמיקן פראָלעטאַרישן גרוס און טיפן דאַנק צו אַלע איקאָר-טוער איבערן גאַנצן לאַנד און קאַנאַדע, וואָס האָבן מיט זייער איבערגעבנקייט און אומדערמידלעכער אַרבעט דערמעגלעכט מיר זאָלן קענען טאָן אונזער חוב צו דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין סאָוועטן-פאַרבאַנד, וואָס איז אַ טייל פון דעם אַלגעמיינעם סאָציאַליסטישן אויפבוי.

חברים, איקאָר טוער, מיר מעגן זיין שטאָלץ מיט אונזער אַרבעט. איבער דריי הונדערט טויזנט אידישע נפשות האָבן פאַרוואַנדלט די סטעפּן פון אוקראַינע, קרים און ווייס רוסלאַנד אין פּראַכט-פולע גערטנער און סעדער. אַרום אַכט טויזנט אידישע האָרעפּאַשניקעס בויען סאָציאַליזם אין בירא-בידזשאַן. די דאָזיקע דערגרייכונגען דאַרפן אונז אינספּירירן צו ווייטערדיקער טעטיקייט, מיט אונזער גאַנצער ענערגיע און באַלשעוויסטישן ברען צו ווייטערדיקע דערפאָלגן.

לאָמיר בויען די אידישע קאָלאָניזאַציע!

לאָמיר העלפן אין דעם סאָציאַליסטישן אויפבוי אין סאָוועטן-פאַרבאַנד!

לאָמיר פאַרטיידיקן דאָס איינציקע אַרבעטער לאַנד!

**לאָמיר אָפּשלאָגן די אַטאַקעס וואָס ווערן צוגעגרייט פון דעם אַלוועלטלעכן קאַפּיטאַליזם געגן דעם סאָוועטן פאַרבאַנד!**

נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו פון „איקאָר"

נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע  ב ע אַ מ ט ע

פּראָפעסאָר טש. קונץ, פאָרזיצער

מאַקס לעווין, וויצע-פאָרזיצער

ע. וואַטענבערג, וויצע-פאָרזיצער

ש. לעווין, קאַסירער

ש. אַלמאַזאָוו, סעקרעטאַר

אב. עפּשטיין, אָרגאַניזירער.

ש. אַלמאַזאָוו

# די אידישע מאַסן אין אַמעריקע אין 1932 און דער „איקאָר"

ווען דער איקאָר איז געגרינדעט געוואָרן מיט 7 יאָר צוריק, איז אים אויסגעקומען צו אפּערירן אין אַ אידישער סביבה, וואָס איז אינגאַנצן געווען אַנדערש פון דעם, וואָס זי איז איצט.

די אידישע מאַסן אין אַמעריקע האָבן אין די נאָך־מלחמה־יאָרן אויף זיך גענומען קוקן ווי אויף די „רעטער" פון די „אָרימע ברידער אויף יענער זייט ים". מ'האָט זיך גענומען קלאַפּן מיט די פּושקעס; די פּיפּלס רעליף, די סענטראַל רעליף און די דזשאָינט דיסטרי־ביושאָן קאָמיטע האָבן אַלע מאָל ווידערהאָלט, אַז די אידן אין אַמעריקע זיינען פּשוט דער משיח פאַר די אידן אין פּוילן, אין די באַלטישע לענדער, אין פּאַלע־סטינע און אין רוסלאַנד; מ'האָט אַזויפיל געליאַרמט וועגן די מיליאָנען „הילף", וואָס מ'שיקט אַוועק, אַז דער ברייטער עולם האָט טאַקע אָנגעהויבן גלויבן, אַז זיינע פּאָאַר גראָשן צדקה ראַטעווען אַ וועלט. ווען עס איז נאָך אַוועק אַ סדרה לאַנדסמאַנשאַפט־דעלעגאַטן, איז געוואָרן אַן אמת'ע צדקה־וואַקכאַנאַליע. דער אי־דישער קליינבירגער האָט געגעבן אַ דאָלאַר „רעליף" און האָט געוואָלט, אַז וועגן דעם זאָל מען כאָטש אַרויסהיינגען אַ ספּעציעלע שילד אין זיין געבורטס־שטעטל, וואוהין עס איז געפאָרן אַ דעלעגאַט ברענגען דאָס ביסל מזומן.

דער ציוניזם איז צו יענער צייט גאָר געווען אויף דעם פּערדל: עס איז געווען ערשט נאָך די האָניק־חדשים פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע; מ'האָט מיט יוסטער זיכערקייט זיך געפּאַטשט איבער דעם בייכל: „מיר האָבן פּאַלעסטינע!" די ציוניסטן האָבן דערפאַר געשטעלט פאָדערונגען צו דער דזשאָינט וויפיל מ'זאָל זיי געבן פון די רעליף־געלדער פאַר דעם „אידישן היימלאַנד". זיי האָבן געפאָדערט — און דער דזשאָינט האָט געגעבן.

אין אַזאַ צייט איז געקומען דער איקאָר מיט זיין ווענדונג צו שטיצן די קאָנסטרוקטיווע קאָלאָניזאַציע־אַרבעט אין דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. עס האָט גע־דאַרפט קלאָר ווערן, אַז אַזאַ רוף קען אַפּעלירן בלויז צו די באַוואוסטזיניקע אַרבעטער, וועמען עס איז פאַר־שטענדלעך און טייער דער סאָוועטן־פאַרבאַנד, און וועלכע באַגרייפן דעם אונטערשייד פון אידישער קאָ־לאָניזאַציע אונטער דער שוץ פון דער ענגלישער ביקס און אויף דעם חשבון פון די אָרימע אַראַבישע פּויערים, וואָס ווערן אַראָפּגעטריבן פון דער ערד, און דער אידי־שער קאָלאָניזאַציע אונטער דער סאָוועטן־מלוכה, וואָס האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע געזונט צו מאַכן דאָס לעבן פון אַלע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, וואָס זיינען פריער געווען אַזוי אונטערדריקט און פאַרפאָלגט.

עס איז באַגאַנגען געוואָרן דער טעות, ווען אַנ־שטאָט צו אָריענטירן זיך אויף די ברייטע אַרבעטער־מאַסן, האָט דער איקאָר זיך פאַרנומען אויף דעם וועג צו אַרבעטן בשותפות מיט דער קליינבערגערלעכער אינטעליגענץ, כדי צו געווינען די נאַציאָנאַליסטישע עלעמענטן.

די ראַדיקאַלע אינטעליגענץ האָט מיטגעאַרבעט מיט דעם איקאָר, ווייל זי האָט די איקאָר־אַרבעט באַ־טראַכט ווי אַ טייל פון דער אַלגעמיינער רעליף־אַרבעט, וואָס זי האָט געהאַלטן אַלס איר ספּעציעלע מיסיע. אַ חוץ דעם האָט די דאָזיקע קליינבירגערלעכע אינטעליגענץ אַריינגעטייטשט אין דער אידישער קאָ־לאָניזאַציע אין סאָוועטן־פאַרבאַנד איר נאַציאָנאַליס־טישן טייטש — זי האָט געקוקט אויף די אידישע קאָ־לאָניעס אין קרים, אין אוקראַינע און אין ווייסרוסלאַנד ווי אויף אַ מין רויטער פּאַלעסטינע.

פאַר דעם ציוניסט איז די אידישע קאָלאָניזאַציע אין סאָוועטן־פאַרבאַנד געווען אַנאַטעמאַ. ערשטנס, איז דאָס „קאָנקורענץ" צום פּאַלעסטינער קרעמל, צווייטנס, איז דאָס געווען אונטער דער סאָוועטן־מלוכה, וואָס איז געווען אַזוי פאַרהאַסט באַ דעם באַלעבעסלדיקן ציוניסט. אויף דעם סאָוועטן פאַרבאַנד אין אַלגעמיין האָט מען נאָך דעמאָלט געקוקט מיט ביטול — אויך מיר אַ מלוכה, אָט באַלד און דער באָלשעוויזם וועט פאַלן.

דער אידישער קליינבירגער אין אַמעריקע האָט זיך געפילט זייער תקיף, געשעפטן זיינען געגאַנגען גאָר ניט שלעכט. פון דער „שפע" אין לאַנד האָט זיך אויף זיין חלק אויך אָנגענומען אַ פעטער ביסן. דער אי־דישער קרעמער, דער ריעל עסטייט מאַן, דער פּראָפּע־שאָנעל, דער פאַבריקאַנט און דער ספּעקולאַנט האָבן פאַררייסן די קעפּ. זיי זיינען ניט געווען קיין אויסנאַם — דאָס זעלבע איז געווען דער צושטאַנד באַ דעם קליינבירגערטום און באַ דער בורזשואַזיע אודאי און אודאי. דאָס זעלבע איז אויך געווען באַ דער אַרבע־טער־אַריסטאָקראַטיע. אַלע האָבן געזונגען דעם

שיר פון דער אמעריקאנער „פראספעריטי״; אין כאר זיינען אויך געווען אנגעשלאסן די פארפירער אין די יוניאנס און אויך די נעלע סאציאל־פאררעטער.

אין אזא סביבה איז אלץ, וואס איז געווען פארבונדן מיט דעם סאוועטן־פארבאנד געווען פארהאסט און אפגעיאכט. די ארבעט פאר דער אידישער קאלאניזאציע אין סאוועטן פארבאנד איז דערפאר אויפגענומען געווארן מיט ביטול און מיט גאל. אויב ניט קוקנדיק אויף דעם אלעם, האט דער איקאר דאך באוויזן צו שאפן הונדערטער טויזנטער דאלאר פאר דער אידישער קאלאניזאציע אין סאוועטן פארבאנד, איז דאס ניט געווען א דאנק דער הילף פון דער ״ראדיקאלער״ קליינבירגערלעכער אינטעליגענץ, וואס האט כלומרשט געקענט „צושטעלן״ די סימפאטיע פון קליינבירגערטום. נאר א דאנק דעם געזונטן פארשטאנד פון די ארבעטער־מאסן, וועמען דער סאוועטן פארבאנד און אלע זיינע אונטערנעמונגען זיינען טייער.

דער ניט געלונגענער שידוך מיט דער קליינבירגערלעכער אינטעליגענץ האט זיך געענדיקט אין 1929, נאך די פאלעסטינער פאסירונגען, ווען די מיטלויפער האבן באוויזן, אז זייער גאנצע ראדיקאלעכץ האט ניט געהאט די ווערט קיין צעבראכענעם דרייער. אין דער זעלבער צייט האט זיך אנגעהויבן דער קריזיס, וואס איז שוין איצט באלד אלט 3 יאר. דער קרעמער האט נאך מער, ווי פריער, דערפילט דעם טעם פון דער קאנקורענץ פון דער טשיין־סטאר; דער ריעלעסטייטמאן, דער נעכטיקער האלבער מיליאנער, איז פארבליבן מיט דער דעראינערונג פון די גוטע יארן און מיט דער זארג ווי איבערצושטופן א טאג. עס איז געקומען די צעטרייסלונג, וואס איז פאראורזאכט געווארן פון די אומאויפהערלעכע קראכן אויף וואל סטריט; עס זיינען געקומען די באנקראטן פון 5000 באנקן; עס איז געקומען די קאלאסאלע ארבעטלאזיקייט, וואס האט ארומגעכאפט דאס גאנצע לאנד; עס זיינען געקומען צענדליגער טויזנטער קאמערציעלע באנקראטן; עס איז געקומען א צושטאנד, ווען דער לעבנס־סטאנדארד פון די ברייטע מאסן איז מיטאמאל שטארק געזונקען — דאס אלץ האט ניט פארפעלט זיך אפשפיגלען אויך אויף די ברייטע אידישע מאסן אין אמעריקע, צווישן וועלכע עס האט זיך אנגעהויבן א פראצעס פון איבערשיכטונג. די נעכטיקע האלבע מיליאנערן האבן זיך אראפגעגליטשט א סך שטאפלען נידעריקער, און א גאר גרויסע טייל איז פשוט געבליבן ווי אויפן וואסער. אין דריטן יאר פון קריזיס רעדט מען שוין אפן וועגן דעם אז עס זיינען דא דעקלאסירטע; מ׳פלפולט שוין וועגן דעם, וואס עס דארף זיין די רפואה פאר די דעקלאסירטע. ווידער איז דא די קליינבירגערלעכע אינטעליגענץ מיט איר „רעטונגס־מיסיע״. מ׳רעדט וועגן „גיין אין דארף״, וועגן „אידישע קאאפעראטיוון״ — אפילו וועגן „קאלעקטיווירטע קאלאניעס״ רעדט מען.

דאס איז אלץ, נאטירלעך, בטלנות און פון די „רפואות״ וועט מען זייער ווייניק נעהאלפן ווערן. נאר א צייכן פון דער צייט איז דאס זיכער.

קיין ציפערן וועגן דעם עקאנאמישן צושטאנד פון די אידישע מאסן אין אמעריקע זיינען ניטא. עס זיינען ניטא קיין ציפערן וועגן דער צאל ארבעטלאזע צווישן אידן, וועגן דער צאל קליינבירגער, וואס זיינען געבליבן הייגנען אין דער לופטן, וועגן דער צאל אידן, וואס קומען אן צו טשאריטי. וועגן דעם אלעם קומט זיך אוים שאפן א באגריף דורך סברות, דורך השערות, דורך פארגלייכונגען מיט דעם צושטאנד צווישן אלע טיילן פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג אין לאנד. עס איז אבער זיכער, אז דער קריזיס האט אנגעמאכט א חורבן אין דעם עקאנאמישן לעבן פון דער אידישער באפעלקערונג אין לאנד. אין די טריידס, וואס זיינען געווען באוואוסט אלס אידישע, האט ניט נאר די ארבעטלאזיקייט ארויסגעווארפן אין גאס צענדליקער טויזנטער ארבעטער, נאר דער פארראט פון די יוניאן־ביוראקראטן האט צוריקגעבראכט צום צושטאנד פון סוועט־שאפ, ווען ארבעטער, וואס פלעגן פארדינען 70־80 דאלאר א וואך, זיינען געצוואונגען צו שקלאפן לאנגע שטונדן אויף צו פארדינען 20־30 דאלאר א וואך.

דאס איז דער צושטאנד בא די קלאוקמאכער, בא די דרעסמאכער, בא די מענער שניידער, בא די פאריער, בא די קעפ און מילינערי ארבעטער, בא די שוסטער, בא די נעקווער מאכער, בא די בעג און סוטקיים ארבעטער, בא די לאונדרי ארבעטער און אין נאך און נאך פאכן, וואו די אידישע ארבעטער זיינען געווען זייער שטארק פארטראטן.

אין דער בוי־אינדוסטריע איז געקומען כמעט א פולשטענדיקער שטיל־שטאנד, צענדליקער טויזנטער קארפענטערס, בריקלייערס, פיינטערס, פלאמערס און סטימפיטערס האבן שוין יארן לאנג קיין דאלאר ניט פארדינט. די, וואס קריגן אביסל ארבעט, זיינען געצוואונגען צו ארבעטן פאר א הונגער לוין.

די קאמפאניע יוניאנס. האבן צוגעטראגן זייער חלק, אז אפילו די ארבעטער, וואס האבן יא געארבעט, זאלן אויך ניט פארדינען גענוג אויף ברויט.

צורעכענענדיק צו דעם הונגער־צושטאנד פון ארבעטלאזע דעם פאקט, אז אויך די, וואס ארבעטן, שקלאפן פאר א הונגער לוין, צורעכענענדיק אויך דעם פאקט, אז די ארבעטער, וואס האבן געהאט עטלעכע אפגעשפארטע דאלאר, האבן שוין דאס אפגעשפארטע אדער אויפגעגעסן, אדער פארלארן אין די געקראכטע באנקען, וועט קלאר ווערן ווי נידריק עס איז דערפאר געזונקען דער לעבנס־סטאנדארד פון די ארבעטער־מאסן און ווי דאס האט זיך געמוזט אפשפיגלען אויף

דעם צושטאַנד פון דעם גראָסער, בוטשער, דענטיסט, דאָקטאָר, דראָגיסט און אַזוי ווייטער.

מ'האָט זיך מיטאַמאָל געכאַפּט, אַז די שמאַלץ גרוב אין דער „גאָלדענער מדינה" איז געבליבן אַ פּוסטע גרוב.

די טיפקייט פון דער עקאָנאָמישער צעטרייסלונג לאָזט זיך פילן אין די געשרייען פון די אַלע אַנשטאַלטן, וואָס זיינען אויסגעהאַלטן געוואָרן אויף דער פּושקע. זיי שרייען, אַז זיי גייען אונטער, און אַ גרויסער טייל פון זיי גייט טאַקע אונטער.

צוזאַמען מיט די אונטערגייענדיקע אינסטיטוציעס, צוזאַמען מיט די פאַרמעגנס, וואָס זיינען אַוועק ווי מיט רויך, צוזאַמען מיט הונגער און ליידן, צוזאַמען מיט זעלבסט מאָרדן און פאַרצווייפלונג איז אויך געקומען — צום ווייניקסטן בא די ברייטע מאַסן — אַן אויסניכטערונג, אַ סוף צו דעם גלויבן און די „אומבאַגרעניצטע מעגלעכקייטן" אין אַמעריקע. אַ סוף צום בוקן זיך פאַר דער אַמעריקאַנער פּראָספּעריטי, אַ סוף צום באַטראַכטן זיך, ווי די גליקלעכע, וואָס האָבן זיך ארויסגעראַטעוועט פון אַלע צרות, וואָס די אידישע מאַסן שטייען אויס אין אַנדערע לענדער.

צוזאַמען מיט אָט דער אויסניכטערונג איז געקומען, נאַטירליכערווייזע, אַ גרויסער אינטערעס צום סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואו עס איז ניטאָ קיין קריזיס, וואו עס איז ניטאָ קיין מורא פאַר דעם מאָרגנדיקן טאָג. צוזאַמען מיט דעם איז געקומען דער שטייגנדיקער אינטערעס צו דעם, וואָס דער סאָוועטן פאַרבאַנד טוט פאַר אַלע זיינע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן בכלל און פאַר דער אידישער נאַציאָנאַלער מינדערהייט בפרט. עס איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסער אינטערעס צו דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין בירא־בידזשאַן, וואו עס באַזעצן זיך אידן ניט בלויז פון סאָוועטן פאַרבאַנד, נאָר אויך פון לאַטוויע, אַרגענטינע און אַמעריקע.

דער פאַקט, וואָס אין דער צייט, ווען אין פּוילן מאַכט מען פּאָגראָמען, ווען אין רומעניע צעשיסט מען אידישע קינדער, ווען אין דייטשלאַנד וואַקסט דער אַנטיסעמיטיזם,, ווערט אין סאָוועטן פאַרבאַנד געבויט אַ געזונט לעבן פאַר די אידישע האָרעפּאַשנע מאַסן, דאָס אַלץ האָט ניט געקענט פאַרפעלן צוצוציען די אויפמערקזאַמקייט פון די ברייטע אידישע מאַסן. עס איז אויך געוואַקסן די צאָל פון די קליינבירגער, וואָס האָבן אָנגעהויבן איינזעען, אַז אין דער גאָלדענער אַמעריקע זיינען זיי נאָך לאַנגע יאָרן „גליקן" געקומען צום זעלבן צושטאַנד, אין וועלכן זיי האָבן זיך געפונען, ווען זיי זיינען געקומען אהער, און איצט, אַלס דעקלאַסירטע, איז זיי נאָך ערגער, ווי דעמאָלט. עס איז געוואָרן פאַרשטענדלעך, אַז דאָס געזונטע לעבן, וואָס ווערט געבויט פאַר די אידישע האָרעפּאַשניקעס אין סאָוועטן פאַרבאַנד זאָל שוין ניט נאָר באַטראַכט ווערן מיט ביטול, נאָר זאָל אויך אַרויסרופן באַוואונדערונג און אַז די אידישע מאַסן אין לאַנד פון „פּראָספּעריטי" זאָלן אפילו אָנהויבן מקנא זיין די אידן אין סאָוועטן פאַרבאַנד.

אין דער זעלבער צייט איז געקומען דער פולער באַנקראָט פון דעם ציוניזם. פון דער באַלפור דעקלאַראַציע איז גאָר ניט געבליבן. דער פּאַספּילד ווייסער פּאַפּיר האָט גאַנץ אָפן געזאָגט, אַז מ'קען ניט באַזעצן קיין אידישע אייניוואַנדערער אין פּאַלעסטינע און אַז די ענגלישע רעגירונג וועט ניט אַריינלאָזן קיין אידישע אימיגראַנטן. פון די אידן, וואָס געפינען זיך אין דעם „אידישן היים־לאַנד", זיינען געקומען זייער טרויעריגע באַריכטן — זיי האָבן זיך געריסן אַנטלויפן פון דאָרט ביי דער ערשטער געלעגנהייט.

דאָס האָט, נאַטירלעך, ניט פאַרפעלט אונטערצושטרייכן דעם אונטערשייד צווישן דער אַוואַנטורע אין ציון און דער פעסטקייט פון דער אידישע קאָלאָניזאַציע אין סאָוועטן־פאַרבאַנד.

די עקאָנאָמישע צעטרייסלונג האָט אויך געפירט צו דעם, אַז די אַרבעטנדיקע אידישע מאַסן זאָלן אָנהויבן אַלץ מער איינזעען דעם פאַרראַט פון דער געלער חברה, וואָס האָט זיי געבראַכט צו אַ הונגער־לוין אין די שעפּער און וואָס האָט די פּראַטערנאַלע באַוועגונג פאַרוואַנדלט אין אַן אינסטרומענט אין די הענט פון די יוניאָן־ברעכער און פון אַלע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן. עס איז אין אַ קורצער צייט אויסגעוואַקסן דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן, וועלכער האָט אַרויסגענומען די בעסטע קלאַסן־באַוואוסטזיניקע עלעמענטן פון דעם אַרבעטער רינג און פון דעם אינדעפּענדענט אַרבעטער רינג. די טויזנטער, וואָס האָבן פאַרלאָזן די צוויי פאַררעטערישע אָרגאַניזאַציעס האָבן פּאַראורזאַכט דעם א. ר. אַ גרויסע בלוט־אָרימקייט און דער אינדעפּענדענט האָט אינגאַנצן אויסגעצויגן די פיס אויף דער אַרבעטער רינג סעמעטערי.

קולטורעל האָבן די מאַסן זיך אַלץ מער און מער גענומען דערנעענטערן צו די לינקע אַרבעטער און זיי קומען זיך אויסלעבן אין די רייען פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער באַוועגונג. דאָס בלעטל, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פון די קליינבירגערלעכע „קולטורניקעס" נאָך דעם, ווי זיי זיינען אין דעם וואַנזין פון דער נאַציאָנאַליסטישער וואַקכאַנאַליע אין אויגוסט 1929 אַוועק פון דער „פרייהייט", איז אונטערגעגאַנגען. עס איז אויסגעוואַקסן אַ ריזיקע צאָל פון אַרבעטער קלובן איבער'ן גאַנצן לאַנד. עס זיינען פאַרשטאַרקט און פאַרשפּרייט געוואָרן די מוזיקאַלישע אַרבעטער־פאַראיינען. עס איז קלאָרער אויסגעקריסטאַליזירט געוואָרן דער אַרבעטער־פּראָנט אין קאַמף געגן אַלע שונאים.

עס איז שוין דערפאַר געוואָרן פאַרשטענדלעך

פארוואס דער איקאר האט אין אט די באדינגונגען שוין איינגעזען דעם טעות פון זיין פריערדיקער פשרה־באציאונג צו דעם קליינבירגערטום און דעם נאך גרעסערן טעות פון איינגיין אויף א ניט געשריבענעם, א מין „דזשענטלמענס אגרימענט” מיט די פועלי ציוניסטן ניט צו אטאקירן דעם ציוניזם. דאס איז געווען א פאלשע שטעלונג אין 1924 ; אין 1932 וואלט שוין גאר ניט געווען מעגלעך זיך פארשטעלן אזא זאך. דער איקאר טרעט איצט ארויס אפן אין קאמף קעגן דעם שאווינסטישן, פאשיסטישן, קאנטררעוואלוציאנערן, אנטי־סאוועטישן ציוניזם.

דער איקאר טרעט אויך ארויס אין דער פארטיידיקונג פון דעם סאוועטן פארבאנד און ער מאביליזירט די אידישע מאסן אי צו געבן שטיצע די אידישע פיאנערן אין בירא־בידזשאן, אי צו פארטיידיקן דאס לאנד, וואס האט אפגעשאפן נאציאנאלע פארפאלגונגען און באגרעניצונגען, און וואס האט ענדגילטיק געלייזט די פראבלעם פון נאציאנאלע מינדערהייטן און אויך די אלטע צעווייטאגטע „אידישע פראגע”.

דער איקאר האט, פארנעמענדיק זיך אויף דעם נייעם וועג, נאטירלעכערהייזע זיך אויך געמוזט אנהויבן אריענטירן ניט אויף קיין געציילטע גרופן אין יעדער שטאט, נאר אויף ברייטע מאסן, וואס זאלן צוגעצויגן ווערן צו דער ארבעט פאר דער אידישער קאלאניזאציע.

דער איקאר איז דערפאר געקומען בא זיין לעצטער קאנווענשאן צו דעם שלוס, אז ער מוז ווערן א מאסן־ארגאניזאציע — ער האט ארויסגעשטעלט דעם לאזונג פון 25,000 מיטגלידער פאר דעם איקאר אין 1932.

אין 1924 וואלט מען פון אזא צאל ניט געקענט טראכטן, אין די אביעקטיווע באדינגונגען פון 1932 איז דאס ניט קיין איבערגעטריבענע דערווארטונג צו מאביליזירן 25,000 פריינט פון דעם סאוועטן פארבאנד און פון דער אידישער קאלאניזאציע אין א גרויסער איקאר־ארגאניזאציע.

איצט קומט צו אין דער ארבעט פון איקאר נאך א ווינטיקער פאקטאר. לויט דעם באשלוס פון דעם סאוועטן־מלוכה וועט דערלויבט ווערן א צאל ארבעטער אויך פון אויסלאנד צו קומען זיך באזעצן אין בירא־בידזשאן. פון אמעריקע וועט דער איקאר שיקן הייי־יאר 600 איבערוואנדערער. א צאל איז שוין אפגעפארן פון לאס אנדזשעלאס און איניקע גרופן פון בוי־ארבעטער האלטן זיך אין ארגאניזירן אין פארשידענע שטעט.

אין די יארן פון פראספעריטי וואלט מען זיך געווען אויסגעלאכט פון דעם געדאנק צו פארן פון אמעריקע קיין בירא־בידזשאן, נאר אין 1932 לאכט מען מער ניט, נאר מען שלאגט אפ די שוועלן פון דעם איקאר.

עס קומען אן אנפראגן פון אלע ווינקלען פון לאנד. עס ווילן פארן ארבעטער, פארמערס, דאקטוירים, דענטיסטן, דראגיסטן, נויירסעס, לערערינס, אפילו מוזיקאנטן ווענדן זיך מ'זאל זיי שיקן קיין בירא־בידזשאן. דער איקאר וועט, נאטירלעך, מאכן זיין אויסוואל וייער פארזיכטיק צו שיקן קיין בירא־בידזשאן די בעסטע און פאסנדיקסטע עלעמענטן. עס איז שוין געקומען א צייט ווען מ'קען זיך דערלויבן זיין איבערקלייבעריש, ווען מ'דארף ניט דאנקען דעם ערשטן בעסטן בעל מלאכה, וואס וויל פארן ארבעטן אין סאוועטן פארבאנד. דער איקאר קען זיך אויך דערלויבן צו רעדן דרייסט צו די ברייטע מאסן אז עס איז וייער חוב און פריוויליגע צו העלפן די אידישע פיאנערן אין בירא־בידזשאן, ווייל דער טאג איז שוין ניט וייט, ווען זיי וועלן קיין הילף ניט דארפן.

אין 1932 טרעט דער איקאר ארויס אויף דעם ברייטן וועג פון א מאסן־ארגאניזאציע אין באדינגונגען פון אלץ וואקסנדיקער צעטרייסלונג אין דער קאפיטאליסטישער וועלט און פון וואקסנדיקער ליבע און איבערגעבנקייט צווישן די ברייטע מאסן צו דעם סאוועטן פארבאנד, וואו עס גייט אן אן אימפעטיגער סאציאליסטישער אויפבוי, וואו עס איז ניטא קיין ארבעטלאזיקייט, וואו פאבריקן שטייען ניט געשלאסן, און וואו עס בוים זיך דאס נייע לעבן פון דער פארברידערטער משפחה פון די באפרייטע הארעפאשניקעס פון אלע באפרייטע פעלקער.

קלמן מרמר

# די לאַגע פון די אידן אין אייראָפּע פאַרן יאָר 1931

דער עקאנאמישער קריזיס אין די קאפיטאליסטישע לענדער פון אייראפע האט זיך אין יאר 1931 פארטיפט און פארברייטערט. די ארבעטלאזיקייט האט זיך פארמערט און דער קלאסנקאמף פארשארפט. דער קאפיטאליסטישער קלאס זוכט צו זיכערן זיין הערשאפט דורך ברוטאלער אונטערדריקונג, דורך פאשיסטישער דיקטאטור. די ארבעטנדיקע מאסן ווערן אלץ מער ראדיקאליזירט. זיי זעען זייער איינציקע הילף אין דעם זיג פון דער סאציאלער רעוואלוציע. דער דעקלאסירטער און פאראַרימטער מיטלקלאס שטייט פארצווייפלט אויפן שיידוועג. א טייל גייט מיטן ארבעטער קלאס און האפט אויף א נייעם לעבן פון אייגענער ארבעט. א טייל קוויקט זיך מיט חלומות פון נעכטיקע טעג. פון אט דעם לעצטן טייל ווערן רעקרוטירט די הויפט כחות פון דער רעאקציע אינם קאמף פון קאפיטאליזם קעגן דעם רעוואלוציאנערן אוואנגארד פונם ארבעטער קלאס.

באזונדער שווער האט געטראפן דער איצטיקער קריזיס די אידישע מאסן אין די קאפיטאליסטישע לענדער פון אייראפע. א חוץ זייער חלק ליידן ווי דערקלאסירטע הענדלער און בעל מלאכות, האבן די אידן אין דעם קאפיטאליסטישן טייל אייראפע נאך אויסצושטיין אלערליי פארפאלגונגען און נגישות פון זייערע פאשיסטישע הערשער. דער פאשיזם רופט צוריק צום מיטלאלטערלעכן קלעריקאליזם און שאוויניזם — לעבן ווידער דורך די אידן אין דעם רוב לענדער פון אייראפע די אלטע צייטן פון ראסנהאס און פאגראמען.

אזוי ווי בא אלע פעלקער, אזוי קומט אויך פאר צווישן אידן א שארפע קלאסן־צעטיילונג. דער פראלעטארישער עלעמענט און די וואס גרופירן זיך ארום אים זעען זייער האפנונג אין דער אונטערגאנג פון דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט און אין דער עטאבלירונג פון א סאוועטן פארבאנד. פארקערט, דער אידישער באלעבאטישער עלעמענט ווערט אלץ מער רעאקציאנער. ניט געקוקט אויף דער שווידערלעכער פארנאנגענהייט פון אידישן מיטלקלאס אין אייראפע, חלומט דער אידישער קליינבירגער פון „אלטע גוטע צייטן". ער וויל זען די ווייזערס פון דער צייט געדרייט אויף צוריק. זיינע אידעאלאגן פראפאגאנדירן שאוויניזם אין דעם עכט אידישן פאשיזם־ציוניזם. זיי זוכן צו פארווינגן די אידישע מאסן מיט אלערליי באבע־מעשיות און וואונדער־געשעענישן. די בורזשואזע רעוואלוציע אין שפאניע האט בא די אידישע קליינבירגער ארויסגערופן די דערוואַרטונג, אז די נייע שפאנישע רעפובליק וועט צוריקרופן אירע „פארטריבענע אידישע קינדער" און עס וועלן באנייט ווערן די לעגענדארע „גאלדענע צייטן" פון די אידן אין דער אלטער שפאניע. נאר פון אט די אלע דערוואַרטעטע „אידישע גליקן" איז געבליבן בלויז דער „יחוס", אז די נאציאנאל און סאציאל פאשיסטישע היינקער וואס שלאכטן איצט אויס די רעוואלוציאנערע מאסן אין שפאניע שטאמען אפ פונם „פאלק ישראל".. דער איינציקער „נחת" וואס כל ישראל האט דערלעבט אין שפאניע אין יאר 1931 איז געוועזן א אידישע חתונה, אויף וועלכער די הויפט שרייבער פון ניו־יארקער „טאג" און „פארווערטס" זיינען געוועזן מחותנים....

ניט מער נחת ווי פון שפאניע האט דאס באלעבאטישע אידנטום דערלעבט פונם פאשיסטישן „גן עדן" אין איטאליע, וואו די ארבעטלאזיקייט שטייגט און דער ארבעטלוין פאלט. זינט דעם אפענעם בונד צווישן פאשיזם און קאטויליציזם איז דאס קליין ביסל „אידנטום" אין איטאליע צוריקגעשליידערט געווארן צו זיין פאזיציע אינם מיטלאלטער. עס פארשטייט זיך, אז דאס האט ניט געשטערט דער אידישער בורזשואזיע צו געבן מעדאלן צום קעניג, צו מוסאלינין און אנדערע פאשיסטישע גדולים פאר זייער „גוטסקייט" צו אידן. נאך א האר וואלט דער פאפסט אויך פארדינט אין יאר 1931 א מעדאל פאר זיין „אידן־ליבע". די ציוניסטישע אגענטור „איטא" האט מיטגעטיילט דער גאנצער וועלט, אז דער פאפסט האט איינגעלאדן א פרומען אידישן למדן פארן ביבליאטעקאר פון דער פאפסטלעכער ביבליאטעק אינם וואטיקאן. נאר נאך איידער דער אידישער נאציאנאליסטישער קליינבירגער האט צייט געהאט זיך צו שמעלצן פאר נחת, איז אנגעקומען פון איטאליע די „טרויעריקע בשורה", אז אט דער איד איז ניט קיין אלטמאדישער למדן, און ניט קיין היינטוועלטיקער געלערנטער, און ער האט בכלל קיין שום שייכות ניט צום פאפסטס ביבליאטעק.

---

דער קריזיס אין פ ר א נ ק ר י י ך, וואו א העלפט פון איר ארבעטנדיקער באפעלקערונג איז ארבעטלאז,

האָט שטאַרק געטראָפן די איינגעוואַנדערטע אידישע מאַסן און אפילו אויך דעם איינגעבאָרענעם מיטל־קלאַס. ווי אומעטום, אַזוי אויך אין פראַנקרייך זוכט דער הערשנדיקער קלאַס צו באַקעמפן די ראַדיקאַליזירונג פון די אַרבעטנדיקע מאַסן דורכן ראַסנהאַס און פאַשיזם. דאָס האָט זיך אין יאָר 1931 געלאָזט באַזונדער פילן אין עלזאַס, וואו עס האָבן זיך ווידער איבערגעחזרט די אָנפאַלן אויף אידן פון די צייטן פון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטן. די פּראָלעטאַרישע אידישע מאַסן, דאָס רוב איינגעוואַנדערטע אידן פון מזרח אייראָפּע, ווערן אַלץ ראַדיקאַלער און נעמען אָן די פירערשאַפט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. נאַטירלעך, ווערן זיי טעראָריזירט און טיילווייז אויך דעפּאָרטירט. פון דער אַנדערער זייט דערמוטיקט די פראַנצויזישע בורזשואַזיע דעם אידישן קלעריקאַליזם און ציוניזם, וועמעס קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן ווערט זי ווייסט גאַנץ גוט ווי אָפּצושאַצן. פראַנקרייך איז אויך די היים פון דער אַמאָליקער אידישער וואָרטפירערין, די חברה „כל ישראל חברים" (אליאַנס איזראַעליטא). די „אַליאַנס" האָט שוין לאַנג צוריק פאַרלאָרן איר גלאַנץ פון אַמאָל. דאָך מאַכט זי נאָך אַלץ דעם אָנשטעל, אַז זי העלפט אירע „אָרימע ברידער" אין מזרח. איר „הילף" איז אָן אומבאַדייטנדיקע. אַרום 30 טויזנט דאָלער אַ יאָר. נאָר דערפאַר גיט זי דערפון אָוועק אַ גאַנצן דריטל פאַר די רבנים און זייערע „קולטוריסטישע אָרגאַניזאַציעס" אין סאָוועטן פאַרבאַנד, דאָס הייסט, פאַר די עטלעכע חדרים און ישיבות וואָס אָט די רבנים האַלטן דאָרטן אויס בשתיקה פון דער סאָוועטן רעגירונג.

צוליב די ציוניסטישע פּייקלער און טאַצן־קלאַפּערס הערט מען ניט דעם יאָמער פון די פאַראָרימטע אידישע מאַסן אין ע נ ג ל א נ ד. לויט דער ציוניסטישער אַגענטור „איטאַ" קומט אויס אַז גאַנץ ענגלאַנד, אויך דער פערטל פון איר באַפעלקערונג, וואָס הונגערט, איז כסדר פאַרנומען מיט פּאַלעסטינע. די ענגלישע רעגירונג פאַרנעמט זיך מער מיט ציוניזם ווי מיט דער אונטערדריקונג פון אינדיע, עגיפטן, ציפערן, א. א. וו., די מלחמה צוגרייטונגען קעגן דעם סאָוועטן פאַרבאַנד, די אינטריגעס קעגן דעם אַמעריקאַנעם קאָנקורענט. די אַרבעטלאָזיקייט אינם לאַנד, די טאַריף פראַגע, א. ד. גל. עס איז ניטאָ קיין צווייפל אַז דער ציוניזם איז אַ באַדייטנדיק רעדל אין דער ענגלישער אימפּעריאַליסטישער מאַשין. ניט אומזיסט האָבן די סאַמע אימפּעריאַליסטישע גדולים געמאַכט אַ באַנקעט פאַר דעם געוועזענעם ציוניסטישן פּרעזידענט דר. ווייצמאַן און אים געזונגען שבחים. ניט אומזיסט האָט אויך דער פירער פון דער ציוניסטישער נייעם אַגענטור „איטאַ" באַקומען אַן אָפיציעלן באַנקעט פאַר דער טיכטיקער ציוניסטישער פּראָפּאַגאַנדאַ. געגן דעם סאָוועטן פאַרבאַנד וואָס די „איטאַ" פירט אָן. נאָר אין דער אַנדערער זייט, איז דאָך ענגלאַנד דאָס ווינקל פון דער אידישער אַרבעטער באַוועגונג אין די ענגלישע רעדנדיקע לענדער. פאַראַן דאָרט נאָך איצט אויך אַ באַדייטנדיקע אידישע אַרבעטערשאַפט, און אויך אַ ברייטע מאַסע פון אָרימע פעדלער און קליינהענדלער. נאָר די „איטאַ" און די כל־ישראל פרעסע פאַרשווייגן הארטנעקיג דאָס לעבן פון אָט דער באַדייטנדיקער אידישער מאַסע, אירע באַוועגונגען און טעטיקייטן. דאָך רייסן זיך דורך פון צייט צו צייט ידיעות פון איר אומגעהויערער נויט. מיר הערן ווידער פון יענער שוידערלעכער לאַגע פון די אַרבעטנדיקע אידישע מאַסן אין ענגלאַנד, וואָס איז אונז באַקאַנט פון ווינטשעווסקים ערשטע לידער.

דער קריזיס אין דעם דימענטן האַנדל אין ה אָ ל א נ ד האָט אַריינגעוואָרפן ווייטערע שיכטן פון די דאָרטיקע אידן אין אַ פאַרצווייפלטער לאַגע. די אָרימקייט צווישן די אידישע מאַסן אין אַמסטערדאַם, די גרעסטע שטאָט פון האָלאַנד, איז געוועזן גרויס אויך אין די „זיבן זאַטע יאָרן" פון קאַפּיטאַליזם. איצט איז די לאַגע אַזוי קריטיש, אַז די האַרטהאַרציקע האָלענדישע אידישע בורזשואַזיע איז געצוואונגען צו עפענען ביליקע קיכן און אַנדערע פילאַנטראָפּישע אַנשטאַלטן צו „העלפן" די הונגעריקע און נאַקעטע אַרבעטלאָזע מאַסן, וואָס זיינען אין געפאַר אַריינגעצויגן צו ווערן אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. דער עקאָנאָמישער קריזיס אין האָלאַנד האָט, אַזוי ווי אומעטום, אויך פאַרשאַרפט דעם קלאַסנקאַמף און אַרויסגערופן דעם אָפּענעם פאַשיזם. אין די לעצטע חדשים פון יאָר 1931 איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין דער געגנט פון האַג, די הויפּטשטאָט פון האָלאַנד, אַ פאַשיסטישע פּאַרטיי מיט אַן אויסגעשפּראָכענער אַנטיסעמיטישער פּראָגראַם.

ניט בעסער איז די לאַגע פון די אידן אין ב ע ל ג י ע: אין אַנטווערפּן האָט אַ באַדייטנדער אידישער מיטלקלאַס געלעבט פון דימאַנטן האַנדל. איצט זיינען די געוועזענע גרויסע סוחרים גרויסע קבצנים. דעקלאַסירטע מנחם מענדלס. אַ סך פון זיי פאַרלאָזן אַנטווערפּן. אַנדערע זיינען געוואָרן „פּושקאַרט פעדלער" און קעמפן פאַר זייער עקזיסטענץ מיט די היימישע פעדלער, וועלכע ווענדן אָן מאַכט צו פאַרטרייבן פון די מאַרק־פּלעצער אָט די ניט געווינשטע קאָנקורענטן. אַבלאַוועס ווערן געמאַכט אויף די קליינע אידישע רעסטאָראַנען אין אַנטווערפּן, שאַרלערואַ און בריסל און אַלע אימיגראַנטן אָן שטענדיקע פאַרבלייבוויזעס, ווערן תיכף אַריבערגעשיקט צו דער גרענעץ. דער קריזיס אין בעלגיע האָט אויך צוגעשלאָסן אַ סך קוילן־גריבער וואו אַ היפּשער טייל איינגעוואַנדערטע יונגע אידן פון פּוילן האָט געאַרבעט. איצט ווערן אָט די פּראָלעטאַריזירטע עלעמענטן ווי־

דער דעקלאַסירט — זיי וואַנדערן אויס קיין פראַנקרייך, וואו זיי זיינען אומגעווינשטע געסט און זייער לאַגע איז האָפנונגלאָז. דער איינציקער „ליכטיקער" מאָמענט, וואָס די כל ישראל פּרעסע האָט געמאָלדן פון בעלגיען, איז אַז די דאָרטיקע אידן האָבן זיך דערוואָרבן אַן „אייגענעם" בית עולם. „דער ערשטער אין דער אידישער געשיכטע אין בעלגיע"...

אויך אַ גליק.

---

אין ד י י ט ש ל אַ נ ד, וואו דער קאַפּיטאַליזם האַלט באַם פּאַנאַנדערפאַלן, זוכן די רייכע אידן זיך צו ראַטעווען דורך שטיצן דעם פאַשיזם. דער היטלעריזם איז זייער לעצטע האָפנונג אָפּצוהאַלטן דעם שטראָם פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. נאָר די לאַגע פון די אָרימע אידישע קליינבירגער איז אַ הילפלאָזע. זיי ווערן אַלץ מער דעקלאַסירט און אָנגעוויזן אויף דער צדקה פון זייערע געמיינדעס. בלויז די אידישע געמיינדע פון בערלין האָט לעצטן ווינטער געמוזט באַזאָרגן 3000 קינדער און 500 דערוואַקסענע מיט קליידער זיי זאָלן ניט פאַרפרירן ווערן פון קעלט. צענדליקער טויזנטער אידן אין דייטשלאַנד זיינען היימלאָז און וואַלגערן זיך אַרום אין די צדקה אַנשטאַלטן. די קאָנפערענץ פון די אידישע קהילות האָט צוגעגעבן עפנטלעך, אַז די אידישע לאַגע אין דייטשלאַנד ווערט אַלץ מער ענלעך צו דער לאַגע פון די אידן אין פּוילן. די קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל, דער שטאַט־קאַפּיטאַליזם, די קאָאָפּעראַטיוון, א. ד. גל. זיינען אַן אומגליק פאַר די אידישע קליינבירגער אין דייטשלאַנד. זיי ווערן פון אומעטום אַרויסגעשטויסן און האָבן ניט קיין שום האָפנונג צו ווערן פּראָדוקטיוו אונטער דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג . דער אידישער קליינבירגערטום אין דייטשלאַנד לעבט אויך בסדר אין שרעק פאַר פאַשיסטישע פּאָגראָמען.

אין די סקאַנדינאַווישע לענדער איז די צאָל פון די אידן זייער קליין. נאָר אויך דאָרט איז די לאַגע פונם אידישן מיטקלאַס ניט מער זיכער. צוזאַמען מיטן עקאָנאָמישער קריזיס וואַקסט אויך דער פאַשיזם. דער סקאַנדינאַווישער רייכער קלאַס, ווייס אויך די קונסט אויסצונוצן ראַסנהאַס און שאָוויניזם געגן קלאַסנקאַמף און קאָמוניזם.

די לאַגע פון די אידן אין ע ס ט ר י י ך איז ענלעך ווי אין דייטשלאַנד. דאָס לעצטע יאָר האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַנטיסעמיטישע אָנפאַלן און מיט באַיקאָט באַוועגונגען אין ווין און אין אַנדערע געגנטן פון עסטרייך. דער אידישער מיטלקלאַס ווערט אויך אין עסטרייך אַלץ מער דעקלאַסירט. לעצטן ווינטער איז געווען געמאָלדן אַז צוואַנציק טויזנט געוועזענע אידישע געשעפטסלייט זיינען געוואָרן פעדלער. די עסטרייכישע אידן זיינען אויסגעשלאָסן פון רעגירונג שטעלעס. זיי קענען ניט קריגן קיין שום באַשעפטיקונג בא דער מלוכה. זיי ווערן ניט אָנגענומען פאַר קיין לערער. די קאָאָפּעראַטיווע מעדיצינישע אָרגאַניזאַציע האָט צעשטערט די פּרנסה פון די אידישע דאָקטוירים. אידישע אַדוואָקאַטן פאַרלירן זייער פּראַקטיק. אידישע אינזשענערן קריגן אין ערגעץ ניט קיין אַרבעט. וואָס שאַרפער עס ווערט דער קלאַסנקאַמף, אַלץ מער זוכט דער הערשנדער קלאַס אויפצובלאָזן ראַסנהאַס און אַנטיסעמיטיזם. די אַנאָנסן אין די ווינער צייטונגען, וואָס באַטן אַן שטעלעס, אונטערשטרייכן, אַז אידן זיינען ניט געוואונשן. קורץ, דער אידישער מיטלקלאַס אין עסטרייך, אַזוי ווי אין דייטשלאַנד ווערט אַלץ מער דעקלאַסירט און פאַרקבצנט.

דעקלאַסירטקייט און קבצנות איז אויך דער גורל פון די אידן אין א ו נ ג אַ ר ן. לויט דער ציוניסטישער אַגענטור „איטא" האָבן געבעטן הילף אין 1928־6434 אידן, אין 1929—17572, אין 1930—19,475 אידן. און געוויס איז זייער צאָל פּראָפּאָרציאָנעל געשטיגן אויך אין 1931, כאָטש די „איטא" האָט עס נאָך ניט געמאָלדן. דער מושב זקנים אין בודאַפּעסט וואָס פלעגט אַריינגעמען 100 פּערזאָן, האָט אין 1931 אַריינגעקראָגן אַפּליקאַציעס פון 2380 אידישע זקנים. 80 פּראָצענט פון די וואָס זיינען געשטאָרבן לעצטן יאָר האָבן געמוזט באַגראָבן ווערן אויף קהל'שן חשבון. אַלע אידישע חברות אין אונגאַרן אַרבעטן מיט אַ דעפיציט. 17,000 פון די 26,000 מיטגלידער פון דער באַלעבאַטישער חברה קדישה האָבן ניט געקענט באַצאָלן זייער מיטגליד־שטייער. די רייכע פירער פון די אונגאַרישע אידישע געמיינדעס זוכן איינצוריידן די אידישע מאַסן, אַז שולדיק אין אַלץ איז די רעוואָלוציע. די גבירים און רבנים דערקלערן בסדר זייער לאָיאַליטעט צו דער פאַשיסטישער רעגירונג. זיי האָבן אפילו געפייערט מיט אַ יאָר פריער דעם הונדערטסטן געבורטסטאָג פון קייזער פראַנץ יאָזעף. נאָר ניט געקוקט אויף דער הינטישער לאָיאַליטעט פון די אידישע מאָשקעס צום פאַשיזם קומען פאָר בסדר אַנטיסעמיטישע אָנפאַלן אויף די אידן אין אונגאַרן. די שיסעריי אויף אידן אין בודאַפּעסטער שול דעם לעצטן פסח איז ניט געווען קיין אויסנאַמספאַל. די פאַשיסטישע רעגירונג דיסקרימינירט אַפילו געגן די אידישע מלחמה וועטעראַנען, וואָס האָבן זיך געשלאָגן פאַרן אונגאַרישן „פאָטערלאַנד". עס העלפט ניט געגן אַנטיסעמיטיזם אין אונגאַרן אפילו דאָס שמדן זיך. אונטער דער ווירקונג פונם קריזיס ווערן זיי צו קיין זאַך ניט צוגעלאָזן און 1107 משומדים זיינען צוליב אַזוינע מאָטיוון שוין אין יאָר 1930 געוואָרן בעלי תשובות... וויפל דאָס „פאָלק ישראל" האָט צוריק אַריינגעקראָגן פון אירע „פאַרבלאָנדזשעטע שעפעלעך" אין אונגאַרן אין יאָר 1931 איז נאָך דערווייל ניט באַקאַנט.

דער סך הכל פון דער אידישער לאַגע אין אונגאַרן איז נאָך אַן ערגערער ווי פון דייטשלאַנד און עסטרייך.

---

ר ו מ ע נ י ע האָט זיך אויך אין אירע „גוטע" יאָרן אויסגעצייכנט מיט אירע פּאָגראָמען און פאַרפאָל־ גונגען אויף אידן. איצט, אין צייט פון עקאָנאָמישן קריזיס און פאַרשאַרפטן קלאַסנקאַמף זיינען די רדיפות און נגישות געגן אידן אַ טאָג טעגלעכע דערשיינונג ניט בלויז אין די דערפער און שטעטלעך, נאָר אויך אין די גרויסע שטעט. אפילו אין בוקאַרעסט גופא, אונטער די אויגן פון קעניג קאַרל-אחשורוש, וואָס איז „גוט צו אידן", צוליב זיין אסתר המלכה לופּעסקי, קומען פאָר אַנטיסעמיטישע אָנפאַלן אויף אידן. אַ באַזונדער אויפמערקזאַמקייט פון די אידן העצער קריגן די אידן אין טשערנאָוויץ, נאָר די הויפּט העצעס געגן אידן קו־ מען פאָר אין בעסאַראַביע, אויף דער גרעניץ פונם סאָ־ וועטן פאַרבאַנד. די סאָפּעלקערונג פון בעסאַראַביע זעט ווי עס בויט זיך אויף דער אַנדערער זייט דניעס־ טער דאָס נייע פרייע לעבן. זוכט די רומענישע רע־ גירונג איר צו פאַרבלענדן די אויגן דורך שאָוויניזם און אַנטיסעמיטיזם. זי האַלט אויך די אַרבעטנדיקע באַ־ פעלקערונג אין אַ שטענדיקן טעראָר און באַלוינט אירע שווארצע מאות דורך „הוליאַנקעס" אין די אידישע קוואַרטאַלן. דאָך, ניט קוקנדיק אויף דעם טעראָר פון דער רעגירונג און די כסדר'דיקע פּאָגראָם שטימונג, ווערן די אַרבעטנדיקע אידישע מאַסן אַלץ מער רעוואָ־ לוציאָניזירט. זיי ווייסן, אַז זייער איינציקע לייזונג ליגט אין דעם זיג פון דער אַרבעטער זאַך, אונטער דער קאָמוניסטישער פירערשאַפט. פון דער אַנדערער זייט, שטיצט דער אידישער רייכער קלאַס די שווארצע כחות פון קאַפּיטאַליזם — די זעלבע כחות, וואָס פּאָגראָמירן זייערע אָרימע „ברידער". דער הילפלאָזער אידישער מיטלקלאַס שלעפּט זיך נאָך זיינע פאַשיסטישע פירער, וואָס זוכן אים צו פאַרשיכורן מיט ציוניזם און שאָוויניזם.

אין די באַלקאַנישע לענדער, אויסערהאַלב רומע־ ניע, איז די צאָל אידן ניט באַדייטנדיק. דאָך געפינען זיי זיך דאָרט גענוג, אַז די פאַשיסטישע רעגירונגען זאָלן קענען אָנרייצן אויף זיי די אומצופרידענע, צוריק־ געשטאַנענע מאַסן. ס אָ ל אָ נ י ק ע, די איינציקע שטאָט אין ג ר י כ ל אַ נ ד מיט אַ פּראָלעטאַרישער אידי־ שער באַפעלקערונג ווערט פון דער גריכישער רעגירונג באַהאַנדלט ווי קישינעוו, פון דער רומענישער. די אידישע אַרבעטער ווערן טעראָריזירט, די אידישע קליינבירגער דעקלאַסירט און אין שטענדיקער שרעק פאַר פּאָגראָמען. די גריכישע רעגירונג האָט כלומרשט אָפּגעלייקנט איר איינטייל אין דעם פּאָגראָם אין סאַ־ לאָניקע. נאָר פאַקטיש זיינען די פּאָגראָמשטשיקעס אין סאַלאָניקע פונם זעלבן סאָרט ווי די פּאָגראָמשטשיקעס אין רומעניע און אין אַנדערע לענדער אונטערן יאָך פון פאַשיזם. דאָס זיינען די פאַשיסטישע כחות, וואָס זוכן אָפּצושטעלן דעם קלאַסנקאַמף און דעם אָנקום פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

אַנטיסעמיטישע העצעס און פּאָגראָמען קומען פאָר אויך אין דעם דעמאָקראַטישן „גן עדן" פון ט ש ע־ כ אָ ס ל אָ וו אַ ק י ע — דאָס ליב קינד פונם פראַנ־ צויזישן אימפּעריאַליזם. דער קריזיס, די אַרבעטלאָ־ זיקייט און דער פאַרשאַרפטער קלאַסנקאַמף האָט צע־ שטערט דאָס איינגעפונדעוועטע לעבן פון דעם אידישן מיטלקלאַס אין סלאָוואַקיע, וואָס איז געווען פריער אַ טייל פון אונגאַרן. פּרעסבורג, די פעסטונג פון אַ אָרטאָדאָקסישן אידנטום אין אונגאַרן פון וואַנען איר פרומער רב דער „חתם סופר", האָט אָנגעפירט דעם קאַמף געגן פאַרוועלטלעכן דאָס אידישע לעבן, האָט אין 1931 אָנגעהייבן צו האַלטן אָפּן אידישע קראָמען אום שבת. די ביטערע קאָנקורענץ און די זונטיק־רו געזעצן האָט געצוואונגען די אונגאַרישע אָרטאָדאָקסיע איינ־ צוגיין אויף אַזעלכע פשרות מיט זייער אידישקייט וועל־ כע די רעפאָרמער האָבן אפילו ניט געוואָגט פון זיי צו פאַרלאַנגען. ניט זיכערער איז די עקאָנאָמישע לאַגע פון די אידן אין די אַלטע געמיינדעס פון בעמען און מערן. אפילו אין פּראַג, אונטער דעם אויג פון דער טשעכאָ־ סלאָוואַקישער רעגירונג קומען פאָר אַנטיסעמיטישע אָנפאַלן אויף אידן.

פאַרצווייפלונג און האָפנונגלאָזיקייט הערשן אויך צווישן די אידישע מאַסן אין ליטע, לאַטוויע און די איבעריקע באַלטישע לענדער. אין דער קליינער ליטע געפינען זיך נאָך דערצו 10,000 אידן וואָס זיינען שטאַטלאָז. זיי זיינען ניט קיין ליטווישע בירגער, כאָטש זיי וואוינען דאָרט יאָרנלאַנג. זיי ווערן באַזונדער פאַרפאָלגט. די ליטווישע רעגירונג האָט באַשטימט, אַז אָנהייב יאָר 1932 מוזן אַלע אידישע אַרבעטער, וואָס זיינען ניט קיין דאָרטיקע בירגער פאַרביטן ווערן אויף ליטווישע. אין קאָוונע, די קליינע הויפּטשטאָט פון ליטע, האָבן זיך לעצטן ערב פסח געווענדעט 4,000 אידן נאָך שטיצע. די פאַשיסטישע רעגירונג שטייט פאַר העברייאיש און „אידישקייט". זי שטיצט די העב־ רייאישע גימנאַזיע און די מיטלאַלטערלעכע אידישע תלמוד־ תורות. נאָר גלייכצייטיק, פאַרפאָלגט זי די אידישע שפּראַך, אין שול און אין לעבן, שריפטלעך און מינדלעך. נאָר דער עיקר איז, וואָס די אידישע מאַסע האָט דאָרט ניט קיין עקזיסטענץ מעגלעכקייט. עס איז דערפאַר קיין וואונדער ניט, וואָס די גאַנצע ציוניס־ טישע אַגיטאַציע און אַלע העצעס געגן סאָוועטן פאַר־ באַנד און דער שרעק פאַרפאָלגט צו ווערן אַלס „באָל־ שעוויקעס", קאָנען ניט שטערן די כסדרדיקע עמיגראַ־ ציע קיין בירא בידזשאַן. די קלאַסנבאַוואוסטע אַרבע־ טער גרופּירן זיך נאַטירלעך אַרום דער אונטערערדישער

קאָמוניסטישער פּאַרטיי. נאָר אַפילו די צוריקגעשטאַנענע אידישע אַרבעטער מאַסן קוקן אויפן סאָוועטן פאַרבאַנד אַלס זייער איינציקע האָפנונג. דער עקאָנאָמישער קריזיס האָט אויך אונטערגעגראָבן די עקזיסטענץ פון די אידן אין לאַטוויע. אויך דאָרט ווערן זיי רעקלאַסירט און באָדנלאָז. די רעגירונג־מאָנאָפּאָלן צעשטערן אַלע פּרנסות פונם אידישן מיטלקלאַס. די רעגירונג דיסקרימינירט אויך געגן אידן דירעקט. זי גיט זיי ניט קיין רעגירונג שטעלעס און נעמט זיי ניט צו דער אַרבעט אין אירע אונטערנעמונגען. לעצטן ווינטער האָט זיך אין לאַטוויע געגרינדעט אַן אָפענע פאַשיסטישע פּאַרטיי מיט דער זעלבער פּראָגראַם פון די היטלעריסטן אין דייטשלאַנד. אַנטיסעמיטיזם און פאַשיזם פאַרפאָלגן אויך די אידן אין די באַלטישע לענדער מיט קלענערע אידישע באַפעלקערונגען. נאָר באַזונדער לאָזט זיך פילן די האָפנונגלאָזע לאַגע פון די אידישע מאַסן אין אייראָפּע אין פּוילן, וואו זיי געפינען זיך אין קאָמפּאַקטע מאַסן.

---

אין פּ ו י ל ן זיינען שוין אין יאַנואַר 1931, לויט די אָפיציעלע ציפערן פון דער פּוילישער רעגירונג, געווען 325,900 אַרבעטלאָזע אידן. נאָר לויט אידישע רעכענונגען זיינען געווען אַרבעטלאָזע אַ גאַנצער מיליאָן. דאָס הייסט, אַ דריטל פון דער אידישער באַפעלקערונג אין פּוילן. אין לאָדז האָבן זיך אין יאַנואַר 1931 רעגיסטרירט 40,000 אידישע אַרבעטלאָזע. נאָר באמת זיינען געווען אַ סך מער. 15,000 פון די 40,000 אידישע פאַמיליעס אין לאָדז האָבן זיך געווענדט צו די צדקה אַנשטאַלטן. אין וואַרשע האָבן 5000 פאַמיליעס לעצטן ווינטער זיך געווענדט נאָך אומזיסטע קוילן. 80,000 אידן האָבן זיך געווענדט ערב פּסח נאָך שטיצע אין וואַרשע. 3000 אָרטאָדאָקסישע פאַמיליעס אין וואַרשע האָבן געמוזט „פייערן" זייער פּסח אָן מצה. כאָטש קיין „בייזע יעווסעקן" האָבן זיי אין דעם ניט געשטערט. אין ווילנע, ווי אויך אין לאָדז און אין וואַרשע האָבן די ברייטע אידישע מאַסן געליטן אין 1931 הונגער און קעלט. און עס איז ניטאָ קיין שום האָפנונג, אַז זייער לאַגע זאָל זיך פאַרבעסערן אין דעם נייעם יאָר. צענדליקער טויזנטער אידישע קינדער זיינען פאַרקריפּלט געוואָרן אויפן גאַנצן לעבן צוליב מאַנגל אין שפּייז, וואַרימע קליידער און פרישע לופט. און אין דער זעלבער צייט, וואָס די קראַנקהייטן פאַרמערן זיך צווישן די אָרימע אידישע מאַסן אין פּוילן, ווערן אידישע שפּיטאָלן געשלאָסן. אין פּוילן האָבן 48 אידישע שפּיטאָלן געמאָלדן, אַז זיי האַלטן באַם אונטערגאַנג. די פּוילישע רעגירונג ווענדט אויך אָן אַלע מיטלען צו באַרויבן די אידישע מאַסן פון דעם ביסל פּרנסות וואָס זיי האָבן נאָך. אין געוועזענעם רוסיש־פּוילן גילטן נאָך די אויסנאַם געזעצן געגן אידן פון דער אַמאָליקער צאַרישער רעגירונג. וואָס ערגער עס ווערט דער קריזיס אינם לאַנד, וואָס אָרימער עס ווערט דער פּוילישער פּויער און וואָס ברוטאַלער דער פּוילישער אַרבעטער, אַלץ שטאַרקער דריקט די פּוילישע רעגירונג די אידישע מאַסן, זי טוט עס, כדי צו באַווייזן דעם צוריקגעשטאַנענעם פּוילישן אַרבעטער און פּויער אַז זי טוט וואָס פאַר אים. זי זוכט דערמיט צו שאַפן די איליוזיע באַ די פּוילישע אַרבעטער און פּויערים, אַז זייער ווירקלעכער שונא איז דער איד, וועמען זייער רעגירונג זוכט דערפאַר צו האַלטן אין צאַם. די אידן פאַרפאָלגונגען פון דער פּוילישער רעגירונג, ווי איר פאַשיזם בכלל, דערמוטיקט אַזוינע בלוטיקע אָנפאַלן אויף אידן, ווי דער פּאָגראָם אין ווילנע, וואָס האָט געהאַט אַזויפיל ענלעכקייט צו דעם, וואָס די צאַרישע רעגירונג האָט דורכגעפירט מיט קנאַפּע דריי צענדליק יאָר צוריק אין קישינעוו, בעסעראַביע. אין ווילנע ווערן נאָך די געשלאָגענע אידן אָנגעקלאָגט אין אַטאַקירן פאַשיסטישע פּאָגראָמשטשיקעס.

דער איינציקער ליכטיקער שטראַל אינם אידישן לעבן אין פּוילן איז די קלאַסנבאַוואוסטע אידישע אַרבעטערשאַפט. זי האָט זיך באַפרייט פון דעם איינפלוס פון די נאַציאָנאַל און סאָציאַל פאַשיסטן, פון דעם ציוניזם און פונם „בונד" און פון אַלע אַנדערע אַרבעטער פאַרפירער. זי קעמפט מוטיק אין די קאָמוניסטישע רייען און שרעקט זיך ניט אָפּ צוריק פאַר קיינע פאַרפאָלגונגען פון דער זייט פון די פאַשיסטישע הערשער. פון די אומגעפער 10,000 אַרעסטירטע פאַר קאָמוניזם אין פּוילן, אינם יאָר 1931, זיינען אַ היבשע צאָל געווען אידישע אַרבעטער. די רעוואָלוציאָנערע אידישע אַרבעטער אין פּוילן צייכנען זיך אויס מיט זייער אויסערגעוויינלעכן העראָאיזם און מאַרטירערטום. זיי ליידן די שווידערלעכסטע פייניקונגען פון דער פּאָליצייאישער פּוילישער אינקוויזיציע, וואָס שטייגט ווייט אַריבער מיט איר גרויזאַמקייט די קאַטוילישע אינקוויזיציע פון מיטלאַלטער. דאָך איז זייער מוט ניט געבראָכן און ווען ס'געלינגט זיי נאָר זיך אַרויסצורייסן לעבעדיקע פון די פּאָליצייאישע נעגל זיינען די רעוואָלוציאָנערע אידישע אַרבעטער גרייט אויפצונעמען זייער קאַמף פון דאָס ניי.

---

די האָפנונגלאָזיקייט פון דער לאַגע פון די ברייטע אידישע מאַסן אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער פון אייראָפּע זיינען אַ קנאַפּע טרייסט פאַרן ציוניזם, וואָס נערט זיך פון גזירות און פּאָגראָמען. דער ציוניזם פלעגט אַמאָל צעטיילן די וועלט אין צוויי טיילן: גלות און ארץ ישראל. אומעטום וואו אידן וואוינען איז ג ל ו ת און אונטערגאַנג. זייער איינציקע האָפנונג איז זיך אומקערן אינם „לאַנד פון די אבות" — אין

פּאַלעסטינע. נאָר זינט די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע און די עטאַבלירונג פונם סאָוועטן פאַרבאַנד, ווערט וואָס ווייטער קלערער, אַפילו פאַר די צוריקגעשטאַנענע אידישע מאַסן, אַז די צעטיילונג איז ניט צווישן גלות און ארץ ישראל, נאָר צווישן קאַפּיטאַליזם און קאָמוניזם. דער אידישער מיטלקלאַס, און ניט בלויז דער אידישער, אויך די פּאַראַזיטישע קלאַסן פון אַלע אַנדערע פעלקער, זיינען פאַראורטיילט צום אונטערגאַנג וואו זיי זאָלן ניט וואוינען. די סאָציאַלע רעוואָלוציע וועט זיי סוף כל סוף ניט אויסלאָזן, אַפילו אין די מעכטיקסטע פעסטונגען פון קאַפּיטאַליזם. די אַראַבישע טעריטאָריע פּאַלעסטינע, וואָס געפינט זיך איצט אין די נעגל פונם ענגלישן אימפּעריאַליזם, איז ניט וויניקער גלות פאַר די אָרימע אידן וואָס וואוינען דאָרט ווי ליטע, לאַטוויע, א. ד. גל. קליינע פאַשיסטישע מלוכה'לעך. די לאַגע פון די אידן איז דאָרטן נאָך געפערלעכער צוליב דעם אידישן פאַשיזם, די ציוניסטישע באַוועגונג, וואָס שטעלט די פּאַלעסטינער אידן (און אויך דעם נאָמען „אידישן פאָלק") אינם דינסט פון ענגלישן אימפּעריאַליזם, אונטערצודריקן די אַראַבישע אַרבעטער און פּויערים. גלייכצייטיק מוזן די ציוניסטן צונעבן, אַז אַפילו אין דעם פאַל, ווען דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם זאָל שוין געלינגען צו פאַרשקלאַפן דעם אַראַבישן פאָלק איז ניטאָ קיין מעגלעכקייט אין פּאַלעסטינע פאַר די אַרבעטלאָזע און דעקלאַסירטע אידן אַפילו בלויז פון פּוילן אַליין.

די האָפנונג פון די אידישע מאַסן ליגט ניט אין דעם לאַנד, אָדער אין יענעם לאַנד, אַזוי לאַנג ווי זיי געפינען זיך אונטער דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג. זינט נאָוועמבער 1917, איז די וועלט אריין אין דער עפּאָכע פון סאָציאַלער רעוואָלוציע. די קאַפּיטאַליסטישע אָרדנונג קען זיך איצט בלויז האַלטן אויף באַיאָנעטן, דורך נאַציאָנאַל פאַשיסטישן טעראָר, דורך סאָציאַל פאַשיסטישער דעמאַגאָגיע. אַזאַ צושטאַנד קען אָבער לאַנג ניט אָנהאַלטן. די קאָנקורענץ צווישן די פאַרשידענע אימפּעריאַליסטישע שטאַטן און די ווידערשפּרוכן צווישן די קאַפּיטאַליסטישע אינטערעסן אינווייניק אין יעדן לאַנד, מוז אַלץ פאַרטיפן דעם פּאָליטיש עקאָנאָמישן קריזיס און פאַרשאַרפן דעם קלאַסנקאַמף. קיין לאַנד איז ניט מער זיכער פאַר דעם קלאַס וואָס לעבט פון פרעמדער אַרבעט. און יעדעס לאַנד קאָן ווערן אַן ערדישער גן עדן ווען דער קאַפּיטאַליזם וועט דאָרט אָפּגעשאַפט ווערן און אויף זיין אָרט זאָל [illegible] די [illegible] געזעלשאַפט

דער סאָוועטן פאַרבאַנד איז דערפאַר דער פאָטערלאַנד פון די אַרבעטער פון אַלע פעלקער און ראַסן. ער איז אויך דאָס „ארץ ישראל" פון וועלכן עס האָבן געחלומט די אמאָליקע אָרימע אידישע מאַסן און געהאָפט אַז ער וועט סוף כל סוף זיך פאַרשפּרייטן „איבער אַלע לענדער פון דער וועלט". שוין איצט איז אָט דאָס פּראָלעטאַרישע פאָטערלאַנד, וואָס פאַרנעמט אַ זעקסטל פון דער ערד די גליקלעכע היים פון איבער אַ זעקסטל פונם אידישן פאָלק. דאָרט, אינם סאָוועטן פאַרבאַנד ווייסט מען ניט פון קיין עקאָנאָמישן קריזיס און אַרבעטלאָזיקייט און פון זיינע באַגלייטער, העצעס און פּאָגראָמען אויף אידן. דאָרט אינם סאָוועטן־פאַרבאַנד זיינען אידן גלייכע מענטשן מיט אַלע איבריקע איינוואוינער. זיי האָבן די זעלבע מעגלעכקייט עקאָנאָמיש, פּאָליטיש און סאָציאַל. זייער שפּראַך — אידיש — האָט די זעלבע רעכט ווי די שפּראַך פון דער מערהייט. זיי האָבן זייערע אייגענע מלוכה שולן, געריכט הייזער און רעגירונג אַנשטאַלטן. דאָס פּראָלעטאַרישע פאָטערלאַנד זאָרגט אויך דערפאַר, אַז די דעקלאַסירטע עלעמענטן זאָלן איבערגיין צו פּראָדוקטיווער אַרבעט און ווערן נוצלעכע מענטשן אין פאַבריק, אין די מינען, אָדער אויף די פעלדער. דערביי זאָרגט זי אויך אַז די אַרבעטנדיקע אידישע מאַסן זאָלן ניט צעשטויבט ווערן אין קליינע הייפלעך, וואָס קענען ניט גענוג באַזאָרגט ווערן מיט זייערע קולטורעלע באַדערפעניש אויף זייער אייגענער מוטער שפּראַך. דער סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט דערפאַר אויסגעטיילט פאַר די אידישע מאַסן אַ גרויס שטיק לאַנד — ביראָ־בידזשאַן — גענוג פאַר מיליאָנען, וואו ער זאָל זיי קענען באַזאָרגען מיט אַלע זייערע קולטורעלע באַדערפעניש און וואו זיי זאָלן קענען אָנפירן די אינטערנאַציאָנאַלע פּראָלעטאַרישע קולטור אין זייער אייגענער נאַציאָנאַלער פאָרם, אַזוי ניט ווי אַלע אַנדערע פעלקער.

צוויי וועלטן. דאָס יאָר 1931 אין דער קאַפּיטאַליסטישער אייראָפּע—האָפנונגסלאָזיקייט און אונטערגאַנג. אינם סאָוועטן פאַרבאַנד פּלאַנמעסיקער בוי פון אַ נייער וועלט; גרויסע האָפנונגען און ווייטע אויסזיכטן פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. קיין וואונדער, אַז אַלע געזונטע עלעמענטן אינם אידישן פאָלק ווענדן זייערע אויגן צו דעם פּראָלעטאַריש פאָטערלאַנד. זיי ווייסן, אַז אין זיינע פאַבריקן און מינען, און אויף זיינע גרויסע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלעקטיוון, ווערט געבויט דאָס נייע לעבן אויך פאַר זיי, זייערע קינדער און קינדס קינדער. זיי ווייסן, אַז אויף די פעלדער פון בירא בידזשאַן ווערט געלייגט דער פונדאַמענט פון אַ נייעם פרייען לעבן פאַר די אַרבעטנדיקע אידישע מאַסן פון אַלע לענדער.

לעאָן טאַלמי

# ביראָ-בידזשאַן 1931-1928

עס איז נאָך קיין פיר יאָר נישטאָ, ווי דאָס וואָרט „ביראָ־בידזשאַן" האָט זיך אַריינגעריסען אין דער עפנטלעכקייט. און היינט, שוין אַ שטיק ווירקלעכקייט, אַ שטיק ווירקנדיק לעבן, און די ווירקונג גרייכט שוין ווייט אַריבער די גרעניצן פון ביראָ־בידזשאַן גופא, ווייט אַריבער די גרעניצן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד אַפילו, שפּאַרט אָן אומעטום, וואו עס וואוינען אין מאַסן אידישע אַרבעטער, אידישע האָרעפּאַשניקעס.

מיט פיר יאָר צוריק — אַן אומבאַקאַנטער געאָגראַפישער פונקט, אַ מטושטשער באַגריף — ווייטקייט, אומפריינטלעכקייט, טאַיגע, ווילדע חיות, „גנוס"־קעלטען, רעגנס, דאָס איז געווען די מער־ווייניק אָנגענומענע פאָרשטעלונג וועגן ביראָ־בידזשאַן ביים אָנהויב. היינט — אַ לאַנד; אַ לאַנד מיט פאַנאַנדערגעוויקעלטע מעגלעכקייטן, אַן אָנזאָג פון אַ ניי יונג לעבן; ערשטע, אָבער שוין פאַרוואָרצעלטע שפּראָצן פון אַ זיך פאַנאַנדערוואַקסנדיקער סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט; אָנהייבן פון קולטורעלער בויאונג, אַ פונדאַמענט שוין אַ פאַרלייגטער פאַר דער אידישער אויטאָנאָמער סאָציאַליסטישער סאָוועט־רעפּובליק, וואָס זאָל פאַרווירקלעכט ווערן אין די גאָר נאָענטע יאָרן, — אַ לעבעדיקער און ווירקנדיקער אויסדרוק פון דער סאָוועטישער נאַציאָנאַלער פאַליטיק אין איר אָנווענדונג צו די אידישע מאַסן.

ביראָ־בידזשאַן האָט זיך אַריינגעריסן אין דער אידישער סביבה מיט שטורעם, — אַ שטורעם, וואָס האָט אויפגעהויבן אַ כוואַליע פון הייסע ליידנשאַפטן, די גאַנצע אידישע באַלעבאַטישע וועלט האָט אין ביראָ־בידזשאַן דערזען אַ דירעקטע געפאַר פאַר אַלע אירע איינגעוואָרצלטע פאראורטיילן בנוגע דעם לעבן און דעם גורל פון די אידישע מאַסן, אַ געפאַר פאַר די כל'ערליי אָנגענומענע באַגריפן און „לייזונגען" פון דער פיל־עקספּלואַטירטער „אידן־פראַגע". ווייל ביראָ־בידזשאַן איז דאָס קלאָרע און פאַרשטענדלעכע וואָרט פונ'ם סאָוועטישן לאַנד צו די אידישע מאַסן: נישטאָ קיין אידן־פראַגע ערגיץ אויסער די פּראָבלעמען, וואָס שטאַמען פון די ווידערשפּרוכן פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט און ניטשאָ קיין לייזונג פון דער פראַגע אויסער די באַדינגונגען פון פּראָלעטאַרישער הערשאַפט און סאָציאַליסטישער בויאונג. אָט־דאָס וואָרט, דערדאָזיקער אָנזאָג דרינגט אַלץ שטאַרקער אַריין אינ'ם באַוואוסטזיין פון די אידישע מאַסן.

די אידישע באַלעבאַטישע וועלט האָט באַגעגנט די ערשטע אָנהייבן אין ביראָ־בידזשאַן מיט בטול און חוזק. און וואו דאָס האָט נישט געהאָלפן, האָט מען אָנגעווענדעט די אויסגעפּרואוווטע מעטאָדן פון ליגנס, רכילות, מיסרעפּרעזענטאַציעס. פאַר דער הייליקער אויפגאַבע אַרונטערצורייסן די אַרבעט פאַר ביראָ־בידזשאַן האָט די באַלעבאַטישע פּרעסע נישט געקאַרגט מיט אָט־דעם געווער און האָט גענומען צו הילף די „וויסנשאַפט" אין דער פּערזאָן פון פאַרשידענע פּראָפעסאָרן, ווי קראָל, ברוצקוס, און אַנדערע.

גראָד האָט נאָך געטראָפן, אַז אַ גאַנצע ריי סיבות האָט צוגעשפּילט די שונאים פון דער ביראָ־בידזשאַנער קאָלאָניזאַציע. די ניט־גענויקייט און ניט־גאַנצקייט פונ'ם באַריכט פון דער ערשטער אויספאָרשונג־עקספּעדיציע; די אייליקייט מיט וועלכער עס האָט זיך אָנגעהויבן די קאָלאָניזאַציע־אַרבעט; דער אומנאָרמאַל־שווערער זומער, וואָס האָט באַגעגנט די ערשטע אידישע איבערוואַנדערער אין 1928 יאָר; די טעות'ן וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרן באַ די ערשטע אָנהייבן פון דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין ביראָ־בידזשאַן. דער פונדאַמענטאַלער טעות איז געווען, וואָס מען איז צו דער קאָלאָניזאַציע אין ביראָ־בידזשאַן צוגעטראָטן, ווי צו אַ דורכאויס לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע, דערצו נאָך אַזאַ לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניזאַציע, וואָס איז געבויט דער עיקר אויף דער איינצעלנער פּויערשער ווירטשאַפט, אָדער אין בעסטן פאַל, אויף קליינינקע קאָלעקטיוון.

מ'דאַרף געדיינקען, אַז 1928 איז געווען ערשט דער סאַמע אָנהויב פון קאָלעקטיוויזאַציע, די גרויסע כוואַליע פון קאָלעקטיוועזאַציע איז געקומען ערשט אין סוף 1929 יאָר. אין 1928 יאָר האָט די קאָלאָניזאַציע אין ביראָ־בידזשאַן זיך אָנגעהויבן מיט בערך דערזעלבער אָריענטאַציע אין די זעלבע מעטאָדן, וואָס זיינען געווען אָנגעווענדט אין די פרירדיגע יאָרן צו דער אידישער ערד־איינאָרדענונג אין קרים און דרום־אוקראַינע.

דערפון האָבן זיך גענומען די חסרונות, וואָס האָבן פיל פאַרשוועריגט די אַרבעט אין ביראָבידזשאַן אין די ערשטע צוויי יאָר און וואָס האָבן געגעבן איבעריקע געלעגנהייטן די שונאים באַצייטנס שוין צו טריאומפירן איבער דעם „דורכפאַל פון ביראָ־בידזשאַנער פּראָיעקט". די שונאים פון דער אַרבעט האָבן אָבער אַ היבש ביסל זיך צוגעאיילט מיט זייער טריאומפירן, אין סאָוועטן־פאַרבאַנד גייען דערפאַרונגען נישט פאַרלאָרן, פון דערפאַרונג לערנט מען, טעות'ן באַהאַלט מען נישט, דורך זעלבסקריטיק ווערן זיי באַזייטיגט. די אויסגעהאַלטענע

ליניע אויף סאָציאַליסטישער בויאונג ברייננט שוין אריין די נויטיגע קאָרעקטיוון.

דאָס איז געשען אויך אין בירא־בידזשאַן.

די אָריענטאַציע אויף בלויז לאַנדווירטשאַפט־לעכער קאָלאָניזאַציע האָט זיך אָבגערופן אויף דער ארבעט שוין פון דער ערשטער עקספּעדיציע פון „קאָמערד" וואָס האָט אונטערזוכט די געגנט נאָך אין 1927 יאָר. די עקספּעדיציע האָט אין איר אויספאָרש־ארבעט, איינגאַנצן ארויסגעלאָזט פון אויג, אז אין בירא־בידזשאַן קאָן זיך עס נישט האַנדלען, בלויז וועגן סתם ערד־פאַנדן פאַר ערד־איינאָרדנונג. זי האָט ארויסגעלאָזט פון אויג, אז עס האַנדלט זיך וועגן א גאַנץ לאַנד, וואו עס דאַרף זיך בויען א פולשטענדיג נייַ און אַלזייַטיג לעבן. די עקספּעדיציע האָט דערפאַר זייער ווייניק אכט געלייגט אויף די אינדוסטריעלע מעגלעכקייטן פון בירא־בידזשאַן. זי האָט פאַרזען די פּראָבלעמען, וואָס זיינען פאַרבונדען מיט דער אויפגאַבע צו באַשאַפן א נייעם עקאָנאָמישן אָרגאַניזם כמעט אויף א ליידיגן אָרט.. זי האָט ארויסגעלאָזט פון חשבון די עקאָנאָמישע און געאָגראַפישע לאַגע פון בירא־בידזשאַן אין שייכות צום גאַנצן סאָוועטישן ווייטן מזרח. ועל כולם—זי האָט נישט געשפּירט דעם אָנקומענדיגן ראַשינן טעמפּ פון סאָציאַליסטישן איבערבוי.

דער אויף־גיך געשאַפענער קאָלאָניזיר אַפּאַראַט אין בירא־בידזשאַן איז צוגעטראָטן צו דער ארבעט פון איינאָרדענען די ערשטע איבערוואַנדערער מיט בערך דערזעלביגער אָריענטאַציע, און באַזירט האָט ער זיך אויף די מאַטעריאַלן פון דער ערשטער עקספּעדיציע — די איינציגע מאַטעריאַלן, וואָס זיינען דעמאָלט געווען אונטער דער האַנט. די ארבעט האָט זיך אָנגעהויבן אָן א פריערדיגער געהעריגער צוגרייטונג, אָן א קלאָר - אָנגעמערקטער פּראָגראַם, וואָס זאָל אריינגעמען אין חשבון די ברייטערע פּערספּעקטיוון פון דער קאָלאָניזאַציע. פאַרלאָזנדיק זיך איינגאַנצן אויף דער דערפאַרונג פון אוקראַינע און קרים, האָט מען כמעט ניט גענומען אין אכט די באַזונדערקייטן פון בירא־בידזשאַן, וואָס האָבן געפאָדערט א גאָר אַנדערן צוגאַנג צו די פּראָבלעמען פון דער ערד־איינאָרדענונג: די קלימאַטישע און באָדן־באַדינגונגען, דעם פאַקט, וואָס אין גרויסן און גאַנצן איז בירא־בידזשאַן נאָך געווען א רוי שטיק לאַנד מיט א שיטערער באַפעלקערונג בלויז ביים אַמור און בא דער לענג פון דער אייזנבאַן־ליניע, די ווייטקייט פון די אויסוואַנדערונג־ערטער און פון די גרעסערע צענטערן.

צו דעם אַלעם זיינען נאָך צוגעקומען די אומגעריכטע שווערינקייטן פון אן אומנאָרמאַלן זומער. דאָס ערגסטע, וואָס מען האָט געקענט אויסטראַכטן אויף בירא־בידזשאַן, האָט געטראָפן גראָד אין דעם זומער 1928, ווען עס האָבן זיך דאָרט באַוויזן די ערשטע אידישע איבערוואַנדערער. זיי האָבן געפונען אן איבערפלוס פון רעגן, אן איבערפלוס פון גנוס, א פאַרפלייצונג, א מגפה אויף פערד און בהמות. די אָנגעמערקטע ישובים זיינען געווען ווייט צעוואָרפן איינער פון דעם אַנדערן. קיין געביידעס, וואו צו באַזעצן די ערשטע איבערוואַנדערער, זיינען פון פריער ניט געווען אָנגעגרייט. דער ערשטער ישוב איז אָרגאַניזירט געוואָרע אויפן בירער פּראַוואָ־פעלד, 60 קילאָמעטער פון דער נאָענטסטער באַן־סטאַנציע, בלויז דערפאַר, וואָס דאָרט האָבן זיך געפונען א פאָר פרייע הייזער. דאָס שטיקל וועג, וואָס האָט דאָרט עקזיסטירט פון אַמאָל, איז געווען נישט דורכצוגיין. באַזעצן זיך אויף דעם ישוב האָט געהייסן צו ווערן אָפּגעריסן פון דער דרויסנדיגער וועלט אויף טעג און וואָכן.

ביי אַט־די באַדינגונגען קומט אויס זיך צו וואונדערן נישט איבער דעם, וואָס א העלפט פון די ערשטע 654 איינוואַנדערער זיינען זיך צעלאָפן, נאָר איבער דעם, וואָס א העלפט איז געבליבן אין בירא־בידזשאַן.

עס האָט זיך געפאָדערט א סך מוט און אַנטשלאָסענקייט צו נעמען זיך צו דער ארבעט, שלעפן קלעצער, בויען הייזער, אויפאַקערן די דורכגעווייקטע ערד, אריינפלאַנצן זיך אין דער ווילדער טאַיגע — אין פּנים פון אַט־די אַלע שווערינקייטן.

פון אויבנאויף באַטראַכט איז עס טאַקע געווען א וואונדער — דער פאַקט, וואָס די איבער 300 איינוואַנדערער זיינען געבליבן און זיך גענומען צו דער ארבעט. אָבער אין די באַדינגונגען פון דער סאָוועטישער ווירקלעכקייט איז קיינעם גאָרנישט איינגעפאַלן צו טראַכטן, אז עס איז דאָ עפּעס א וואונדער געשען. ריכטיגער — אין די באַדינגונגען פון דער סאָוועטישער ווירקלעכקייט איז דאָס געווען זייער א נאַטירלעכע און זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך.

די איבערגעבליבענע איבערוואַנדערער האָבן מיט זיך שוין פון די שטעט און שטעטלעך פון ווייטן מערב פון סאָוועטן־פאַרבאַנד מיטגעבראַכט א נייעם באַוואוסטזיין, אן אויסגעשמידטן אין איבער צען נאָך־אָקטאָבערישע יאָרן — פון רעוואָלוציע, דורך בירגערקריג, צו ווירטשאַפטלעכן אויפבוי און צו דער בויאונג פון סאָציאַליזם. זיי זיינען געקומען שוין אין דער אָדער יענער מאָס אָנגעלאָדענע מיט דער אַנטשלאָסנקייט, וואָס שטעלט זיך נישט אָפּ פאַר קיין שווערינקייטן, מיט דעם אימפּעט פון בויען און שאַפן, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן סאָוועטן־פאַרבאַנד. די איבערגעוואַנדערטע יוגנט, וואָס האָט דורכגעקעמפּט דעם זומער 1928, — זי איז שוין געווען אָנגעזאַפּט מיט באַלשעוויסטישער פעסטקייט. די עלטערע האָבן אין די אַלטע שטעטלעך איבערגעלאָזט א פאַרגאַנגענהייט, פון וועלכער זיי האָבן געזוכט אן אויסוועג, און

דאָ, אין ביראָ־בידזשאַן, האָבן זיי פאַר זיך געזען די רעאַלע מעגלעכקייט צו בויען זיך אַ זיכערע צוקונפט.

און — די הויפט־זאַך — דער עצם פון דעם, וואָס האָט נאָך דעמאָלט ביי פיל געהייסן „דער ביראָ־בידזשאַנער פּראָיעקט", איז געווען אַ געזונטער. די ערשטע איבערוואַנדערער — די איבערגעבליבענע — האָבן הינטער דער שאָלעכץ פון די שוועריקייטן — סיי דערוואַרטע, סיי אומגעריכטע און צופעליגע — געשפּירט דעם געזונטן קערן.

זיי האָבן אין ביראָ־בידזשאַן געפונען אַ גרויסע רחבות. לאַנד — אומענדלעכע שטרעקעס רייכער, זאַפטיגער, פרוכטבאַרער באָדן. וועלדער מיט אַ שפע פון הויך־סאָרטיגן געהילץ. טייכן אָנגעפילט מיט פיש. בערג, וואָס טראָגן אָקעגן זייערע אוצרות מינעראַלן און מעטאַלן. אַ געזונטער, זיכערער פונדאַמענט פאַר אַ נײַ לעבן צו בויען.

און געקומען אַהער זיינען זיי נישט ווי די איבערוואַנדערער פון די אַמאָליגע פאַר־רעוואָלוציאָנערע צייטן, וואָס זיינען פאַרוואָרפן געוואָרן אין דער ווילדערניש אַליין מיט דער האַרטער, אומגעצוימטער נאַטור, אָפּגעריסן פון דער וועלט, איבערגעלאָזט צו זייער אייגענעם גורל. די אידישע איבערוואַנדערער אין ביראָ־בידזשאַן האָבן פון סאַמע אָנהויב געוואוסט, אַז אין זייער אַרבעט האָבן זיי הינטער זיך די סאָוועטישע מלוכה, אַז זיי האָבן די הילף פון דער סאָוועטישער געזעלשאַפטלעכקייט און די וואַרימע אויפמערקזאַמקייט פון דער פּראָלעטאַרישער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין אַלע לענדער. זיי האָבן געזען פאַר זיך די אַקטיווע פאַראינטערעסירטקייט פון דער סאָוועטישער מלוכה. זיי האָבן אויך געזען די ממשות'דיגע מיטאַרבעט פון די אידישע אַרבעטנדיקע מאַסן פון אויסלאַנד, וואָס איז שוין אין דעם זומער 1928טן יאָר אָנגעקומען אין דער פאָרם פון טראַקטאָרס, אויטאָמאָבילן, טראָקס און אַנדערע מאַשינען, געשיקט פון איקאָר אין אַמעריקע. זיי האָבן זיך פון סאַמע אָנהויב געפילט ווי אַ טייל פון אַ גרויסן בויאונג־פּראָצעס.

די איבער דריי הונדערט איבערוואַנדערער, וואָס זיינען געבליבן נאָך דעם זומער 1928, — די ערשטע פּיאָנערן פון דעם קומענדיגן סאָציאַליסטישן אידישן ביראָ־בידזשאַן — זיינען פאַקטיש געווען אויך יענע אויספאָרש־עקספּעדיציע, וואָס האָט שוין ניט איבערגעלאָזט קיין ספיקות בנוגע די מעגלעכקייטן פון ביראָ־בידזשאַן. זייער דערפאַרונג האָט אויך אַ סך בייגעטראָגן צו דערלערנען די מעטאָדן פון דער אַרבעט אין ביראָ־בידזשאַן.

די ווייטערדיגע אַנטוויקלונג פון דער קאָלאָניזאַציע אין ביראָ־בידזשאַן איז געגאַנגען כמעט מיט אָטעם־פאַרכאַפּנדיגער געשווינדקייט. די פעלערן און די טעות'ן זיינען נאָך ווייט ניט אויסגעלעכט און באַזייטיגט געוואָרן. אָבער יעדעס יאָר האָט געבראַכט די אַרבעט ריזן־שריט פאָראויס.

שוין אין סוף זומער 1928 איז געגרינדעט דער ערשטער אידישער סאָוועט אין ביראָפעלד. עס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן די ערשטע קאָאָפּעראַטיווע און קרעדיט־אַנשטאַלטן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די ערשטע שפּראָצן פון קולטורעלער טעטיגקייט.

צום סוף פון יאָר 1929 האָט די אידישע באַפעלקערונג פון ביראָ־בידזשאַן באַטראָפן איבער 1200. עס האָבן שוין עקזיסטירט דריי אידישע סאָוועטן — ביראָפעלד, וואַלדהיים און אַמוריזעט — חוץ דער קאָמונע „איקאָר".

1930 איז די אידישע באַפעלקערונג אויסגעוואַקסען אויף איבער 3000. עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע אָנהויבן פון אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג—קוסטאַר־קאָאָפּעראַטיוון, אַ ריי פאַבריקן (מעבל־פאַבריק, קאַלך־פאַבריק און אַנדערע). ביראָ־בידזשאַן איז אויסגעטיילט געוואָרן אין אַ באַזונדער ראַיאָן. עס האָט אָנגעהויבן דערשיינען אַן אָרטיגע ביראָבידזשאַנער פּרעסע — דער „ביראָ־בידזשאַנער שטערן" אין אידיש און „ביראָ־בידזשאַנסקאַיאַ זוועזדאַ" אין רוסיש. עס האָט זיך פאַנאַנדערגעוויקלט דער פּראָצעס פון קאָלעקטיוויזאַציע. עס האָבן זיך באַפעסטיגט די ס אָ צ י אַ ל י ס ט י ש ע מעטאָדן פון קאָלאָניזאַציע, וואָס דאָס האָט געגעבן אַ מעכטיגן שטויס פאָראויס דער גאַנצער אַרבעט אין ביראָ־בידזשאַן.

1931 פאַרצייכנט אַ ווייטערדיגן שטאַרקן וואוקס אין דער ריכטונג, וואָס האָט זיך שוין אָנגעמערקט. צו דערזעלבער צייט איז די אידישע באַפעלקערונג אין ביראָ־בידזשאַן אויסגעוואַקסן ביז 7000. עס האָבן זיך באַוויזן אין ביראָ־בידזשאַן די ערשטע הונדערטער אידישע איבערוואַנדערער פון קאַפּיטאַליסטישע לענדער (ליטע, דייטשלאַנד, אַרגענטינע, פאַראייניגטע שטאַטן, לאַטוויע, פוילן). עס איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פאַר דער ווייטערדיגער קאָלאָניזאַציע אין אַ סך ברייטערן מאַסשטאַב — מיט אַ פּראָגראַם, וואָס זעט פאָראויס די באַזעצונג פון נייע 15 ביז 20 טויזנט איבערוואַנדערער אין משך פון יאָר 1932, דערין ביי 4—5 טויזנט פון אויסלאַנד.

אין יאָר 1932 טרעט ביראָ־בידזשאַן אריין מיט אַ רעקאָרד פון דערגרייכונגען, וואָס פאַרזיכערן, אַז די גרעסערע פּראָגראַם, וואָס איז אָנגעמערקט אויף דעם יאָר, וועט פאַרווירקלעכט ווערן.

שוין אין 1931 איז אין ביראָ־בידזשאַן פאַרזייט געוואָרן אַ שטח פון 29 טויזנט העקטאַר (ביי 72 טויזענט אַקער) — צוויי מאָל אַזוי פיל, ווי עס איז געווען פאַרזייט אין יאָר 1927. 68 פּראָצענט פון אַלע פויערשע ווירטשאַפטן זיינען קאָלעקטיוויזירט. די איבער־

וואנדערשע ווירטשאפטן זיינען קאָלעקטיוויזירט כמעט אויף פולע הונדערט פּראָצענט.

די דריי מאַשין־טראקטאָר־סטאנציעס, וואָס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן אין בירא־בידזשאן, פארמאָגן שוין 141 טראקטאָרס פון 4036 פערדקראפט. נאטירלעך, האָבן זיי געשפּילט א גרויסע ראָליע אין מעגלעך מאכן צו פארדאָפּלען דעם פארזייטן שטח אין איינע דריי יאָר.

עס ארבעטן שוין זעקס גרויסע „סאָווכאָזן" (מלוכה־פארמס) אין בירא־בידזשאן, און עס האָט זיך אָנגעהויבן די ארבעט צו אָרגאַניזירן א ריי נייע סאָווכאָזן.

עס איז אויסגעוואָקסן די וואַלד־ווירטשאפט, דער פיש־פאנג, די פּראָדוקציע פון רויע פעלן.

אין געביט פון בינען־צוכט האָבן די איבערוואַנדערער שוין געהאט די מעגלעכקייט היינטיגס יאָר צו פּראָדוצירן האָניק פאר עקספּאָרט. די איבערוואַנדערשע קאָלעקטיוון האָבן דעם יאָר שוין געהאט אין זייער רשות 5000 בינשטאָקן און די סאָווכאָזן — 1600 בינשטאָקן. עס ווערט איצט אָרגאַניזירט א ספּעציעלע סאָווכאָז פאר בינענצוכט אויף א שטח פון צענדליגער טויזנטער העקטארן.

די איבערוואַנדערשע קאָאָפּעראַטיווע קוסטארישע און אינדיסטריעלע אונטערנעמונגען האָבן לעצטן יאָר געגעבן א פּראָדוקציע פון קרוב צו אַנדערהאַלבן מיליאָן רובל.

עס זיינען געמאכט געוואָרן די ערשטע שריט צו בויען די ג ר ו י ס ע אינדוסטריע אין בירא־בידזשאן, וואָס זאָל זיין באזירט אויף די אָרטיגע אוצרות רוי־וואַרג — סיי געהילץ און לאנדווירטשאפטלעכע פּראָדוקטן, סיי מעטאַלן און מינעראַלן. שוין די ערשטע אויספאָרשונגען האָבן פעסטגעשטעלט, אז בירא־בידזשאן האָט א ברייטע באַזע פאר אינדוסטריעלער אנטוויקלונג. די כינגאַן־בערג פארמאָגן לויט די דערווייליגע אָפּשאַצונגען איבער א האַלב מיליאַרד טאָן אייזן־ערץ. די גראַפיט־בערג אין דער געגנט פון יעקאַטערינאָ־ניקאָלסק קאָנען געבן אויך ארום א האַלבן מיליאַרד טאָן גראַפיט. עס זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרן גרויסע אוצרות פון מירמלשטיין, אזבעסט א. ד. גל.

בלויז איינצלנע, צופעליגע ציפערן און פאקטן — אָבער זיי ריידן וועגן ממשות'דיגע דערגרייכונגען, זיי ריידן וועגן דער זיכערער באַזע פאר אנטוויקלונג, פאר וואוקס, פאר בויאונג. עס זיינען דערווייל אָנהייבן. אָבער זיי זיינען שוין דער פונדאַמענט, אויף וועלכן עס ווערט אויסגעפירט דער לעצטער באַשלוס פון דעם צענטראַלן אויספיר־קאָמיטעט פון די סאָוועטן — א באַשלוס אָנגענומען שוין אויפן סמך פון דריי־און־א האַלב יאָר דערפאַרונג — וועגן פארווירקלעכן ביז סוף 1933טן יאָר די גרינדונג פון אַן אויטאָנאָמער אידישער סאָוועט־רעפּובליק אין בירא־בידזשאן.

---

אין דער ביז איצטיגער געשיכטע פון בירא־בידזשאן האָט געשפּילט א באַדייטנדיגע ראָליע דער איקאָר פון אַמעריקע. שוין אין זומער 1928 האָבן די גרויסע קייטן־טראַקטאָרס, די אויטאָמאָבילן, טראָקס, מאָטאָר־ציקלען און אַנדערע מאַשינען פון איקאָר געהאט דעם ווינטיגסטן באַדייט פאר לייזן די פּראָבלעמען, וואָס די איבערוואַנדערער האָבן דאָרט באַגעגנט. און פאר באַזייטיגן א סך פון די שוועריגקייטן. אין 1929 האָט דער איקאָר געשיקט קיין בירא־בידזשאן צוויי גרויסע עקסקאַוואַטאָרס, די אויסשטאַטונג פאר עטלעכע האָלץ־באַארבעטונג־פאַבריקן, א חוץ א צאָל קלענערע מאַשינען, אינסטרומענטן און מכשירים. אין דעמזעלבן יאָר האָט אין בירא־בידזשאן געאַרבעט די אַמעריקאַנישע עקספּערטן־קאָמיסיע פון איקאָר, וועלכע האָט פיל ביינעטראָגן צו דערלערנען דאָס לאַנד און צו ראַציאָנאַליזירן די מעטאָדן פון דער קאָלאָניזאַציע־אַרבעט. פון יאָר 1930 אָן האָט דער איקאָר, א חוץ מיט מאַשינען, אָנגעהויבן מיטאַרבעטן אין בירא־בידזשאן אויך אין געביט פון טעכנישער הילף און איינאָרדענונג. אין 1931 האָט אויף דער איניציאַטיוו פון איקאָר און מיט זיין דירעקטער באַטייליגונג זיך אָנגעהויבן בויען דאָס ערשטע סאָציאַליסטישע שטעטל „איקאָר", וואָס דאַרף פאַרענדיגט ווערן אין די קומענדיגע צוויי יאָר.

גלייכצייטיג מיט אַט־דער דירעקטער מיטאַרבעט פון איקאָר אין בירא־בידזשאַן, האָט דער איקאָר נאַטירלעך געשפּילט א גרויסע ראָליע אין קאָנצענטרירן די אויפמערקזאַמקייט פון די אידישע מאַסן אויף בירא־בידזשאַן און, אין פאַרבינדונג דערמיט, ברייננגען צים באַוואוסטזיין פון די אידישע מאַסן דעם אָנזאָג פון דער לענינישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק פון דער סאָוועטן־מאַכט, אַלס קעגנזאַץ צו דער פּאָליטיק פון נאַציאָנאַלער שנאה, פאַרפאָלגונגען און אונטערדריקונגען אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

אין דעם געביט שטייט נאָך פאַר'ן איקאָר א גרויסע אויפגאַבע. זיין ווייטערדיגע אַרבעט אין בירא־בידזשאַן און די דערגרייכונגען פון דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין בירא־בידזשאַן וועלן דעם איקאָר העלפן דורכצופירן אויך אַט־די אויפגאַבע

י. מ. בודיש.

# די ריזיגע סאָציאַליסטישע בויאונג אינם סאָוועטן פאַרבאַנד

(צום שלוס פון דעם דריטן אנטשידנדיקן יאָר פונם 5־יאָר פּלאַן.)

„די סאָוועט רעפּובליק, פון דעלעגאַטן פון די אַרבעטער, פּויערן און סאָלדאַטן, איז ניט בלויז אַ העכערער טיפּ פון דעמאָקראַטישע אינסטיטוציע. זי איז פיל מער די איינציקע פאָרם, וועלכע קען פאַרזיכערן אַ כמעט שמערצלאָזן איבערגאַנג צום סאָציאַליזם“.

— לענין, רוסישע אויסגאַבע, 15טער באַנד, זייט 50.

איצט צום שלוס פונם דריטן יאָר פונם פינף־יאָריקן פּלאַן קען שוין מער קיין צווייפל ניט זיין, אַז דער סאָוועטן פאַרבאַנד גייט מיט ריזיקע שריט צו דער אויפבויאונג פון אַ פאָלקאָמענער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. אינם דריטן יאָר איז אייגנטלעך פאַרענדיקט געוואָרן דער פונדאַמענט פאַר דער סאָציאַליסטישער געביידע. די קאָלעקטיוויזירונג פון דער אַגריקולטור, וועלכע איז אין דעם יאָר דערפירט געוואָרן ביז צו דער שטופע, וואָס לאָזט ניט איבער קיין צווייפל, אַז זי וועט פאָלקאָם פאַרענדיקט ווערן אין נאָך אַ יאָר אָדער העכסטנס צוויי יאָר, האָט צעשטערט די לעצטע פעסטונג פון קאַפּיטאַליסטישע איבערבלייבעכצן אין דער סאָוועטישער ווירטשאַפט. אָט די ראַדיקאַלע איבערקערעניש, וואָס האָט ניט קיין גלייכן אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט איז, אונטער דער לייטונג פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, דורכגעפירט געוואָרן ניט נאָר מיט אויסערגעוויינלעכער שנעלקייט, נאָר אויך פאַרהעלטניסמעסיג כמעט אָן וועלכע עס איז סאָציאַלער צוטרייסלונג און מיט קליינע אויסנאַמען, אָן וועלכע עס איז ערנסטע ליידן פאַר די גרויסע מאַסן פון דער באַפעלקערונג.

לעצטן אויגוסט, ווען איך האָב באַזוכט דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד איז שוין געווען נאָכ'ן שטורם. דער קאָלעקטיוויזירונג קאַמפּיין איז שוין געווען פאַרענדיגט. איבער 62 פּראָצענט פון אַלע פּויערשע באַלעבאַטישקייטן זיינען שוין דעמאָלסט געווען אין קאָלעקטיווע ווירטשאַפטן, וועלכע האָבן באַאַרבעט קאַרגע פיר פינפטל פון גאַנצן פאַרזייטן לאַנד. מ'דאַרף האָבן אַ באַגריף פונם אַלטן רוסלאַנד, פון דער צוברעקעלקייט פון דער רוסישער אַגריקולטור אום צו פאַרשטיין די גאַנצע באַדייטונג פון אָט דער גוואַלדיגער רעוואָלוציע. פון דער צווייטער זייט, מוז מען האָבן אין זינען דעם פּשוט'ן פאַקט, אַז איבער דער גאַנצער וועלט, אַפילו אין די סאַמע פאָרגעשריטענע קאַפּיטאַליסטישע לענדער קומט די קאָנצענטרירונג פון דער אַגריקולטורעלער אינדוסטריע פאָר זייער און זייער לאַנגזאַם; אויף אַזוי פיל לאַנגזאַם, אַז די סאָציאַל־פאַשיסטן פון אַלע חדרים האָבן שוין אַפילו אויסגעאַרבעט אַ טעאָריע אַזאַ, אַז פאַרמערײ איז בכלל אָן אויסנאַם און וועט בכלל קיינמאָל נישט קענען קאָלעקטיוויזירט ווערן. ווען מיר געדענקען דאָס אַלעס וועלן מיר קענען באַגרייפן, וואָס די אויסוואָרצלונג פון די קאַפּיטאַליסטישע פאָרמען און דער כמעט פולער איבערגאַנג צו סאָציאַליסטישע פאָרמען אין דער אַגריקולטור אין אַ משך פון וועלכע דריי־פיר יאָר האָט געמוזט מיינען. אין דער גאַנצער געשיכטע פון דער מענטשהייט איז ניט פאַראַן קיין איינציגער ביישפּיל פון אַזאַ אומגעהויערער סאָציאַל־עקאָנאָמישער רעוואָלוציע, וועלכע איז געווען אַזוי דערפאָלגרייך אין אַזאַ קורצער צייט און וועלכע איז דורכגעפירט געוואָרן ניט בלויז אָן מאַסן בלוט פאַרגיסונג, נאָר אָן וועלכע עס איז גרויסע שמערצן פאַר די גרויסע מאַסן.

אַביסל שפּעטער וועלן מיר פּרואוון געבן עפּעס מער איינצלהייטן און פאַרגלייכונגען אין קאַלטע ציפערן. אָבער איידער מיר טוען דאָס, איז כדאי נאָך אַמאָל אונטערצושטרייכן אָט דעם כמעט אומבאַגרייפלעך שנעלן און ווייטגלאָזן איבערגאַנג צו קאָלעקטיווע פאָרמען פון אַגריקולטור. איך האָב פאַרבראַכט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד איבער צוויי מאָנאַטן, אַרומגערייזט אַרום זעקס טויזנט מייל, פונם באַלטישן ביזן שוואַרצן ים, האָב פאַרבראַכט פיל צייט סיי מיט אינדיווידועלע פאַרמער און נאָך מער מיט פאַרמערס־מיטגלידער פון קאָלעקטיוון, פון זיי אַ היבשע צאָל ניט נאָר „סערעדניאַקעס“ נאָר אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבן אָט אָט געזאָלט זיך פאַרוואַנדלען אין „קולאַקעס“. אַלס עקאָנאָמיסט, וואָס האָט אַ שטיקל ידיעה אין דער אויסערגעוויינלעכער באַדייטונג פון אַזאַ מין איבערקערעניש, האָב איך איבעראַל געזוכט און גענישטערט נאָך די סמנים פון דער צושטערונג און סאָציאַלער פאַרביטערונג, וועלכע ווערן, היסטאָריש גענומען, באַטראַכט אַלס אומפאַרמיידלעך אין יעדער גרויסער סאָציאַל־עקאָנאָמישער רעוואָלוציע. אָבער אַזעלכע סמנים זיינען ניט געווען.

דאָ און דאָרט האָט מען דערציילט וועגן בונט־פאַרזוכן פון קולאַקעס; וועגן א געוויסער צאָל פון די אַקטיווסטע טוער פון דער קאַמפּאַניע פאַר קאָלעקטי־וויזאַציע, וועלכע זיינען געפאַלן אַלס קרבנות פון אי־בערפאַלן אָדער פאַרשווערונגען פון קולאַקעס; וועגן מאַסן קולאַקעס, וועלכע האָבן געמוזט פאַרטריבן ווע־רען פון זייערע דערפער אַלס א געפאַר פאַר דער גאַנ־צער געמיינשאַפט; וועגן דעם וואָס פּילע פּויערים, וועלכע האָבן צוערשט מורא געהאַט פאַר קאָלעקטי־וויזאַציע ווי פאַר יעדער נייער איינפירונג, האָבן אויס־געשאַכטן א טייל פון זייערע בהמות, כדי זיי זאָלן ניט אריינפאַלן צו די קאָלעקטיוון — און דאָס אַלעס. אויי־סער אָט דער פאַרקלענערונג פון דער פי איז נישט פאָרגעקומען קיין שום צוריקגאַנג. פאַרקערט, דע־פאַרזייטער שטח האָט זיך פאַרגרעסערט. די גערע־טעניש איז געווען א גרעסערע. די דורכפירונג פון דער רעקאָנסטרוקציע אין דאָרף, איינשליסנדיג די איינפי־רונג פון אָבליגאַטאָרישער אַלגעמיינער בילדונג, איז נאָך פאַרשנעלערט געוואָרן. נאָך וויכטיגער איז, וואָס ניט אַכטנדיג אויף דעם ראַדיקאַלן איבערברוך אין די פּראָדוקציאָנס מעטאָדן און פאָרמען, אָדער ריכטיגער, טאַקע א דאַנק אָט דער ענדערונג, האָט זיך ד ע ר ל ע ב נ ס ־ ש ט י י ג ע ר פ ו ן ד י מ א ָ ס ן פ ּ ו י ע ר י ם ב א ַ ד י י ט ע נ ד פ א ַ ר ב ע ־ ס ע ר ט, אפילו אין די יאָרן ווען דער איבערברוך איז דורכגעפירט געוואָרן.

פאַר דער רעוואָלוציע, אין 1913 זיינען אין רוסלאַנד געווען איבער 15 מיליאָן פּויערשע באַלעבאַ־טישקייטן. 88 פּראָצענט פון די אַלע פּויערים האָבן צוזאַמען באַאַרבעט אַרום צוויי פינפטל פון דעם גאַנצן קולטיווירטן לאַנד. דאָס איבעריגע האָט באַלאַנגט צו די רייכע פאַרמערס, פריצים, קלויסטער און דער קרוין. די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע האָט נאַציאָנאַליזירט דאָס גאַנצע לאַנד און דאָס צעטיילט דערהויפּט צווי־שען די אָרעמע פּויערים. די צאָל פּויערשע באַלעבאַ־טישקייטן האָט זיך פאַרגרעסערט ביז צו 24,800,000 אין 1927. אין דורכשניט האָט יעדע פּויערשע באַלע־באַטישקייט אין 1927 געהאַט בלויז 11 אַקער לאַנד. אַזעלכע קליינע פאַרמען מאַכן אוממעגלעך ניט נאָר די אויסנוצונג פון מאַשינעריע, נאָר בכלל די ראַציאָנאַ־לע באַאַרבעטונג פונם לאַנד.

די קאָלעקטיוויזירונג פון אַגריקולטור איז פונם ערשטן טאָג אויפגעשטעלט געוואָרן אויף דער פּראָג־ראַם פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע. אָבער די צוריקגעשטאַנענקייט פון דער אינדוסטריע, דאָס אויספעלן פון אַלע וויכטיגע טעכנישע מיטלען און מאַשינעריע האָט צום אָנפאַנג דערלויבט בלויז א לאַנג־זאַמען פּראָגרעס. אין 1927 איז אין סאָוועטן פאַר־באַנד געווען בלויז קאַרגע 15 טויזנט קאָלעקטיווע ווירטשאַפטן, וועלכע האָבן צוזאַמען ארייננענומען ווי־ניגער ווי 195 טויזנט פּויערשע באַלעבאַטישקייטן, אָדער ווייניגער ווי איין פּראָצענט.

דער אָריגינעלער פינף־יאָריגער פּלאַן האָט דער־וואַרטעט, אז צום שלוס פון די 5 יאָר, אין 1933, זאָלן קאַרגע 10 פּראָצענט פון אַלע פּויערשע באַלעבאַטיש־קייטן ארייננעצויגן ווערן אין קאָלעקטיווע ווירטשאַפ־טען. דער שנעלער טעמפּאָ פון דער אַנטוויקלונג פון די סאָוועטישע אינדוסטריען, וואָס האָט געמאַכט מעג־לעך די דורכפירונג פונם פינף־יאָריגן פּלאַן אין פיר יאָר, האָט פאַרשנעלערט דעם פּראָצעס פון קאָלעקטי־וויזירונג אין א מאָס וואָס האָט איבערגעשטיגן די טרוימען פון די גרעסטע אָפּטימיסטן צווישן די סאָ־וועטישע טוער.

אין 1929 זיינען שוין געווען איבער 57 טויזנט קאָלעקטיווע פאַרמס, וועלכע האָבן ארייננענומען איבער איין מיליאָן פּויערשע ווירטשאַפטן. אָבער אַלץ נאָך ווייניגער פון 4 פּראָצענט. די לאַגע ענדערט זיך אין 1930 און 1931. די סאָוועטישע אינדוסטריען זיינען פאַר די יאָרן שוין געווען מעכטיג צו פאַרזאָרגן די פאַרמס מיט די נויטיגסטע מאַשינען און טעכנישע מיט־לען. דערצו האָט דער דערפאָלג פון דעם מיליאָן קאָ־לעקטיוויזירטע פּויערשע באַלעבאַטישקייטן געהאָלפן איבערצוקומען די אינערציע און פאָראורטיילן פון די מאַסן פּויערים. די קאָלעקטיוויזאַציע באַוועגונג וואַ־קסט זיך דאַרום אין די לעצטע צוויי יאָר און פאַר־כאַפּט מיט אירע מעכטיגע כוואַליעס די מיליאָנענדיגע מאַסן פּויערים.

אין יולי 1931 זיינען שוין געווען אין לאַנד פולע 226 טויזנט קאָלעקטיווע ווירטשאַפטן, וועלכע האָבן צו־זאַמען ארומגענומען קאַרגע פערצן מיט א האַלב מיליאָן פּויערשע ווירטשאַפטן, כמעט צוויי דריטל (גענוי 62 פּראָצענט) פון דעם גאַנצן פּויערטום. אין דורכשניט האָט יעדע קאָלעקטיווע פאַרם פאַרנומען קאַרגע טויזנט אַקער לאַנד, צוזאַמען ארום 226 מיליאָן אַקער.

כדי פאַלקאָמען צו באַגרייפן די פולע באַדייטונג פון אָט דער אַנטוויקלונג פון אַגריקולטור אינם סאָ־וועטן־פאַרבאַנד דאַרף מען האָבן אין זינען, אז אין דעם לאַנד פון דער העכסטער קאַפּיטאַליסטישער אַנט־וויקלונג, אין די פאַראייניגטע שטאַטן, האָט די צאָל פאַרמס, וואָס באַטרעפן 500 אַקער און מער פאַר די לעצטע 45 יאָר, פון 1880 ביז 1925, זיך פאַרגרעסערט בלויז פון קאַרגע 105 טויזנט ביז צו קאַרגע 297 טויזנט, אָדער פון 2,6 צענטל פּראָצענט ביז צו 3 מיט דריי צענטל פּראָצענט פון אַלע פאַרמס, און אז פון די 345 מיליאָן אַקער, וועלכע זיינען באַאַרבעט געוואָרן אין אַמעריקע אין 1925 זיינען בלויז איבער 51 מיליאָן אַקער, אָדער קאַרגע 15 פּראָצענט באַאַרבעט געוואָרן אין אָט די גרויסע פאַרמס. דער קאַפּיטאַליזם, מיט

זיין גאַנצער טעכנישער אַנטוויקלונג, ליגט ווי אַ שווערע לאַסט אויף דער פּאַרמעריי און לאָזט איר זיך ניט אַנטוויקלען, בעת אונטער דער סאָוועטישער דיקטאַטור אינם ראַטן־פּאַרבאַנד, האָט די אַגריקולטור אין קורצע דריי יאָר דערגרייכט אַ שטופּע פון קאָנצענטראַציע און ראַציאָנאַליזאַציע, וועלכע איז אַבסאָלוט אונמעגלעך אונטער קאַפּיטאַליסטישע באַדינגונגען.

אויסער די קאָלכאָזן האָט די סאָוועטישע ווירקלעכקייט אַנטוויקלט נאָך אַ העכערע פאָרם פון אַגריקולטורעלער ווירטשאַפט — די סאָווכאָזן, וועלכע זיינען אייגנטלעך ברויט־פאַבריקן. די איבער 200 סאָווכאָזן באַשעפטיגן 1.300,000 אַרבעטער, וואָס שיידן זיך ניט אונטער מיט קיין זאַך פון אינדוסטריעלע אַרבעטער. דער סאָווכאָז „גיגאַנט" ציט זיך אויף איבער 400 טויזנט אַקער, און דער דורכשניטלעכער גרויס איז אַרום 140 טויזנט אַקער. דער שרייבער האָט געהאַט די געלעגנהייט צו באַזוכן אַזאַ סאָווכאָז, דעם „ווערבלוד", אָדער סאָווכאָז נומער 2, און עס איז אונמעגלעך איבערצוגעבן דעם גוואַלדיגן איינדרוק וואָס עס מאַכט אויף אייך אָט די ברויט פאַבריק, מיט אירע מאָדערנע געביידעס פאַר די אַרבעטער, איר פאַבריקקיך און מאָדערנעם רעסטאָראַן; אירע שולן, קינדערגאָרטענס און קרעסעס אָדער נויערסעריס פאַר די קינדער; אירע גלענצענדע לאַבאָראַטאָריעס, מאַשין און טראַקטאָר שאַפּ, וועלכע מאַכן דעם איינדרוק פון אַ גרויסן זאַוואָד; אירע צענדליקע טראַקטאָרס און אַנדערע אַגריקולטור מאַשינעריע און ענדלעך איר אַגריקולטור אוניווערזיטעט, וועלכער בילדעט אויס נייע אַגראָנאָמען פאַר דער סאָוועטישער פּאַרמעריי. איר זעט פאַר זיך דאָס לעצטע וואָרט פון דער מאָדערנער אַגריקולטורעלער ווירטשאַפט, די פּראַקטישע דורכפירונג פון וועלכער איז געוואָרן מעגלעך בלויז אַ דאַנק דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור.

אין דעם פּראָצעס פון אָט דעם רעוואָלוציאָנערן איבערבוי פון דער אַגריקולטור האָט די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור באַוויזן ניט נאָר אויסצומיידן יעדן, אַפילו צייטווייליגן, צוריקגאַנג, נאָר פאַרקערט, נאָך צו פאַרשנעלערן איר פּראָגרעס. פון 1927 ביז 1931 האָט זיך דער פאַרזייטער שטח אין סאָוועטן פאַרבאַנד פאַרגרעסערט אויף קאַרגע 57 מיליאָן אַקער ביז צו 340 מיליאָן אַקער, בעת אין דער גאַנצער וועלט האָט זיך דער פאַרזייטער שטח פאַרקלענערט 900 מיט אַ האַלב מיליאָן אַקער ביז צו 886 מיט אַ האַלב מיליאָן אַקער.

נאָך שנעלער איז געווען דער פּראָגרעס אין טעכנישע קולטורן. אין 1913 זיינען אין רוסלאַנד געווען פאַרפלאַנצט מיט באַוועל קאַטן 1.752,000 אַקער. אַלס רעזולטאַט פון קריג, אינטערווענציע און בלאָקאַדע, האָט דער פאַרזייטער שטח קאַטן זיך פאַרקלענערט ביז 1921, ווען ער האָט פאַרנומען בלויז 300 טויזנט אַקער; אין 1927 האָט ער שוין איבערגעשטיגן דעם פאַר־מלחמה שטח, און לעצטן יאָר האָט ער זיך פאַרדרייפאַכט ביז צו 5,855,000 אַקער, אַזוי אַז דער סאָוועטן־פאַרבאַנד ווערט איצט אינגאַנצן אומאָפּהענגיג פון אויסלענדישן קאַטן, און וועט אין די נאָענטסטע יאָרן אָנהויבן עקספּאָרטירן קאַטן אויף דעם וועלט־מאַרקעט. ענלעכער פּראָגרעס איז געמאַכט געוואָרן אין באַצוג צו בוריקעס פאַר צוקער. אין 1931 איז פאַרזייט געוואָרן 3,384,000 צוקער בוריקעס, מער ווי צוויי מאָל אַזוי פיל ווי אין 1921.

אָט דער וואונדער פון ביישפּיללאָזן פּראָגרעס אין דער צייט פון אַ פונדאַמענטאַלער רעוואָלוציע אינ'ם סאָציאַל־עקאָנאָמישן בוי פון דער אַגריקולטור, איז געוואָרן מעגלעך אַ דאַנק דעם ניט ווייניגער וואונדערבאַרן פּראָגרעס פון די סאָוועטישע אינדוסטריען.

אין 1924 האָט דער סאָוועטן־פאַרבאַנד פאַרמאָגט בלויז 2560 טראַקטאָרס (מיט בלויז קאַרגע 36 טויזנט פערד קראַפט); אין 1931 האָט די צאָל טראַקטאָרס אויף די פעלדער שוין דערגרייכט 110.000 מיט 1,619.000 פערד קראַפט. איבער 40 פּראָצענט פון אָט די אַלע טראַקטאָרס זיינען געווען קאָנצענטרירט אין 1400 מאַשין־טראַקטאָרנע סטאַנציעס. די סאָציאַליסטישע פאָרמע פון אָרגאַניזאַציע און עקספּלואַטירונג האָט געמאַכט מעגלעך, אַז די 110 טויזנט טראַקטאָרס זאָלן באַדינען וועלכע 60 פּראָצענט פון דעם גאַנצן פאַרזייטן שטח פון לאַנד. אָט די דערגרייכונג פון סאָציאַליסטישע פּראָדוקציאָנס פאָרם ווערט פאָלקאָם קלאָר, ווען מען נעמט אין באַטראַכט, אַז אין אַמעריקע זיינען אין 1925 געווען קאַרגע 506 טויזנט טראַקטאָרס: אָבער זיי האָבן באַדינט בלויז קאַרגע 7 מיט אַ האַלבן פּראָצענט פון אַלע פאַרמס און נישט מער ווי וועלכע 15־20 פּראָצענט פון פאַרזייטן שטח.

אינם דריטן יאָר פונם פינף יאָר פּלאַן זיינען פאַרענדיגט געוואָרן און איבערגעגאַנגען אויף רעגלמעסיגער פּראָדוקציע אַזעלכע גיגאַנטן ווי דער סטאַלינגראַדער, כאַרקאָווער און לענינגראַדער (רויטער פּוטילאָוועץ) טראַקטאָר זאַוואָדן, ווי סעלמאַש — דער ראָסטאָווער זאַוואָד פון אַגריקולטורעלע מאַשינען, ווי דער קאַמביין זאַוואָד „קאָמונאַר" אין זאַפּאָראָזשע, צו דערמאָנען בלויז די גיגאַנטן, וועלכע דער שרייבער האָט באַזוכט לעצטן זומער. ווען מען האָט אַ געלעגנהייט צו צוזען ווי די טראַקטאָרס גייען אַראָפּ פון די קאָנווייערס אין סטאַלינגראַד און כאַרקאָוו, ווען איר זעט די יונגע חברה ערשט פון דאָרף געשיקט אַרבעטנדיג אַרום די קאָמפּליצירטע און איידעלע מעכאַניזמען, ווען איר באַזוכט די פע־זע־או (פאַבדיק) שולן, וואו דאָס לערנען פון פאַך איז סיסטעמאַטיש און האַרמאָניש פאַרבונדן מיט דער אַקאַדעמישער שול־פּראָגראַם; ווען איר באַזוכט די מיטינגען פון שלאָגלער בריגאַדן, "ווען

איר באָבאַכטעט די סאָציאַליסטישע קאָנקורענץ צווישען די ארבעטער אין די שעפּער און צווישן די איינציגע שעפּער; ווען איר לייענט די וואַנט צייטונגען און די פאַבריק צייטונגען, ווען איר זעט צו ווי פאַר אייערע אויגן וואַקסן אויס נייע פאַבריק־קאָרפּוסן, מאָדערנע אַפּאַרטמענט הייזער, און גאַנצע גיגאַנטישע הידראָעלעקטרישע סטאַנציעס (ווי „דניעפּראָסטראָי") הויבט איר אָן צו באַגרייפן די ריזיגע, אומבאַזיגבאַרע מאַכט פון דער סאָציאַליסטישער בויאונג אונטער דער פירערשאַפט פון דעם אַוואַנגאַרד פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

אין די לעצטע יאָרן, בעת די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע וועלט גייט צוריק, בעת אין יעדן קאַפּיטאַליסטישן לאַנד פאַלט די אינדוסטריעלע פּראָדוקציע אויף 20־30 פּראָצענט אַ יאָר, האָט די אינדוסטריעלע פּראָדוקציע פון סאָוועטן־פאַרבאַנד זיך פאַרגרעסערט יעדן יאָר אויף פון 21 ביז 24 פּראָצענט. די דורכפירונג פון פינף יאָריגן פּלאַן שטייגט יעדער יאָר אַלץ מער איבער דעם אָריגינעלן פּלאַן. אין דעם ערשטן יאָר, 1929, איז דער פּלאַן דורכגעפירט געוואָרן אויף 106 פּראָצ. דעם 2טן יאָר אויף 107 פּראָצענט; דעם דריטן יאָר אויף 113 פּראָצענט. אין 1929 האָט זיך די אינדוסטריעלע פּראָדוקציע פאַרגרעסערט אויף 3296 מיליאָן רובל; אין 1930 — אויף 3635 מיליאָן רובל און אין 1931 — אויף פולע 4800 מיליאָן רובל. דאָס איז געוואָרן מעגלעך אַ דאַנק דעם, וואָס אין דער סאָוועטן־רעפּובליק האָט די אַקומולאַציע פון קאַפּיטאַל איבערגעשטיגן די העכסטע דערגרייכונגען פון קאַפּיטאַליזם.

די לעזער, וואָס זיינען מער ווייניגער באַקאַנט מיט דער פראַגע, ווייסן זיך דערמאָנען, ווי די בורזשואַזע און סאָציאַל־פאַשיסטישע עקאָנאָמיסטן האָבן געטענה'ט און געסטראַשעט, אַז אונטער אַ סאָציאַליסטישער אָרדנונג וועט זיין אוממעגלעך צו אָנזאַמלען דעם נויטיגן קאַפּיטאַל אויף צו איבערבויען די אינדוסטריען אויף מאָדערנע ראַציאָנאַלע יסודות, ספּעציעל ווען די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע וועלט פירט דורך אַ שטרענגן פינאַנציעלן באָיקאָט קעגן סאָוועטן־פאַרבאַנד. איצט מוזן אַפילו די ערגסטע שונאים פון אַרבעטער קלאַס צוגעבן דעם זיג פון רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט אינם סאָוועטן־פאַרבאַנד.

דער בירמינגהאַמער אוניווערזיטעט פון ענגלאַנד האָט אַ ספּעציעלע סאָציאַלע „פאָרשונגס" ביוראָ וועגן עקאָנאָמישע באַדינגונגען אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. אָט די ביוראָ ווערט פאַרוואַלטעט אינגאַנצן פון דער ווייסער עמיגראַציע. אין נאָוועמבער 1931 האָבן זיי ארויסגעגעבן אַ ספּעציעלע מאָנאָגראַפיע, וועגן דעם נאַציאָנאַלן איינקונפט פון סאָוועטן פאַרבאַנד. זיי דרייען זיך אויפן קאָרעק צו פעלשעווען די פאַקטן און סטאַטיסטיקס, כדי צו פאַרמינדערן דעם אומגעהויערן זיג פון דער סאָוועטישער סאָציאַליסטישער בויאונג. דאָך מוזן זיי סוף כל סוף צוגעבן, אַז:

„די שנעלע טעמפּאָ פון דער פאַרגרעסערונג פון דעם נאַציאָנאַלן איינקונפט אין ראַטן־פאַרבאַנד... איז הויפּטזעכלעך אַ רעזולטאַט פון דער זייער גרויסער סומע פון נאַציאָנאַלער אַקומולאַציע (אָנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל) די אַנטוויקלונג פון דער ס. ס. ס. ר באַווייזט, אַז אַ רעגירונגס מאָנאָפּאָליע פון דער פאָלקס ווירטשאַפט, געשטיצט דורך אַ פּאָליטישער דיקטאַטור (לייען: פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור—ב.) קען באַדייטנד פאַרגרעסערן איר סטאַנדאַרד... און האָט ארויסגעוויזן אַ פייאיגקייט צו פאַרגרעסערן די אַקומולאַציע פון קאַפּיטאַל פון אָנדערהאַלבן ביז צוויי מאָל אַזוי פיל, ווי אין די אייראָפּייאישע און אַמעריקאַנישע לענדער מיט אַ פרייער־קאָנקורענץ־ (לייען קאַפּיטאַליסטישער—ב.) סיסטעם פון פאָלקס־ווירטשאַפט".

דער אמת איז, אַז די אָנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל אין סאָוועטן פאַרבאַנד קומט פאָר אָן ערך דריי־פיר מאָל אַזוי שנעל ווי אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. אין 1931 האָט דער נאַציאָנאַלער איינקונפט דערגרייכט 37,800 מיליאָן רובל, מער ווי צוויי מאָל אַזוי פיל ווי בעפאָר דער מלחמה, און אין 1932 וועט ער, לויט דעם ערשטן אָנגענומענעם פּלאַן, דערגרייכן 49 ביליאָן דאָלאַר, אָדער מער ווי דריי מאָל אַזוי פיל ווי אין 1913.

דאָס מאַכט מעגלעך די שנעלע פאַרבעסערונג אין דעם לעבנס־שטייגער פון די שטאָטישע און דאָרפישע ארבעטער און די פויערים, וועלכע קומט פאָר אינם סאָוועטן־פאַרבאַנד. בעת אין דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער וועלט וואַקסט די ארבעטלאָזיגקייט און דערגרייכט איצט ביז 25־30 מיליאָן; בעת דער לעבנס־שטייגער פון די ארבעטער־מאַסן און אָרימע פאַרמער, אַפילו די וואָס ארבעטן, פאַלט אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער אַלץ נידעריגער און נידעריגער; בעת צענדליגער מיליאָנען, אָדער הונדערט מיליאָן אַפילו, לויט דער אויסרעכענונג פון דער ליג אָוו ניישאַנס, ליידן אַלץ גרעסערן עלנט און נויט אונטערן קאַפּיטאַליזם — אין דער איינענער צייט שטייגט דער ארבעטער קלאַס און די פאַרמער פון סאָוועטן פאַרבאַנד צו אַ אַלץ העכערן, שענערן און פולערן מאַטעריעלן און גייסטיגן לעבן. דער דורכשניטלעכער פאַרדינסט פון אַן ארבעטער־פאַמיליע אינם סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט אין 1929 באַטראָפן 89 רובל אַ מאָנאַט, אין 1931 — 146 רובל אַ מאָנאַט; דאָס איז אַ פאַרגרעסערונג אין צוויי יאָר אויף 64 פּראָצענט. אין 1931, ווען אין דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער וועלט זיינען די ווייזשעס פון די ארבעטער געשניטן געוואָרן אויף פון 15 ביז 30 פּראָצענט, האָט זיך דער לוין פון די סאָוועטישע ארבעטער פאַרגרעסערט דורכשניטלעך אויף 18 פּראָצענט.

מען טאָר אויך ניט פאַרבייגיין די כסדר'דיקע

אַנטוויקלונג פון דעם סאָציאַליסטישן באַוואוסטזיין צווישן די אַרבעטער מאַסן. די צאָל אַרבעטער פאַר ווײַדזשעס האָט זיך פאַרגרעסערט ביז צו 18.700.000, אויף וויפיל עס איז צווישן זיי אַנטוויקלט די סאָציאַליסטישע קאָנקורענץ קען מען זען דערפון, וואָס בלויז אין די פאַבריק־אינדוסטריען זיינען געווען 3,500,000 שלאַגלער אין 1931.

דאָס זיינען די מאַטעריעלע דערגרייכונגען. די קולטורעלע דערגרייכונגען זיינען נאָך באַדייטנד גרעסער. די פאָלקאָמענע שליכטונג פון דעם פּראָבלעם פון ראַסן און נאַציאָנאַלע מינדערהייטן; די דורכפירונג פון אַבליגאַטאָרישער אַלגעמיינער עלעמענטאַרער בילדונג; די אַנטוויקלונג פון קינדער גאַרטנס און קרעסעס (נוירסערים) אויף אַ מאַסשטאַב, וואָס האָט צו זיך ניט קיין גלייכן אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט; די ברייטסטע סיסטעם פון סאָציאַלער פאַרזיכערונג; די פולסטע אַנטוויקלונג פון אינסטיטוציעס פאַר פאָלקס געזונטהייט; די אַנטוויקלונג פון פּראָלעטאַרישער סיסטעם פון בילדונג וואָס פאַראייניקט אַרבעט און וויסנשאַפט; די אַנטוויקלונג פון אַ נייער סיסטעם פאַר באַהאַנדלען און איבער־דערציען קרימינאַלן; די אויפבליאונג פון דער פרעסע, דער געוואַלדיקער וואוקס פון דער שיינער און וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור, טעאַטערס, מוזעאומס, פּראָלעטאַרישער קינאָ, ראַדיאָ.

פאַרקען פון רו־און־קולטור און אַזוי ווייטער — זיינען דערגרייכונגען וועלכע מיר קענען צוליב מאַנגל אין פּלאַץ בלויז דערמאָנען..

דער פינף־יעריקער פּלאַן האָט געוויזן דעם וועג פאַרן פּראָלעטאַריאַט פון דער וועלט, ווי דער טשערמאַן קובישעוו פון גאָספּלאַן האָט זיך אויסגעדריקט אין זיין באַריכט צום צענטראַלן אויספיר קאָמיטעט פון ס ס ס. ר., איז:

דער פינף־יאָר פּלאַן—אַ פּלאַן פון קלאַסנקאַמף, אַ פּלאַן פון דער פאַנאַנדערוויקלונג פונם סאָציאַליסטישן אָנגריף אויפן קאַפּיטאַליזם"

דאָס דערקלערט, פאַרוואָס די שונאים פון אַרבעטער קלאַס איבער דער גאַנצער וועלט; פאַרוואָס די קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען, פון הואָווערן ביז מאַטיו וואָלן'ן און מאָרים הילקוויטן, זוכן אונטערצוגראָבן דעם ווייטערן דערפאָלג פונם פינף־יאָר פּלאַן. דאָס דערקלערט די אומאויפהערלעכע באָיקאָט און מלחמה פאַרשווערונג פון אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער געגן סאָוועטן פאַרבאַנד. דאָס דערקלערט אויך פאַרוואָס די אַרבעטנדיקע מאַסן פון דער גאַנצער וועלט מאָביליזירן זיך אונטער דער פירערשאַפט פונם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט פאַר דער פאַרטיידיקונג פונם סאָוועטן פאַרבאַנד. דער זיג פונם פינף־יאָר פּלאַן איז דער זיג פון דעם אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט.



הויז פון סאָוועטן

פּראָיעקט פון דעם אַמעריקאַנער ארכיטעקט העקטאַר האַמילטאָן, וואָס האָט געקראָגן איינע פון די ערשטע דריי אויסצייכענונגען אין דעם קאָנקורס וואָס די סאָוועטן רעגירונג האָט דורכגעפירט.

י. ב. ביילין

# דער קריזיס פון קאַפּיטאַליזם און זיין פאַר־טיפונג אין יאָר 1931

.1

אין די ערשטע שטופן פון זיין אנטוויקלונג האט דער קאפיטאליזם דורכגעמאכט זיינע שנעלע עטאפן א דאנק דער אומברחמנות׳דיקער קאנקורענץ, וואס ער האט פאנאנדערגעוויקלט. וואס דעם קאפיטאליזם האט פריער געפעלט אין ארבעט־שפארנדיקע מאשינען האט ער אין אנהייב ארויסגעפרעסט פון דעם ארבעטער דורך סוועט־שאפ סיסטעמען און ארבעט־צעטיילונג. איין קאפיטאליסט האט געפרואווט איבעריאגן דעם צווייטן אין אוממענטשלעכער עקספלואטאציע. אבער סוף־כל־סוף זיינען מער ווי 24 שעה אין מעת־לעת ניט געווען. אויף דעם געביט האט די יאגעניש געמוזט זיך אנקלאפן אן ווענט. דער ארבעטער האט גענומען קעמפן קעגן דעם לאנגן ארבעט־טאג אויף פארשידענע אופנים און די קאנקורענץ האט גענומען טרייבן די קאפיטאליסטן אויף אנדערע, מער רעוואלוציאניזירנדיקע וועגן, צו באשאפן גרויסע מאסן סחורות, פאר ביליקע פרייזן. עס איז אנטשטאנען די מאשין־ערא. ווינט און פארע, עלעקטריציטעט און גאזאלין האבן גענומען טרייבן צענדליקע טויזנטער רעדער. ריזן־מאטארן האבן אנטוויקלט מיליאנען פערד־קראפט. עס זיינען געשאפן געווארן מער סחורות, ווי די נאכפראגע איז געווען.

דער ארבעטער אבער, וואס האט געשאפן די אלע סחורות, האט ניט געקראגן גענוג באצאלט, אז ער זאל קענען אפקויפן די סחורות. עס האבן זיך גענומען אנטוויקלען די פארשידענע קריזיסן, וואס האבן אפגעשטעלט דעם נארמאלן גאנג פון דער פראדוקציע. ארויסגעווארפן גרויסע מאסן ארבעטער אויפ׳ן גאס און פאראורזאכט אלע די באוואוסטע „ברכות" פון קאפיטאליזם. פריער זיינען די קריזיסן דערשינען פיל זעלטענער, אבער וואס ווייטער און ווייטער איז דער טעמפ פון קאפיטאליזם געווארן אלץ שנעלער און שנעלער און מיט אים אויך זיינע קריזיסן. אזוי זעען מיר, בא אונז אין אמעריקע דעם ערשטן אינדוסטריעלן קריזיס אין 1937, דעם צווייטן אין 1857, דעם דריטן אין 1873, דערנאך פאלגן די קריזיסן אין 1884—1893—1897.

אזוי ווערט באגעגנט דער אנהויב פון צוואנציקסטן יאר־הונדערט מיט דעם לעצטן קריזיס פון דעם אינדוסטריעלן קאפיטאליזם. ריזיקע ביליאנען קאפיטאלן האבן זיך שוין קאנצענטרירט אין איינציקע הענט. עס דערשיינט אויף דער סצענע די לעצטע שטופע פון קאפיטאליזם — דער א י מ פ ע ר י א ל י ז ם. דא האבן זיך אנגעהויבן די פארשידענע „מוירדזשערס", די גיגאנטישע טראסט־פארמירונגען, קארטעלן, די טשיין־סטאר סיסטעם, וואס מאנאפאליזירן גאנצע אינדוסטריעס און צווייגן פון האנדל. די אינווייניקסטע קאנקורענץ ווערט שוין ווי א שפילכל אין פארגלייך מיט דער אויסנווייניקסטער קאנקורענץ פאר די וועלט מערק. עס רוקט זיך אן דער ק ר י ז י ס אין 1907. ער ברענגט אומדערהערטע ליידן אין די הייזער פון מיליאנען ארבעטער. טויזנטער קליינבירגער פארלירן, אין אים און דורך אים, זייער זעלבסטשטענדיקייט און פארגרעסערן נאך מער די רייען פון די ארבעטלאזע.

דער קאפיטאליזם הייבט זיך אויף אף נאך א העכערן שטאפל. די פראדוקציאנס־כחות צעוואקסן זיך אין פארשידענע נייע ריכטונגען. נייע, נאך קיינמאל ניט געחלומטע אינדוסטריעס באווייזן זיך — עס גיבן זיך ווידער א דריי די שדים־מאשינען. פאבריקן עפענען זיך און שלינגען איין נייע טויזנטער ארבעטער. געשעפטן בליען. קאפיטאלן וואקסן. אבער אין 1914 איז שוין ווידער דא א ק ר י ז י ס. די קעגנזאצן פון די פארשיידענע קאפיטאליסטישע גרופירונגען פארשארפן זיך ביז צום אויסערסטן. א קאנפליקט ווערט אומפארמיידלעך. עס זעט זיך א מעגלעכקייט, אז דער ארבעטער־קלאס זאל אין דעם גינסטיקן מאמענט אנהייבן ז י י ן „לעצטן, אנטשיידנעם שטרייט", אף וועלכן ער האט אזוי געווארט. עס ברעכט אויס די ו ו ע ל ט ־ מ ל ח מ ה. דער א י מ פ ע ר י א ל י ז ם מוז איבערגרופירן זיינע מערק. דער פינאנס־קאפיטאל מוז זיך פארזיכערן מיט נייע קאלאניעס און ספערן פון איינפלוס. דער ארבעטער קלאס ווערט פארפירט פון זיינע פירער, די סאציאל־דעמאקראטן; ער גייט אין קריג, פארגיסט זיין בלוט און פארשוועכט זיין אינטערנאציאנאלע הייליקע שבועה. עס טראגט זיך א חורבן איבער אייראפא. הונדערטער שטעט און דערפער גייען אוועק מיט בראנד און רויך. א טייל פון די ארבעטנדיקע מאסן שפייזט זיך מיט זעגעכץ און פאדלע און טרינקט זיך אין בלוט און אין טרערן; א טייל ווייקט זיך אין די טרענטשעס, פארזייט הונדערטער־טויזנטער קברים און אין מיליאנען ברוסטן ווערן צייטיק־אנגעשוואלן אזעלכע קללות צו דער בלוטיקער ארדענונג, פאר

וועלכע ס'זיינען נאָך ניט געשאַפן געוואָרן קיין ווערטער....

אָבער אין דער זעלביקער צייט טאַנצט קאַפּיטאַל זיין פּרייז וואַקכאַנאַליע־טאַנץ, נאַקעט און פאַרשייט. צענדליקע ביליאָנען זיינען געבראַכט געוואָרן אין צירקולאַציע דורך די פאַרשיידענע רעגירונגס־הלוואות. וואוהין ציען זיך אַוועק אָט די ביליאָנען? ווער האָט מעגלעכקייטן צו „קאָרנערן" (אויפקויפן אַן ארטיקל און דערנאָך מאַכן פון אים אומגעהערטע פּראָפיטן) אַלע לעבנס־נויטיקע ארטיקלען? ווער שיקט פאַר די סאָלדאַטן אין די בלוטיקע טרענטשעס פאַר מיליאָנען דאָלער פאַרפוילטע, פאַר'עיפּוש'טע פלייש, וואָס זיינען געווען פאַרלעגן פאַר יאָרן לאַנג און הינט האָבן דערצו אפילו ניט געוואָלט אַ שמעק טאָן? ווער שטעלט צו די טויזנטער טאָנען אַמוניציע? בּאַ וועמען זיינען אין רשות אַלע פאַבריקן, מינען, שעפער, באַנען און שיפן, וואָס אַנדערע פון זיי האָבן געמאַכט פיר טויזנט פּראָצענט פּראָפיט אויף זייערע אינוועסטמענטס?

ניט אומזיסט איז די באַוואוסטע גרופּע, די „400" מיט אַמאָל פאַרגרעסערט געוואָרן אויף הונדערט מאָל אַזוי פיל. אָט די 40.000 נייע מיליאָנערן אין אַמעריקע זענען דאָס אויסגעוואָקסן אויף די קברים פון די שלאַכט־פעלדער.

די קריזיסן וואָס האָבן נאָכגעפאָלגט אין 1921 און אין 1925 זיינען געווען צייטווייליקע. דער וועלכער שלום האָט שטייף פאַרצויגן די שטריק איבער די העלזער פון די באַזיגטע. נאָך העכער האָבן גענומען שלאָגן די „פּראָספּעריטעט"־כוואַליעס פאַר דעם האַלבן מיליאָן פון דעם רויבער־קלאַס. די עקספּלואַטאַציע איז שוין ניט געקומען פון דאַנען אַליין. פון אַלע עקן וועלט האָבן זיך געצויגן אַהער קאַראַוואַנען מיט גאָלד פאַר די אומגעקרוינטע מאָנאַרכן. עס האָט פאַר קורצזיכטיקע אויסגעזען, אַז דער קאַפּיטאַליזם פאַרסטאַביליזירט זיך איצט פאַר לאַנגע יאָרן.

2

מיט'ן אויסנאַם פון'ם סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואו עס קומט פאַר אַ ריזיקער בוי־פּראָצעס פון סאָציאַליזם און אַ טאָג־טעגלעכער אויפשטייג אין אַלע אינדוסטריעלע און אַגרי־קולטורעלע אונטערנעמונגען, געפינט זיך איצט די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע וועלט אין איינעם פון אירע מוראַ'דיקסטע קריזיסן. די פאַרשיידענע פאַקטאָרן, וואָס האָבן ביי געשטייערט צו די פריערדיקע קאַפּיטאַליסטישע קריזיסן אין פאַרשיידענע פּעריאָדן, האָבן זיך אין אַ פיל שאַרפערער פאָרמע צוזאַמענגעקנוילט אין איין מעכטיקן שדים־קנויל, וואָס מאַכט אָפּהענדיק אפילו די סאַמע אָפּטימיסטישסטע פון די בורזשואַזע עקאָנאָמיסטן. אויך אונזער שטיין־רייכע אַמעריקע איז אין דעם קריזיס ניט קיין אויסנאַם, נאָר פאַרקערט, ליידט פון קריזיס נאָך מער.

די האָניק־יאָרן פון קאַפּיטאַליזם זיינען שוין פאַרביי: דעמאָלט, ווען נייע אינדוסטריעס האָבן פון צייט צו צייט אַריינגעצויגן נייע שיכטן אַרבעטער, געקומענע פון דאָרף אין שטעטל, אָדער פון פרעמדע לענדער; ווען דער טעמפּ פון אַנטוויקלונג איז נאָך געווען אין פולן, געזונטן אויפשוואונג; ווען נייע טעכנישע דערפינדונגען האָבן איבערגעיאָגט איינע די אַנדערע אין אַ לויף־געוועט פאַר אַ מאַסן־פּראָדוקציע, פאַר דער דעראָבערונג פון נייע מערק, און ווען דער פאַרמער־קלאַס, ענערגיש און פאַרמעגלעך, האָט דורך זיין עקסטענסיווער, ברייט־פאַנאַנדערגעשפּרייטער אַגריקולטור און דורך די נייע מאַשינען, וואָס דער קאַפּיטאַליזם האָט אים צוגעשטעלט, געקאָנט זיין אַ באַדייטנדיקער געברויכער פון מאַנופאַקטירטע פּראָדוקטן,—די צייטן זיינען שוין אַוועק.

דער קאַפּיטאַליזם האָט שוין דערוויזן פאַר דער צייט צו מאָנאָפּאָליזירן פאַר זיך די גרעסטע און בעסטע לענדעריען. זיינע באַנקירן זיינען איצט די פאַקטישע באַלעבאַטים פון דער גרעסטער צאָל אַמעריקאַנער קלענערע פאַרמס. נאָענט פון אַ ביליאָן דאָלער יערלעך ציען אַרויס די באַנקירן, און אַנדערע פּאַראַזיטן, פון די פאַרמערס, אין פּראָצענטן אויף מאָרגעדזשעס און אַנדערע הלוואות. אַרום איין ביליאָן און אַ האַלב דאָלאַר ציט אַרויס די אַמעריקאַנער רעגירונג, (פעדעראַלע, שטאַט און לאָקאַלע) יערלעך, פון דעם פאַרמער־קלאַס, אין שטייערן.

שוין אין 1920 יאָר, ווען דער מלחמה־בום האָט נאָך אַלץ וויברירט און געשמירט די רעדער פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָספּעריטעט, האָט זיך גענומען אָנהייבן דער חורבן פון דער אַמעריקאַנער פאַרמעריי. דער חורבן איז געוואָרן אַ פולקאָמענער אין פאַרלויף פון פינף יאָר. אין 1920 האָט באַטראָפן דער ווערט פון אַלע פאַרמס אין די פאַראייניקטע שטאַטן $77,923,651,599 און אין 1925 איז דער ווערט געפאַלן צו $54,829,563,059 — אַ פאַרלוסט פון איבער 23 ביליאָן דאָלאַר, אָדער נאָענט צו דרייסיק פּראָצענט.

פון דעם ריזיקן לאַנדשטח, אין די אַמעריקאַנער פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס באַטרעפט 1,903,216,640 אַקער איז אַפילו אין דעם העכסטן בום־יאָר פון דער אַגריקולטור, אין 1920, פאַרזייט געוואָרן ווייניקער ווי אַ העלפט—955,883,715 אַקער. אָבער אין 1925, איז שוין פאַרזייט געוואָרן נאָר 924,319,352 אַקער, דאָס מיינט מיט איבער 31 מיליאָן אַקער ווייניקער, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס פאַר די פינף יאָר צייט זיינען צוגעקומען אין לאַנד, דורך נאַטירלעכן צוואַקס און אימיגראַציע איבער 10 מיליאָן נפשות. די פאַרמערס האָבן גענומען באַנקראָטירן אין די הונדער־

טער טויזנטער. פיל פון זיי האבן גענומען רענטן פון די באנקען די פארמס, וואס זיי האבן פריער אליין פארמאגט. אט אזעלכע טענענט־פארמערס (ארענ־דארן) זיינען שוין געווען אין 1925 איבער 38% פון אלע פארמערס.

אין דערזעלבער צייט האבן זיך מאסן פארמערס אינגאנצן פראלעטאריזירט און אין אנהייב פון 1928 האבן זיך שוין גערעכנט אזעלכע פיר מיליאן און צוויי הונדערט טויזנט פארם ארבעטער, פראלע־טאריער, א חוץ די הונדערטער טויזנטער, וואס האבן זיך יעדן יאר געלאזט אין שטאט און אנגעפילט די רייען פון דער פראלעטארישער רעזערוו־ארמיי. פאר דעם האט שוין געזארגט די מעכאניזירונג און אינדו־סטריאליזירונג פון דער קאפיטאליסטישער פארם־ווירטשאפט. פאר דעם האבן געזארגט די טראקטארס — זייער צאל האט שוין אין 1927 יאר דערגרייכט זיבן הונדערט טויזנט, אזוי גוט ווי די טויזנטער קאמ־בינירטע פארם־מאשינען (קאמביינס), וואס יעדע פון זיי האט ארויסגעווארפן דריי פארם־ארבעטער. זעען מיר טאקע, ווי אין 1926 יאר, האבן — לויט די אפגע־שאצטע רעגירונגס־ציפערן פון דעם „דעפארטמענט און אגריקולטור" — 2,155,000 פארלאזן די פארם און געקומען אין שטאט אריין. פאר די צען יאר פון 1920 ביז 1930 איז די באפעלקערונג פון די פאראיי־ניקטע שטאטן פארגרעסערט געווארן אויף17.064.426 נפשות. (זע ספעציעלע טאבעלע אין דער אפטיילונג „סאציאלע סטאטיסטיק".) לויט א גלייכער פראפארציע (כאטש אין די פארמער־פאמיליעס איז די געבורט־ראטע פיל גרעסער ווי בא די שטאטישע הארעפאשנע מאסן) וואלט דער פארמער־קלאס אין 1930 געדארפט ציילן מיט 16% מער ווי אין 1920.

וואס זען מיר אין דער אמת'ן? לויט דעם אפי־ציעלן רעגירונגס־צענזוס איז גאר די פארמער־באפעל־קערונג געפאלן צו 30.447.550 נפשות, נאך מיט איין מיליאן, הונדערט זעקס און זעכציק טויזנט, זיבן הונדערט און נייצן נפשות ווייניקער, ווי אין 1920 יאר. אין אנדערע ווערטער — מער ווי זעקס מיליאן און זיבן הונדערט טויזנט פארמערס, האבן אין די לעצטע צען יאר, געמוזט זיך אויסרייסן מיטן ווארצל און פארלאזן זייער ערד, וואס זיי האבן דורכגעווייקט מיט זייער שווייס, און קומען אין שטאט. דאס איז די מתנה, וואס דער קאפיטאליזם, אין אנהויב פון זיין לעצטער אנטוויקלונגס־שטופע אימפעריאליזם, האט אונטערגעטראגן דער, שוין־אזוי־אויך, ריזיקער רעזערוו־ארמיי פון ארבעטער קלאס.

עס איז א פאקט, אז אין דעם סאמע „גליק־לעכסטן" יאר פון העכסטער פראספעריטעט אין אמע־ריקע, אין 1928, זיינען שוין דריי מיליאן ארבעטער געוועזן ארבעטלאז. עס איז דאך עפעס דערגרייכט געווארן די „אידעאלסטע" ראציאנאליזאציע ווען וועלכע די גרויסע „עפישענסי־עקספערטן" האבן פריער געחלומט: א ווייטערדיקע, נאך מער פארפאלקאמטע ארבעט־טיילונג, קענגזייטיקע, פאראנטווארטלעכע גרופן־ארבעט, פארדייזאציע, די אויטאמאטישע קאנ־ווייער סיסטעם אין די שווערע אינדוסטריעס, נייע נאך מער איינשפארנדיקע מאשינען און דער רעזולטאט — א מאסן־פראדוקציע, וואס די וועלט־מערק האבן נאך קיינמאל ניט געזען.

אבער דער ארבעט־לוין האט זיך קיינמאל ניט פארגרעסערט, לויט דער זעלבער ראטע, ווי די פאר־גרעסערטע פראדוקטיוויטעט. (דאס, וואס דער לוין האט זיך יא אביסל געהויבן, אין די פראספעריטי־יארן, האט נאר פאראורזאכט איינצופירן נאך שנעלערע און שיבעלנערע מאשינען צו שפארן נאך מער די „טייער"־באצאלטע ארבעט.) דערפאר אבער האט די פארגרע־סערטע פראדוקטיוויטעט אויפגעהויבן אויסערגעוויינ־לעך הויך די פראפיטן פון די קאפיטאליסטן. פאר די צען יאר פון 1919 ביז 1929, ווי עס איז צו זען פון די פאלגנדיקע ציפערן: (גענומען פון דער „נעשאנאל אינדוסטריעל קאנפערענס באורד").

ארבעטער־לוין פארגרעסערונג — — 13%<br>
אינדוסטריעלער ריוח פארגרעסערונג 72%<br>
פארגרעסערונג אין אינדוסטריעלן<br>
און אייזנבאן „סטאק" — — 285%!

די פראפיטן פון די ביליאנען־דאלארדיקע טראסטן און קארטעלן האבן זיך פארגרעסערט צוויי און צוואנ־ציק מאל מערער, ווי דער ארבעט־לוין. נאך קיינ־מאל האט אזא גאלדענער רעגן ניט פעט געמאכט דעם קאפיטאליסטישן באדן. א גאנצע רייע גינסטיקע פאקטארן האבן „אונטערגעפירט" דעם אמעריקאנעם אימפעריאליזם צו זיין גאלדענער חופה.

ערשטנס: ווי נאר דער „שטילער" קריזיס פון 1921 האט זיך אויסגעלעבט און די רעדער פון קאפיטאליזם האבן זיך ווידער גענומען דרייען, איז געווארן נייטיק איבערצופירן פיל גרויסע און שווערע מלחמה־אינדוסטריעס אויף נייע רעלסן. פיל פלענטס האבן געדארפט ווערן איבערגעבויט, הונדערטער און טויזנטער מאשינען איבערגעפורעמט, כדי זיי זאלן אינגאנצן ניט דארפן גיין לאיבוד און זיי זאלן קאנען באנוצט ווערן פאר פרידלעכע אינדוסטריעס.

צווייטנס: דורך די זיבן מלחמה־און־מוצאי מלחמה־יארן זיינען פיל נויטווענדיקע ארטיק־לען אינגאנצן ניט פראדוצירט געווארן, אדער זייער ווייניק. הונדערטער ארטיקלען האבן אינגאנצן גע־פעלט, אנדערע זיינען „געווען מיט גאלד צוגלייך". דער

עולם האָט זיך זשעדנע א וואָרף געטאָן און געפאָדערט נייע סחורות — דער קאַפּיטאַליזם האָט זיך גענומען זיי שאַפן אין גרויסע מאָסן.

ד ר י ט נ ס: דאָס, וואָס עס איז כמעט אינ־גאַנצן ניט אָנגעגאַנגען קיין בוי־אַרבעט אין דער צייט פון דער מלחמה, האָט פיל אַלטע פאַבריקן געמאַכט אינגאַנצן אומניצלעך און אַנדערע האָבן געדאַרפט גע־בויט ווערן אויף זייער אָרט. אָבער נאָך מערער האָט די בוי־אינדוסטריע זיך צעבליט פון דעם, וואָס דער דוחק אויף וואוינונגען איז נאָך קיינמאָל ניט געווען אַזוי גרויס, צוליב צוויי סבות: צוליב דעם, וואָס אין דער מלחמה צייט האָט מען אַזוי גוט, ווי ניט געבויט און צוליב דעם, וואָס עס איז געוואָרן אַ ריזיקע נאָכ־פראַגע אויף מאָדערנע וואוינונגען מיט אַלע באַקוועמ־לעכקייטן. צענדליקער טויזנטער הייזער, הונדערטער נייע גאַסן זיינען צוגעקומען. פון דער צווייטער זייט האָבן אַלע אַלטע הייזער געדאַרפט אויפגעפרישט ווערן אָדער איבערגעבויט ווערן, — דאָס האָט אויך אָנגע־שטעקט אַלע שכנישע אינדוסטריעס, ווי שטאָל, אייזן, האָלץ, צעמענט, ציגל, גלאָז, עלעקטריק, פאַרב א. א. וו. מיט אַן אויסערגעוויינלעכן פיבער פון אַקטיוויטעט. אין דערזעלבער צייט האָבן אויך די באַנען געדאַרפט פאַריכטן טויזנטער לאָקאָמאָטיוון און צענדליקער טויזנטער וואַגאָנעס (קאַרס), וואָס זיינען צעשאָטן גע־וואָרן דורך דער צייט פון דער מלחמה־אַקטיוויטעט, ווי אויך לייגן נייע רעלסן און האָלץ־באַלקעס אונטער די רעלסן. אַזוי אויך די פאָרטן און די שיפן.

פ ע ר ט נ ס: אַ העלפט פון אייראָפּאַ איז געלעגן אַ חרוב'ע. הונדערטער שטעט האָבן געדאַרפט צוריק אויפגעבויט ווערן אין צפון־פראַנקרייך, בעלגיע, סערביע, בולגאַריע, רומעניע, טערקיי, איטאַליע, עסט־רייך, אונגאַרן, פוילן, און די באַלטישע לענדער. אמע־ריקע האָט צוגעשטעלט בוי־פּראָדוקטן פאַר דעם צוועק, אין דעם ווערט פון מיליאַרדן דאָלער. די אמעריקאַנער פינאַנסיסטן האָבן אויסגעליען זייערע אָנגעזאַמלטע, וואַקסנדיקע קאַפּיטאַלן צו די מלוכות, אַזוי גוט ווי צו די אייראָפּעאישע אינדוסטריעלע אונטערנעמער.

פ י נ פ ט נס: דער אויפבלי און די רעוואָלוציאָני־זירונג פון דער אויטאָמאָביל־אינדוסטריע. דער אויטאָ־מאָביל איז געוואָרן צוגענגלעך צו עטלעכע מיליאָנען קליינבירגער, און בעסער באַצאָלטע פון דער אַרבעטער אַריסטאָקראַטיע, איז געוואָרן אַ לעבנס־נויטווענדיקייט פאַר די פאַרמער און דער חלום פון דעם דורכשניט־לעכן מאַסן־מענטש. פאַר די צען יאָר 1921—1931 איז אויסגעגעבן געוואָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן צ ו ו א נ צ י ק ב י ל י אָ ן ד אָ ל אַ ־ ר פאַר אויטאָמאָבילן. אַ חוץ דעם איבער צען ביליאָן פאַר נייע צעמענט־וועגן, אויף וועלכע די אויטאָמאָבילס זאָלן קענען פאָרן. צענדליקער טויזנטער מעכאַניקער זיינען געווען באַשעפטיקט אין די צען יאָר מיט פאַר־ריכטן אַלטע אויטאָמאָבילן. טויזנטער נייע גאַראַזשן זיינען געבויט געוואָרן צו הויזן אָט די אַלע מיליאָנען נייע אויטאָמאָבילן. אין דערזעלבער צייט האָבן זיך אויך מורא'דיק אַנטוויקלט די אוויאַטישע און ראַדיאָ אינדוסטריעס. איבערהויפּט האָט די לעצטע געמאַכט ריזן טריט מיט דעם, וואָס זי האָט אירע אַרטיקלען אַריינגעבראַכט אין צענדליקער מיליאָנען הייזער.

ז ע ק ס ט נ ס: די מורא'דיקע קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל האָט באַשאַפן נייע פּראָבלעמען, ווי צו מאַכן דעם קאַפּיטאַל באַוועגלעך און פּראָדוקטיוו. מ'קאָן דאָך ניט נעמען קיין מיליאַרדן און פאַרשליסן זיי אין אייזערנע קאַסעס גלאַט אַזוי זיך. וואָס פאַר אַ נוצן קאָנען זיי ברענגען? עס איז אַנטשטאַנען אַן אומגעהויערע אויסברייטונג פון קרעדיטן (קרעדיט אינפלאַציע) אין לאַנד גופא. ניט נאָר האָט דער פינאַנס־קאַפּיטאַל געגעבן פינאַנסירט פאַרשידענע נייע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, נאָר ער האָט זיי אויך דערמוטיקט צו רעוואָלוציאָניזירן זייער פאַרקויף דורך „אינסטאָלמענט" (וואָך, אָדער חודש אויסצאָ־לונגען) קרעדיטן — אַ נייער, שינדערישער אופן,ווי אַזוי צו סטימולירן דעם באַדאַרף פאַר סחורות, מאַכן זיי צוגענגלעך אין אָנהייב צו די סאַמע ברייטסטע אָרימע שיכטן, וואָס האָבן ניט באַגריפן, ווי ג ר ו י ס איז דער פּראָצענט וואָס זיי דאַרפן צאָלן פאַר דעם קרעדיט. אויף אַזאַ אופן האָט אויך די קינסטלעך־באַשאַפענע פאָדערונג פאַר נייע סחורות געהאָלפן נאָך מער צו פאַנאַנדערשוויינגען די ראָד פון „פּראָ־ספּעריטעט".

ז י ב ע ט נ ס: אין זיין גייעג צו מאַכן פּ ר אָ־ד ו ק ט י װ ו די אָנגעקליבענע קאַפּיטאַלן, האָט דער פ י נ אַ נ ס ־ קאַפּיטאַל אַלץ מער דאָמינירט דעם א י נ ד ו ס ט ר י ע ל ע ן קאַפּיטאַל. כדי אַרויסצובאַ־קומען די רוי־מאַטעריאַלן אין די צוריקגעשטאַנענע, שוואַכערע לענדער בחצי־חינם און אַרויסקריגן פון זיי מאָנאָפּאָליעס און קאָנצעסיעס, אָן פּאַרמעלער באַזוי־גונג דורך קריג, האָט דער אַמעריקאַנער פינאַנס־קאַ־פּיטאַל אַ ר ו י ס ג ע צ װ ו א ו נ ג ע ן הלוואות כמעט אויף אַלע זיד־אַמעריקאַנישע רעפּובליקן. הלוואות פאַר וועלכע זיי מוזן צאָלן באָנוסעס און שווערע פּראָ־צענטן, פון וועלכע זיי וועלן זיך קיינמאָל ניט קאָנען אָפּצאָלן. דערפאַר אָבער האָט די אַמעריקאַנער אינ־דוסטריע געקריגן גרויסע באַשטעלונגען פון איין זייט — פון דער צווייטער זייט האָט זי אַרויפגעלייגט איר לאַפּע אויף די נאַטירלעכע אוצרות פון יענע לענדער און צעראַבירט זיי אויפן שוידערלעכסטן אופן.

אָט די אַלע אורזאַכן זיינען דאָס געווען פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר דער אויסערגעוויינלעכער פּראָספּע־ריטעט, וואָס מיר האָבן געהאַט ביז 1929. עס איז

נעוועזן קלאר אז דאס איז נאר א צ י י ט וו י י ל י ק ע ד ע ר ש י י נ ו נ ג. די קאמוניסטן האבן געווארנט, אז אט די פראספעריטעט־פעריאדע שטייט אויף זאמד און מ ו ז איינפאלן. זיי האבן אנגעוויזן, אז די ספעקולאטיווע אפעראציעס אויף די סטאק־עקסטשיינדזשעס און בערזעס זיינען א ווייט־פארטראכטע פאסטקע ארויסצובאקומען דאס ביסל אנגעקליבענע הארעוואניע פון די הארעפאשנע מאסן. אבער די קאפיטאליסטישע עקאנאמיסטן האבן גערעדט וועגן א פערמאנענטע פראספעריטעט, וואס איז דער ווינקל־שטיין פון אמעריקאנער ציוויליזאציע. נאך זיי האבן נאכגעבאמבלט די „סאציאליסטן", אז מיר וועלן דורך אט די הויכע לעבנס־סטאנדארדס אזוי ביסלעכוויז ארייגוואקסן אין סאציאליזם, אן רעוואלוציעס און גוואלד־מיטלען. ארום דעם איז אנטשטאנען די לאווסטאנישע „טיפע" חקירה, אז דער קאפיטאליזם אין אמעריקע איז אין אן אויסנאמס־צושטאנד.

זומער פון 1929 האט זיך שוין אנגעהויבן דער פראצעס אויף צוריק, אבער מ'האט בארואיקט און באוויזן מיט „פאקטן", אז דאס איז נאר א צופאל פאר ד ע ר צייט פון יאר. און ווען דער קריזיס האט אויסגעבראכן מיט זיין פולן טויטלעכן שטורעם, האט ער געטראפן די גאנצע קאפיטאליסטישע וועלט, אירע קאפיטאנען און אידעאלאגן — אזוי גוט ווי די מאסן, וואס זי האט פארפירט און פארבלענדט, מיט אויסגעסטארטשעטע אויגן: איז... דאס... א... בייזער... חלום... ?

אט אזוי האט דער סוף פון יאר 1929 ארייננעפירט די גאנצע קאפיטאליסטישע וועלט אין איינעם פון אירע שוידערהאפטסטע קריזיסן. אט אזוי זיינען דאס איבערגעלאזן געווארן אויף ה פ ק ר און נייט די מיליאנען ארבעטער און פויערים, וואס האבן באשאפן א וועלט מיט שפע...

.3

ערשט מיט א יאר צוריק, זיינען די נביאות פון די קאפיטאליסטישע אידעאלאגן געווען, אז 1931 וועט שוין זען דעם צ ו ר י ק ק ו ם פון פראספעריטעט. זיי האבן באוויזן מיט אותות ומופתים, מיט אלע סארטן ציפער און היסטארישע דערפארונגען, אז דער סוף פון קריזיס איז שוין דא. און וואס זעען מיר ?

ניט נאר איז ניט געקומען דער סוף פון דעם קריזיס, נאר ער האט זיך א ז ו י פארטיפט און אויסגעברייטערט, א ז ו י פאנאנדערגעלייגט זיך אין שווערע, גראע כמארעס, אז זייער ווייניק, אפילו די סאמע האפערדיקסטע און אפטימיסטישסטע נבואה־זאגער, גלויבן איצט, אז דער סוף איז שוין דא. פארקערט: עס הערן זיך שוין אפילו שטימען, אז מ'זאל זיך מיט מוט. נאך אנדערע ניבן שוין אנצוהערן, אז זיך מיט מוט. נאך אנדערע ניבן שוין אנצוהערן, אז דער קריזיס קאן נאך אנהאלטן זעקס יאר און אפשר אויך א יאר צען.

אבער די פראגע איז שוין ניט אזוי פיל פון דעם אנהאלט פון קריזיס, פון בלייבן שטיין אויף אן ארט. די וויטערדיקע ירידה פון קאפיטאליזם און די פארשארפונג פון דעם קריזיס, איז פון אזא פארנעם, אז בלייבן מיט'ן זעלבן קריזיס, ווי מיר האבן אים געזען סוף 1929, וואלט שוין געהייסן א גן עדן.

די פאלגנדיקע קורצע טאבעלעס וועלן אונז געבן א מעגלעכקייט ארייצובליקן אט דעם מאנסטער פון קאפיטאליזם גלייך אין פנים:

(ציפערן גענומען פון י. ט. מעדן אין פינאנשיאל רעוויו פון ניו יארק איוונינג פאסט, 4טן יאנ. 1932)

גראס (ברוטא) איינקונפט פון די אייזנבאנען

| | |
|---|---|
| 1929 יאר — — — — | $6,300,000,000 |
| 1930 " — — — — | 5,300,000,000 |
| 1931 " — — — — | 4,200,000,000 |

אין און ארום דער אייזנבאן־אינדוסטריע זיינען באשעפטיקט ארום 6% פון אלע באשעפטיקטע. דאס רירט אן דירעקט, אדער אינדירעקט אן ערך פון 9 000,000 נפשות.

פראדוקציע פון אויטאמאבילן

| | |
|---|---|
| 1929 יאר — — — | 5,358,000 אויטאמ. |
| 1930 " — — — | 3,300,000 " |
| 1931 " — — — | 2,300,000 " |

אין און ארום דער אויטאמאביל אינדוסטריע זיינען באשעפטיקט 10% פון אלע באשעפטיקטע אין די פ' ש. דאס רירט אן דירעקט, אדער אונדירעקט אן ערך פון 14,400,000 נפשות.

אייזנבאנען און אויטאמאבילן פארברויכן זייער פיל שטאל, וואס איז איינע פון די גרעסטע און וויכטיקסטע אינדוסטריען. אז דער איינקונפט פון די באנען האט זיך פארקלענערט זינט סוף 1929 אויף 21 הונדערט מיליאנען א יאר, אדער פונקט אויף א דריטעל, פארשטייען מיר שוין, אז די שטאל־אינדוסטריע האט כמעט קיין נייע ארדערס פון די באנען אינגאנצן ניט באקומען. נאך מער האט אויף דער שטאל אינדוסטריע געווירקט דער אומגעהויערער פאל אין דער אויטאמאביל אינדוסטריע אויף כמעט 60%. וואס איז דער וואונדער, וואס די שטאל אינדוסטריע אליין, דער סאמע שטאלץ און קאלאסום פון אמעריקאנער קאפי־

טאַליזם, האָט נאָר פּראָדוצירט 36% פון דער קאַפּאַציטעט, וואָס זי איז פאַרגעברייט צו פּראָדוצירן.

דער מסחר און די פּראָדוקציע פון וואַלד־בוי־מאַטעריאַלן (לאַמבער) אין וועלכע עס זיינען פאַרוויקלט 400.000 מענטשן האָט פאַרקלענערט די פּראָדוקציע אויף צען ביליאָן פוס ברעטער. (27 ביליאָן אין 1929 — 17 ביליאָן נאָר אין 1931) די בוי אינדוסטריע, איינע פון די סאַמע ריזיקסטע אין לאַנד האָט פאַרלאָרן קרוב צו 70% פון איר פּראָדוקציע. ממילא האָט דאָס געהאַט א גוואַלטיקע קעגנווירקונג אויף די שטאָל און לאַמבער אינדוסטריעס. (די בוי־אינדוסטריע כאַפּט ארום נאָענט צו 3 מיליאָן ארבעטער און עס רירט אָן דירעקטע און אומדירעקטע ארום צען מיליאָן נפשות).

פון 1929 ביזן סוף 1931 איז פארקלענערט געוואָרן דער סכום פון די יערלעך פּראָדוצירטע סחורות אויף 44.2%! אין דערזעלבער צייט איז פארקלענערט געוואָרן דער יערלעכער סך־הכל פון דעם לוין פון אַלע פאַבריק־ארבעטער אויף 47%. די קויף־קראַפט פון מער, ווי א העלפט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג פון די פאַראייניגטע שטאַטן, איז געשניטן געוואָרן אויף כמעט א העלפט.

אָבער דאָס איז ניט נאָר דער פאַל מיט די ארבעטער פון שטאָט. לאָמיר זען וואָס טוט זיך אויפ׳ן דאָרף:

| איינקונפט פון פאַרמער | |
|---|---|
| אין יאָר 1929 | $11.983.000.000 |
| אין יאָר 1930 | 9.402.000.000 |
| אין יאָר 1931 | 6.696.000.000 |

| נעט־איינקונפט פער פאַרמער | |
|---|---|
| אין יאָר 1929 | $887 |
| אין יאָר 1930 | 598 |
| אין יאָר 1931 | !376 |

(ציפערן פון זעלבן קוואַל ווי פריער אָנגעוויזן).

## די פאַרם באַפעלקערונג שטעלט מיט זיך פאַר א פערטל פון דער גאַנצער באַפעלקערונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן

ווי מיר זעען איז דער יערלעכער איינקונפט פון די פאַרם־פּראָדוקטען געפאַלן אויף 44.1%, אָבער דער נעט־איינקונפט פאַר׳ן פאַרמער אליין איז געפאַלען פון $887 א יאָר אויף $376! דאָס איז א פאַרלוסט פון קאַרגע אכט און פופציק פּראָצענט. די סיבה איז א פשוט׳ע: די הויפט אפעראַטיווע הוצאות, וואָס דער פאַרמער האָט, זיינען אויף א האָר ניט קלענער געוואָרן. פאַרקערט: אין א סך פּרטים האָבן זיי זיך נאָך פאַרגרעסערט — טעקסעס, אינטערעסט אויף די מאָרטגעדזשעס און פּוראַזש פאַר די פי (אין די ערטער וואו עס זיינען פאַרעקומען די פּאַרטיקעּ־נישן, אָדער פאַרקערט — פאַרפלייצונגען).

צוליב דער ירידה אין די פּרייזן פון די פאַרם־פּראָדוקטן און צוליב דעם פאַרקלענערטן געברויך, זיינען א מיליאָן פאַרם־ארבעטער — 50% פון אַלע פאַרם־פּראָלעטאַריער געבליבן ארבעטלאָז. די וואָס האָבן שוין יאָ געארבעט איז זייערע שכירות געשניטן געוואָרן פון דעם דורכשניטלעכן יערלעכן לוין פון $589 אויף $407, אָדער א שניט פון 32 פּראָצענט.

אין דער זעלבער צייט אָבער, זיינען די „ריטייל״ (לאַחדים) פּרייזן פון די מאַנופאַקטירטע סחורות, וואָס דער ארבעטער, אָדער דער פאַרמער דאַרף קויפן, פאַרקלענערט געוואָרן אין פּרייז נאָר 16%. דאָס ליכט ווערט אויף אזא אופן געברענט פון צוויי זייטן. וואָס איז דער חידוש וואָס די דעפּאָזיטס אין די באַנקען זיינען פאַרן יאָר 1931 פאַרקלענערט געוואָרן אויף נאָך פינף ביליאָן דאָלער?

און ווידער א פאָר ווערטער וועגן די נביאות פון די בורזשואזע עקאָנאָמיסטן. ווען עס איז באַשאַפן געוואָרן די „פעדעראַל רעזערוו באַנק״ האָט מען דאָס באַזונגען, ווי א געניאַלן „אַמעריקאַנעם״ אויפטו — „מער וועלן שוין בא אונז קיין בענק ניט באַנקראָטירן!״ האָבן זיי אויטאָריטעטיש פארזיכערט. און וואָס זעען מיר? ארום דריי טויזנט באַנקען האָבן באַנקראָטירט אין דעם 1931 יאָר אליין. פון דעם 1929 קראַך אָן האָבן זיך שוין אזוי פאַרזיגלט 5.000 באַנקן אויף דער סומע פון $2.417.000.000 (אין מאָנאַט אָקטאָבער 1931 אליין האָבן זיך פארמאַכט 521 באַנקען) פון אזא דערשיינונג האָט נאָך ביז אהער ניט געוואוסט די גאַנצע געשיכטע פון אַמעריקאַנעם קאַפּיטאַליזם.

נאָך א „זיכערע״ פעסטונג. מ׳האָט א לאַנגע צייט איינגעשמועסט דעם עולם, אז די „בילדינג־לאָאַן״־באַנקען זיינען אזוי זיכער, אזוי ווי די פעלזן. אָבער אויך די פעלזן האָבן זיך גענומען ברעקלען אונטער דעם האַמער פון דעם קאַפּיטאַליסטישן קריזיס.

און עס פאַלט אויף די קני נאָך א געטשקע: בשעת דער קראַך האָט א דונער געטאָן אין אָקטאָבער 1929 אין וואָל סטריט און האָט ארויסגעבלאָזן דעם ווינט פון די קינסטלעך אויפגעבלאָזענע סטאָק־באַלאָנען, אין די מיליאַרדן, האָט מען פאַרזיכערט, אז דאָס איז נאָר מיט „קאָמאָן סטאָק״. ווען „פּרעפּוירד״ האָט אויך גלייך נאָכגעפאָלגט האָט מען אָבער טויזנט מאָל פאַרזיכערט, אז וואָס, וואָס, אָבער „באָנדס״ זיינען זיכער, אזוי ווי גאָלד. נו, לאָמיר א קוק טאָן אויף דער פאָלגנדיקער טאַבעלע און זען וואָס איז געוואָרן דורכ׳ן יאָר 1931 מיט די „גאָלדענע״ באָנדס.

(ציפערן גענומען פון וואָירלד אַלמאַנאַך, 1932).

די ירידה פון באנד ווערט־פאפירן פארן יאר 1931 און פון סטאקס פאר די יארן 1930 און 1931.

| 1־טער דעצעמבער 1930 | | | | 1־טער דעצעמבער 1931 | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| באנד־ אויפלאגן | אויפלאגע ווערט | מארק־ווערט | דורכשניט־ פרייז | באנד־ אויפלאגן | אויפלאגע ווערט | מארק־ווערט | דורכשניט־ פרייז |
| 1,609 | $50,091,547,691 | $47,959,730,628 | 95.74 | 1 602 | $52,547,476,192 | $39-512,398,607 | 75.19 |

דאס איז א פארלוסט פאר דעם יאר אליין פון $8.447,332,021. דאס איז זיך אזוי א נאכשפיל נאך דעם שרעקליכן קראך פון 1929 און די ירידה אין 1930. נאך קאטאסטראפאלער איז געווען די ירידה אין די סטאק ווערט־פאפירן אין 1931 וועלכע איז געווען איינע פון די מורא'דיקסטע אין דער געשיכטע פון קאפיטאליזם ווי עס ווייזט פאלגנדיקע טאבעלע:

| ווערט פון סטאקס אקטאבער 1929 | ווערט פון סטאקס 31 דעצ. 1930 | ווערט פון סטאקס 31 דעצ. 1931 |
|---|---|---|
| $89 000 000 000 | $56 000 000 000 | $26 000 000 000 |

אז דאס איז ניט פארגעקומען נאר מיט סטאק פון קליינע אומבאדייטנדיקע קאמפאניעס, נאר אז די אקציעס פון די סאמע וויכטיקסטע און באדייטנדסטע פירמעס האבן זיך א ווינג געטאן, ווי אויסגעשפילטע שיכורים, קאנען מיר זען פון די פאלגנדיקע פארגלייך־ציפערן: מ'דארף אבער געדענקען, אז נאר א היבשע צאל ביליאנען זיינען פארלארן געגאנגען, דורך סטאק־אקציעס פון קליינע קאמפאניעס, וואס זיינען קיינמאל ניט געווען אף דער בערזע און זיינען אינגאנצן געווארן ווערטלאז.

| העכסטער פרייז פון סטאק אין 1929 | | געזונקען צום סוף 1931 |
|---|---|---|
| יו־עס סטיל (קאמאן) | $261.75 | $36.00 |
| ניו־יארק סענטראל | $256.50 | $24.90 |
| אמעריקאן ענד פארין פאוער (קאמאן) | $199.25 | $6.12 |
| ראדיא (קאמאן) | $114.75 | $5.12 |
| אנאקאנדא קופער | $140.00 | $9.25 |

(לויט ראסל וועיט אין נ. י. איווינינג פאסט, יאנ. 4 1932)

דאס איז ניט געווען קיין שפיצל פון די „בערן" (די ספעקולאנטן וועלכע ספעציאליזירן זיך צו פראפיטירן פון געפאלענע סטאק פרייזן) ווי מאנכע קורצזיכטיקע בורזשואזע ווינקל־עקאנאמיסטן ווילן מאכן דעם איינדרוק. די קאטאסטראפאלע ירידות אין ווערט־פאפירן אין 1931 איז א ווייטערע לאגישע אנטוויקלונג פון דעם קריזיס, פון אלע ס ת י ר ו ת, וואס האבן זיך אנגעקליבן אין דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט; פון דעם פולשטענדיקן באנקראט פון דער קאפיטאליסטישער ווירטשאפט אין איראפע, אנהייבנדיק אין יוני מיט די פינאנציעלע בהלות אין עסטרייך און דייטשלאנד אין פארבינדונג מיט די „רעפעראציע"־צאלונגען, ווען זיי האבן אפילו ניט געקאנט צאלן זייערע קורצטערמיניקע הלוואות. די ענגלישע פינאנס־אינסטיטוציעס זיינען דאס געקומען העלפן דעם צענטראל־איראפעאישן קאפיטאליזם, ווען הואווער האט זיי געפרואווט ראטעווען מיט זיין מאראטאריום.

דער אימפעט פון באנקראט איז אבער געווען אזוי מיטכאפנדיק, אז אויך די שטאלצע, מעכטיקע קאפיטאליסטישע ענגלאנד, האט זיך דערקלערט באנקראט מיט איר פארלאזן דעם גאלד סטאנדארד. די איינגעפונדעוועטע, קאפיטאליסטישע לענדער פון סקאנדינאוויע זיינען מיטגעריסן געווארן. איבער גאנץ מיטל־אייראפע האבן זיך גענומען פארמאכן אלע בערזעס, באנקען און קרעדיט הייזער. אפילו דער מעכטיקער יו־עס דאלער האט זיך גענומען שאקלען.

די ווייטערע פארטיפונג פון קריזיס, אויף ד ע ר זייט פון אטלאנטיק, האט נאכגעפאלגט מיט די קראכן אין זיד־אמעריקע, דער באנקראט פון כמעט אלע דארטיקע רעגירונגען; דער באנקראט פון אזעלכע גרויסע און רייכע אמעריקאנער שטעט ווי שיקאגא און פילאדעלפיע, וואס קאנען ניט באצאלן זייערע אנגעשטעלטע און קאנען ניט קריגן אין ערגעץ קיין הלואה, ווייל זיי האבן ניט געקאנט צאלן די פראצענטן אויף זייערע באנדס. אלע באנדס האבן זיך שוין גענומען מיטרייסן פון זייערע סטאביליזירטע באזעס, ווי די ציגל אין א בנין, אין דער צייט פון ערד־ציטערניש. אנדערע פון זיי זיינען אראפגעשמעטערט געווארן פון 30 ביז 80 פראצענט!

דאס האט שוין אבער אנגעווארפן א טויט־שרעק אויך אויף דעם ביז־אהער,וויינינג־וואס נערוועזן, אמעריקאנעם גרויס־קאפיטאל. אויף די באנדס האלט זיך דאך דער גאנצער פינאנציעלע בנין — אלע בענק און טראסט קאמפאניס, די פארזיכערונג־געזעלשאפטן, די קרעדיט הייזער, די מארטגעדזש קאמפאניעס, די שפאר־

בענק און די בילדינג לאָאַן געזעלשאפטן. אָט דאָס האָט שוין געמאַכט אונזער רואיקן לאַנד־אינזשיניר, הערבערט הואווער, אביסל מער פאַרזאָרגט, ווי די טויזנטער באַריכטן פון דעם חורבן אין די דערפער, פון דעם הונגער אין די שטעט, פון די צוועלף מיליאָן ארבעטלאָזע, פון די הונדערטער־טויזנטער דעקלאַסירטע, פון די טאָג־טעגלעכע צענדליקע זעלבסטמאָרדן און אַזוי מאָרדן. מיט זיין „פינאַנס־רעליף מיטל”, פון א ביליאָנען סומע, פאַר די בענק און אייזנבאַן־געזעלשאפטן, אַז זייערע פּעטע פארדינסטן זאָלן אפילו אויף א האָר ניט געמינערט ווערן, האָט ער באַוויזן, וואָס פאַר א אויסגעצייכנטער ביז־בלוט־טרייער, שלאָגלערישער און וואַכזאַמער פּרעזידענט ער איז — — — פאַר׳ן גרויס־קאַפּיטאַל, פאַר דער אויפהאַלטונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג.

אָבער הערבערט הואווער, דער לאַנד־אינזשיניר, דאַרף וויסן, אַז מ׳קאָן אין מיטן־אָקעאַן קיין דאַמבע ניט אַוועקשטעלן. אָט דער קריזיס — איז דער קריזיס פון דעם אימפּעריאַליסטישן קאַפּיטאַליזם, דאָס איז זיין העכסטע פאַזע, זיין געפערלעכע עלטער. אין אים מוזן, אַלע סתירות זיינע, צוזאַמענקרייצן זיך. ער ווערט א שטער, אנשטאט אַן אָנרעג, צו דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקציאָנס־קרעפטן. זיין דעגענעראַציע האָט זיך שוין אָנגעהויבן. עס פאַלן שוין שטיקער. עס האָבן זיך שוין גענומען ריידן אַפילו פעלזיקע פלאַסטן. ניט נאָר זאַמלט זיך אָן א רעוואָלוציאָנערער באַוואוסטזיין באַ דעם אַרבעטער־קלאַס, דאָ, און איז די איבעריקע וועלט־טיילן, נאָר עס ציען צוריק דעם אָטעם פאַר א שפּרונג אויך די פאַרשקלאַפטע פעלקער און קלאַסן פון זיד־אַמעריקע און אַזיע, פון אפריקע און קליין־אַזיע.

זיי וויסן, זיי לערנען די ארבעטנדיקע מאַסן פון דער וועלט, אַז אין דעם לאַנד, וואו עס רעגירט דער ארבעטער און פּויער איז קיין קריזיס נישטאָ, אַז אין די לענדער פון די סאָציאַליסטישע סאָוועטן איז שקלאַפעריי, עקספּלואַטאַציע און נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג אָפּגעשאַפן אַף אייביק.



אַ נייער ארבעטער־קלוב אין אוראַל.

פּ. נאָוויק

# די פּאַלעסטינער געטאָ אין יאָר 1932 [1]

צום סוף פון פאַרגאַנגענעם יאָר [2]) זיינען פאַר־עפנטלעכט געוואָרן די ציפערן פון דער באַפעלקערונג פון פּאַלעסטינע, לויטן לעצטן צענזוס.

| | |
|---|---|
| ניט־אידן — — — — | 850,559 ([3] |
| אידן — — — — — | 175,006 |
| צוזאַמען — — — — | 1,025,565 |

אַ באַפעלקערונג פון העכער אַ מיליאָן מענטשן אין פּאַלעסטינע. ניט אריינגייענדיג אין דער פראַגע אויף וויפיל דער צענזוס האָט ארומגענומען די גאַנצע באַפעלקערונג [4]), און אויך ניט באַטראַכטענדיג, אין די ראַמען פון דעם אַרטיקל, די ווירקונג פון די ציפערן אויף דער ציוניסטישער באַוועגונג — ציפערן, וואָס שטעלן אָפּן ארויס פּאַלעסטינע ווי אַ געדיכט באַזעצט לאַנד, געדיכטער באַזעצט ווי ליטע, למשל, מיט ווייניגער פרוכטבארן באָדן ווי ליטע, — ווען מיר פּרובירען אריינקוקן אין דעם „ישוב“ פון אינעווייניג.

ווי קוקט אויס דאָס אידישע לעבן אין פּאַלעסטינע? ווי אַזוי האָבן זיך די 175,000 איינגעאָרדנט? פון וואָס פאַר אַ סאָציאַלע עלעמענטן באַשטייען זיי? ווי זעט אויס דאָס עקאָנאָמישע און קולטורעלע לעבן פון דער אידישער באַפעלקערונג אין דער „אידישער היים“? וואו האַלט עס מיט דער קאָלאָניזאַציע? וואָס זיינען די מעגלעכקייטן פאַר אַ אינדוסטריע אין פּאַלעסטינע? אויף וויפיל האָט זיך דעם ציוניזם איינגעגעבן צו „אייראָפּעאיזירן“ די „קינדער פון דער געטאָ“, וועמען זיי האָבן אין פּאַלעסטינע אַריבערגעפירט, אָדער אויסגעהאָדעוועט?

## קאָלאָניזאַציע

גענויע ציפערן וועגן דער צאָל איינוואוינער אין די אידישע קאָלאָניעס אין פּאַלעסטינע איז ניט פון די לייכטע זאַכן צו קריגן. ציוניסטישע ציפערן, ווי דער שטייגער איז, זיינען זיך גאַנץ אָפּט סותר. אַזוי האָט דער וואַרבורג־באַריכט [1]) דערציילט, אַז אין 1927 זיינען אין די קאָלאָניעס פון קרן היסוד געווען 7,303 נפשות. די ציוניסטן האָבן געגן דעם ניט דערווידערט. אָבער צום זעכצנטן קאָנגרעס אין ציריך האָבן די ציוניסטן אָנגעגעבן די צאָל נפשות אין די קאָלאָניעס פון קרן היסוד, פאַרן יאָר 1927, אויף 7,603 נפשות. ביידע ציפערן שליסן איין די קאָלאָניעס, וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרן פון קרן היסוד דירעקט, זינט 1921, און די קאָלאָניעס, וואָס ווערן פון קרן היסוד אונטערשטיצט. צום באַזעלער קאָנגרעס, יולי 1931, האָט דער ציוניסטישער באַריכט אָנגעגעבן די צאָל נפשות — פאַרן יאָר 1930 — אויף 7,556, מיט 47 נפשות ווייניגער ווי אין 1927. אַזוי צי אַזוי, ניט גאָר קיין אימפּאָזאַנטע ציפער. דער סימפּסאָן־באַריכט [2]) רעכנט אָבער אויס געַנוי גענוי קאָלאָניע און קאָלאָניע, לויטן צענזוס פון דער „אידישער אַגענטור“ (ס'הייסט, פון די ציוניסטן), אויך אין 1930, און עס באַקומט זיך — 6,752 נפשות אין די ציוניסטישע קאָלאָניעס...

6,752 נפשות באַזעצט אויף דער ערד זינט 1921.

---

1) אַ טייל פון אַ גרויסער אַרבעט וועגן פּאַלעסטינע „די אַראַבער און דער ציוניזם“.

2) דעם 10טן דעצעמבער, 1931.

3) דערפון 607 90 קריסטן, וואָס א גרויסע צאָל פון זיי זיינען אַראַבער פון קריסטלעכן גלויבן.

4) די בעדואינער ווערן קיינמאָל ניט געציילט ווי געהעריג. ניט די אַגענטן פון דער צענזוס־קאָמיסיע קענען עס באַווייזן, ניט די בעדואינער ווילן זיך לאָזן ציילן. ביי פיל פון זיי איז דאָ אַ פאָראורטייל געגן דעם. אין ציוניסטישע קרייזן האַלט מען, אַז עס זיינען געווען עטלעכע טויזענט אידן — דער אַוואַנגאַרד פון זשאַבאָטינסקי'ס רעוויזיאָניסטן — וועלכע האָבן זיך ניט געלאָזט ציילן. זיי זיינען געווען געגן צענזוס, און די רעזולטאַטן האָבן באַוויזן, אַז זיי האָבן געהאַט גרינטלעכע אורזאַכן דערויף. ציוניסטן האָבן שטענדיג געזוכט צו פאַרקלענערן די באַפעלקערונג פון פּאַלעסטינע אין זייערע ציפערן. מער ווי 600,000 אַראַבער האָבן זיי זעלטן ווען אָנגעציילט.

---

1) באַריכט פון וואַרבורג, מעלטשעט, וואַסערמאַן און פרענקעל, צוגעשטעלט צו מאַרשאַל און וויצמאַן, אין 1928, אויפן גרונט פון דעם באַריכט פון די עקספּערטן, מיט פּראָפעסאָר מיד בראש, וואָס מאַרשאַל און וויצמאַן האָבן געשיקט קיין פּאַלעסטינע.

2) דזשאַן האָופּ סימפּסאָן איז פון מאַקדאָנאַלד'ן געשיקט געוואָרן אין פּאַלעסטינע, אין 1930, „אויסצופאָרשן די לאַגע“, נאָכדעם ווי די שאָ־קאָמיסיע האָט שוין געהאַט אַרויסגעגעבן איר באַריכט וועגן אירע „אויספאָרשונגען“ פון די געשעענישן אין אויגוסט, 1929. אויפן סמך פון סימפּסאָנ'ס באַריכט איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דער פּאַספילד ווייסער פּאַפּיר אָקטאָבער, 1930).

די טאַבעלע פון דעם צענזוס פון דער „אידישער אגענטור“ פאַר יוני 1930, איז יערט איבערגעגעבן צו ווערן אינגאַנצן, ווייל זי גיט אונז אַ נעענטערן באַגריף וועגן דער קאָלאָניזיר־אַרבעט אין פּאַלעסטינע.

| טיפּ קאָלאָניע | צאָל | שטח לאַנד (דונאַם) סך־הכל | קולטיווירבאַר | צאָל נפשות דערוואַקסענע | קינדער | סך־הכל |
|---|---|---|---|---|---|---|
| קאָאָפּעראַטיווע (קבוצות) | 20 | 62,935 | 53,057 | 1,592 | 548 | 2,140 |
| פּריוואַט־ווירטשאַפט — — | 16 | 62,579 | 60,245 | 1,589 | 1,055 | 2,644 |
| אינטערעסטיצטע — — — | 9 | 14,758 | 13,659 | 534 | 273 | 807 |
| מיידלשע גרופּן — — — | 5 | 813 | 699 | 166 | — | 166 |
| טיימענער קאָל. — — — — | 4 | 1,155 | 990 | 493 | 462 | 955 |
| פאַרשיידענע — — — — | 2 | 1 984 | 1,540 | 34 | 6 | 40 |
| פּראָוויזאָריש־סטאַנציעס - - | 2 | — | — | — | — | — |
| סך־הכל — — — — | 58 | 144,224 | 130,190 | 4,408 | 2,344 | 6,752 |

פאַר די פּראָוויזאָריש־סטאַנציעס איז דאָ קיין ציפערן פון שטח און אויפקלערונג ניט פאַראַן, אָבער זיי האָבן קיין גרויסן אונטערשייד ניט געקענט מאַכן, ספּעציעל אין באַפעלקערונג. דער וואַרבורג־באַריכט גיט אָן די באַפעלקערונג פון איין סטאַנציע אַזאַ אין 1927 אין — 9 נפשות. האָבן מיר אַרום און ווייניקער ווי זיבן טויזנט נפשות אין די קאָלאָניעס פון קרן היסוד, דערפון 2,344 קינדער. אַן אַנדער טאַבעלע פון דעם סימפּסאָן־באַריכט (זייט 170) אַנאַליזירט געגנוי דעם באַשטאַנד פון יעדער קאָלאָניע און עס באַקומט זיך, אַז נאָר 5,386 נפשות געפינען זיך אייגענטלעך אין די קאָלאָניעס און לעבן פון די ווירטשאַפטן. די איבעריקע 1,366 איינוואוינער לעבן אַרום די קאָלאָניסטן.

ווערט עס כסדר ווייניקער. אין אַלע קאָלאָניעס, וואָס דער ציוניזם האָט געשאַפן זינט 1921, איינגעשלאָסן די קאָלאָניעס, וואָס ווערן פון קרן היסוד אונטערגעשטיצט, געפינען זיך אויף ערד 5,386 נפשות.

וויפיל זיינען פאַראַן נפשות אין די קאָלאָניעס אַרום און אַרום, איינגעשלאָסן די אַלטע, די ראָטשילד קאָלאָניעס?

דאָ קומען מיר ווידער צו אַלערליי ציפערן, וואָס זיינען סותר איינער דעם אַנדערן. דער וואַרבורג־באַריכט דערציילט, אַז לויט'ן צענזוס פון 1922 האָבן זיך אין פּאַלעסטינע געפונען אין די אידישע קאָלאָניעס 15,712 נפשות. די ציפער מעג מען אָננעמען ווי די ריאַלסטע. קיינער האָט געגן איר אויך ניט דערוווירט. און אויב אין אַלע קאָלאָניעס פון קרן היסוד — אָנגעהויבן זינט 1921 — געפינען זיך צווישן זעקס און זיבן טויזנט נפשות, קען מען זיך דערפון מאַכן אַ באַגריף וועגן דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג אין די קאָלאָניעס. צורעכענענדיג דעם נאַטירלעכן צואוואוקס פון דער אידישער באַפעלקערונג, וועלכער מאַכט אויס אַרום 24 פער טויזנט (23.9 אין 1926), וועט אויסקומען, אַז אין די קאָלאָניעס געפינען זיך אַרום דרייסיג טויזנט נפשות.

אָט דאָס איז אומגעפער די ציפער פאַר 1930. צי זי איז אין 1931 געוועזן גרעסער, צוליב דעם וואוקס פון דער באַפעלקערונג, איז שווער זיך פאָרצושטעלן. גיכער ניט. ווי מיר האָבן שוין געזען פון די אָפיציעלע באַריכטן צום ציוניסטישן קאָנגרעס, קומט פאָר אין די קאָלאָניעס אַ פּראָצעס אויף צוריק. מיר האַלטן דעריבער ביי אַ באַפעלקערונג פון דרייסיג טויזנט אין די קאָלאָניעס אין פּאַלעסטינע.

וויפיל פון זיי באַשעפטיגן זיך מיט ערד־אַרבעט?

סימפּסאָן (ז. 157) ברענגט אַ רעכענונג פון קרן היסוד, אַז ווייניגער ווי פופציג פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג אין די קאָלאָניעס פאַרנעמט זיך מיט ערד־אַרבעט. (געגנוי — 49.7). אָננעמענדיג אָט דעם ציוניסטישן רעכענונג, מוז מען קומען צום אויספיר, אַז אין אַלע אידישע קאָלאָניעס אין פּאַלעסטינע זיינען פאַראַן ניט מער פון פופצן טויזנט נפשות, וואָס לעבן פון ערד־אַרבעט.

פופצן טויזנט קאָלאָניסטן אין פופציג יאָר!

וויפיל האָבן זיי אָפּגעקאָסט? וואָס קאָסט קאָלאָניזיר־אַרבעט אין פּאַלעסטינע?

דאָס איז וויכטיג צו געדיינקען, ווייל אויך דאָס דערציילט אונז וועגן דעם מאַנגל אין ערד, וואָס מען מוז זיך דערווערבן דורך ספּעקולאַטיווע פּרייזן, אָפּגילטענדיג די פּריצים, און וועגן דעם אומגעזונטן באָדן, אויף וועלכן די קאָלאָניעס געפינען זיך.

וויפיל געלט די קאָלאָניעס האָבן אָפּגעקאָסט פאַר די גאַנצע פופציג יאָר וועט בכלל זיין שווער פעסטצושטעלן. דער וואַרבורג־באַריכט (ז. 36) רעדט וועגן פופציג מיליאָן דאָלאַר, וואָס איז אַריינגעלייגט געוואָרן אין פּאַלעסטינע אין די יאָרן 1922-1927. וויצמאַן, ווען ער האָט רעזיגנירט פון זיין פּרעזידענטשאַפט פון

דער „אַגענטור" און פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אויף מאָרגן נאָכ'ן פּאַספּילד ווייסן פּאַפּיר, האָט דערקלערט, אַז אין פּאַלעסטינע זיינען אין צען יאָר אַריינגעבראַכט געוואָרן **צוויי הונדערט מיליאָן דאָלאַר**. („איטא", 21טן אָקטאָבער, 1930). זייער אַ גרויסער טייל פון אָט דער ריזיגער סומע איז איינגעזונקען געוואָרן אין פּאַלעסטינער באָדען [1]). אַ געוויסן באַגריף דערפון קענען אונז געבן די ציפערן וועגן די קאָסטן צו באַזעצן אַ פאַמיליע אויף ערד אין פּאַלעסטינע.

דער וואַרבורג־באַריכט (ז. 66) זאָגט, אַז די **מינימאַלע** סומע צו באַזעצן אַ קאָלאָניסט אין פּאַלעסטינע איז **צוויישן** פינף און זיבן טויזנט דאָלאַר. דר. ל. ק. פרענקעל, מיטגליד פון דער וואַרבורג קאָמיסיע האָט עס אין ציריך, אין 1929, געמאַכט גענויער: זעקס טויזנט דאָלאַר. דאָס איז אָבער ניט אַלץ. סימפּסאָן, אין זיין באַריכט (ז. 45), ברענגט אַ רעכענונג, וואָס די וואַרבורג־עקספּערטן האָבן אין זייער טעכנישן באַריכט (ז. 72) צוגעשטעלט וועגן דער **אייינציגער** ציוניסטישער קאָלאָניע, וואָס האַלט זיך אַליין אויס, כפר־יחזקאל. בלויז דאָס לאַנד פאַר דער קאָלאָניע האָט אָפּגעקאָסט 70,389 פונט — אַרום 342,000 דאָלאַר! אויסשטאַטונג האָט געקאָסט 63,935 פונט. אַרום און אַרום איז אויסגעגעבן געוואָרן אַ דורכשניט פון 2,277 פונט — **העכער עלף טויזנט דאָלאַר** — פער פאַמיליע.

העכער עלף טויזנט דאָלאַר אויף באַזעצן אַ פאַמיליע! מער ווי אַ העלפט דערפון, ווי דאָס איז צו זען, האָט געקאָסט דער באָדן, און דאָס צוגרייטן אים, מען זאָל אים קענען באַאַרבעטן.

סימפּסאָן גיט דאָ דעם ציוניזם זייער אַ דעליקאַטן קלאַפּ, ווען ער ברענגט (ז. 49) די ציפערן פון „אַגראָ־דזשאָינט", וואו עס זאָגט זיך, אַז אין סאָוועטן־פאַרבאַנד קאָסט אײַנגאַנצן צווישן 150 און 200 פונט צו באַזעצן אַ פאַמיליע (750—1000 דאָלאַר); אַז העכער 82 פּראָצענט פון די אינוועסטירונגען זיינען אַזעלכע וואָס וועלן דאָס געלט אומקערן, און אַז אין 1926 האָבן די קאָלאָניסטן, וואָס זיינען באַזעצט געוואָרן אין 1923-1924 שוין אָנגעהויבן אומקערן אויף די הלוואות, וואָס מען האָט זיי געמאַכט!

זייער אַ פילבאַרער קלאַפּ, אפשר דער שווערסטער אין גאַנצן סימפּסאָן באַריכט. און אפשר צוליב דעם האָבן די ציוניסטן, אין זייערע אַטאַקעס אויפן באַריכט, אַזש געשוויגן וועגן דעם ענין. עס האָט צו שטאַרק ווי געטאָן, און עס איז ניט געווען וואָס צו ענטפערן אויך...

טשיקאַווע איז, אַז כפר־יחזקאל, די **אייינציגע** ציוניסטישע קאָלאָניע, וואָס האַלט זיך אויס — לויט די וואַרבורג־עקספּערטן — האָט נאָך ניט אָנגעהויבן צאָלן אויף די חובות. עס איז אַ ספק צי זי וועט ווען עס איז אָנהויבן צאָלן. און דעם באָדן, אין וועלכן עס איז אַריינגעלייגט געוואָרן העכער אַ העלפט פון די אינוועסטירונגען, טראַכט מען בכלל ניט אויסצוצאָלן.

און דער קאָלאָניסט האָט טאַקע ניט, ניט געקוקט אויף די ריזיקע אינוועסטירונגען אין זיין באַלעבאַטישקייט, און ניט געקוקט דערויף, וואָס מען הערט אים ניט אויף צו „שטאָפּן".

וויפיל פון די קאָלאָניעס קענען זיך אַליין אויסהאַלטן?

אויפן זיבעצענטן קאָנגרעס, אין באַזל, האָט דר. רופין דערציילט אין זיין באַריכט, אַז פון די 45 וואָס זיינען גאַנץ אָדער טיילווייז געגרינדעט געוואָרן דורכן קרן היסוד [1]) האַלטן זיך עלף (11) שוין אויס. דאָס אַליין וואָלט געווען אַ געניגנדיקע רעקאָמענדאַציע פאַר דער „שטאַנדהאַפטיגקייט" פון דער ציוניסטישער קאָלאָניזאַציע, ניט געקוקט אויף די ריזיקע סומען, וואָס מען האָט אין איר אַריינגעבראָכט. מען דאַרף אָבער רופּינ'ס ציפערן **ניט** אָננעמען. רופּינ'ס ציפערן שטעלן מיט זיך פאַר אַ געוויינטלעכע ציוניסטישע פעלשונג!

דער מעמאָראַנדום, וואָס די „אידישע אַגענטור" האָט צוגעשטעלט סימפּסאָנ'ען, דערציילט (אויף זייט 24), אַז פון די קאָלאָניעס פון קרן היסוד האַלטן זיך אויס די פאָלגנדיקע: נחל־אל, גינה־גר, בלפוריה און כפר־יחזקאל — פיר (4) אנשטאַט עלף! ס'איז אָבער טשיקאַווע, ווי אַזוי דער מעמאָראַנדום קוואַליפיצירט דאָ דעם באַגריף „אויסהאַלטן זיך" אפילו בנוגע די פיר קאָלאָניעס. די קאָלאָניסטן, הייסט עס, שלאָגן זיך אויס זייער לעבן־אויסקומעניש, דעקן די אויסגאַבן פאַר רעמאָנט, אָבער דער ביודזשעט „דעקט ניט אויף אַמאָרטיזאַציע, ניט אויף צאָלן צוריק די חובות, ניט פאַר אַרענדע (וואָס דער טערמין דערויף איז נאָך ניט געקומען)". דערפון איז צו זען, אַז אויך די פיר קאָלאָניעס זיינען ווייט פון צו זיין עקאָנאָמיש זעלבסטשטענדיג.

אַ בילד וועגן דער „שטאַנדהאַפטיגקייט" פון דער „קאָלאָניזאַציע" אין פּאַלעסטינע און וועגן איר פייאיגקייט צו שלינגען ריזיגע סומען געלט און ווייניג צוריקגעבן דערפאַר, שילדערט דער סאָציאַל־פאַשיסטישער „דבר" אין זיין ענגלישער ביילאַגע פון 2טן יולי,

1) עמאַנועל ניומאַן, מיטגליד פון דער ציוניסטישער „וועלט"־עקזעקוטיווע, האָט אויף דער זיצונג פון דער אַמעריקאַנישער איבּפּעריאַליסטישער פּראָ־פּאַלעסטינע קאָמיסיע אין וואַשינגטאָן, דעם 17טן יאַנואַר, דערקלערט, אַז צווישן 1920 און 1930 איז אויף קאָלאָניזיר־אַרבעט אויסגעגעבן געוואָרן 40 מיליאָן דאָלאַר.

1) דער פולער באַריכט אין באַזל רעדט וועגן 52 קאָלאָניעס, אָבער די ציוניסטישע ציפערן האָבן שוין אַ טבע, אַז זיי שטימען ניט.

1930 (פאַרוואָס האָט מען די פאַקטן געגעבן אויף ענגליש ?). די ציימונג דערציילט, אַז אין 1927 איז דער ציוניסטישער קאָלאָניזיר־דעפּאַרטמענט געקומען צום אויספּיר, אַז עס איז נויטיג אַריינצוליינן נאָך 499,029 פונט (אַרום צוויי און אַ האַלב מיליאָן דאָלאַר) אויף צו שטעלן די קאָלאָניעס אויף די פיס. מען האָט געהאַט באַשלאָסן די אַרבעט דורכצופירן אין צוויי יאָר. די צוויי יאָר זיינען אַריבער, עס איז שוין אַוועק דאָס דריטע יאָר, און מען האָט זיך אַרומגעזען, אַז מען האַלט ביי אַזאַ סיטואַציע. אויסגעגעבן האָט מען אין 1928-1927—136,000 פונט, אין 29-1928—78,000 פונט, און אין 30-1929 — 130,000 פונט. פון דעם ביודזשעט פון 1927 איז נאָך, הייסט עס, געבליבן אויסצוגעבן 155,000 פונט. — אָבער זאָגט דער „דבר“ — אַזאַ רעכענונג קען ניט גענומען ווערן אין אַכט, ווייל ביים באַפעסטיגן אַ קאָלאָניע שפּילט אַ גרויסע ראָל דאָס אַריינלייגן געלט מיטאַמאָל — ניט אויסציען די אינוועסטירונגען אויף אַ לייגערן פּעריאָד, ווי אויסגערעכנט. אַזוי ווי אָבער דער פּעריאָד איז יע אויסגעצויגן געוואָרן צו לאַנג, האָבן די אַריינגעלייגטע סומען ניט געבראַכט די געהעריגע רעזולטאַטן. עס איז דעריבער נויטיג ניט נאָך 155,000 פונט, נאָר — „ניט ווייניגער ווי 300,000 פונט וועט לויט אַלע אויסזיכטן נויטיג זיין, צו פאַרפולקומען דעם אינווענטאַר אין די קאָלאָניעס, און ווידעראַמאָל מיט דער פאַרשטענדיגונג, אַז דער באַלאַנס וועט אַריינקומען אין משך פון סוף 1930 און 1931“.

אַז די סומען זיינען נ י ט אַריינגעקומען אין משך פון דער צייט איז קלאָר. רופּין האָט זיך אין באַזל געקלאָגט פאַר דער נ אָ נ צ ע ר ווירטשאַפטפּראָגראַם פון קרן היסוד אין 1931 וועט אַריינקומען — אויב עס וועט טאַקע אַריינקומען ? — ניט מער ווי אַ פערטל מיליאָן פונט. דערפון איז ווידעראַמאָל געדרונגען, אַז די קאָלאָניעס אין פּאַלעסטינע — כמעט אַ ל ע קאָלאָניעס ! — האַלטן זיך נאָך ניט אויס.

די וואַרבורג־עקספּערטן, וועלכע האָבן אין 1928 רעקאָמענדירט, אַז יעדע נייע קאָלאָניזיר־אַרבעט זאָל אָ פּ ג ע ש ט ע ל ט ו ו ע ר ן ביז די געגרינדעטע קאָלאָניעס וועלן ניט באַפעסטיגט, האָבן דערקלערט (ז. 40), אַז מען וועט דאַרפן אַרבעטן „נאָך עטלעכע יאָר“ אויף דער באַפעסטיגונג, און אַז ביז דאָס וועט נישט דערגרייכט ווערן, וועלן די קאָלאָניעס ברענגען „ערנסטע פאַרלוסטן און אַנטוישונגען“, און וועלן זיין „די סיבה פון גרויסע דעפיציטן אַפילו אין די אַלטע קאָלאָניעס“.

„אַפילו אין די אַלטע קאָלאָניעס“...

דער פאַקט איז, אַז אַפילו די קאָלאָניעס פון דער „פּיקא“ (פּאַלעסטינישע אידישע קאָלאָניזאַציע אַסאָסיאַציע, די ראָטשילד געזעלשאַפט), ניט געקוקט דערויף, וואָס אין משך פון פופציג יאָר האָבן זיי אויפגעהאָרעוועט אַ געוויסע צאָל קולאַקעס, וואָס זיינען פעט געוואָרען פון די נדבות פון דעם נדיב הידוע און פון עקספּלואַטאַציע פון די אַראַבער, זיינען זיי אָבער, די קאָלאָניעס, אין אַלגעמיין, ניט זעלבסט־דערהאַלטעריש, און דאַרפן זיך עד היום געפינען אונטער דער אָפּעקע פון דער „פּיקא“.

אָט דאָס איז דער רעזולטאַט פון דער גאַנצער „קאָלאָניזאַציע“ אין פּאַלעסטינע. פופצן טויזנט נפשות באַזעצט אויף ערד אין פופציג יאָר צייט. די הייפעלעך זיינע זיינען אָנגעליינט געוואָרן אויפן קאַרק פון „אידישן פאָלק“ אין „גלות“. צענדליגער מיליאָנען דאָלאַר האָבן די הייפעלעך אָפּגעקאָסט. און — די קאָלאָניעס שטייען אויף הינערישע פיסלעך, ברענגען „פאַרלוסטן און אַנטוישונג“...

אַנדערש האָט ניט געקאָנט זיין אין אַ לאַנד, וואו עס פעלט ערד, וואו עס הערשט דער אימפּעריאַליסט און דער עפענדי, וועמען מען שיט אָפּ מיט גאָלד פאַר יעדן שפּאַן ערד, — וואָס געהערט ניט צו אים, נאָר צום אַראַבישן פויער, וועלכער באַנעצט דעם באָדן מיט זיין שווייס.

אויף די פעלדער פון פּאַלעסטינע האָבן די ציוניסטען געשניטן וואָס זיי האָבן פאַרזייט.

### די „אינדוסטריע

אַ באַגריף פון דער „אינדוסטריע“ אין דעם „לאַנד“ פּאַלעסטינע קען מען קריגן פון די ציפערן :

אין 1928, לויט די רעכענונגען פון שטייערן־דעפּאַרטמענט, זיינען אין פּאַלעסטינע געווען 3,505 אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, וואָס האָבן באַשעפטיגט 17,955 פּערזאָן, פון זיי — 10,186 לוין־אַרבעטער. וויפיל דערפון זיינען אידישע אַרבעטער ? דער באַריכט פון דער „אידישער אַגענטור“, ווי ער איז געווען פאָרגעלייגט דורך דער „איטא“ (אין דער אידישער פּרעסע פון אַמעריקע) בעת דעם באַזעלער קאָנגרעס, רעדט וועגן 23,830 אידישע אַרבעטער אויפן לאַנד א ו ן 16,095 אַרבעטער אין די שטעט. דער אָפיציעלער באַריכט פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע אין באַזל (דייטשע אויסגאַבע, זייט 244) גיט אַן אַנדער בילד עס האַנדלט זיך וועגן 23,830 אַרבעטער אַ ר ו ם א ו ן אַ ר ו ם, אין די שטעט א ו ן אויפן לאַנד. דער אָפיציעלער ציוניסטישער רעכענונג איז אַזאַ :

אַרבעטער אין די שטעט :

| | |
|---|---|
| ירושלים — — — — — | 5189 |
| תל־אָביב — — — — — | 6695 |
| חיפה — — — — — — | 3001 |
| אַנדערע ערטער — — — | 1210 |
| צוזאַמען — — — | 16,095 |

אַרבעטער אין די קאָלאָניעס:

| | |
|---|---|
| פּתח־תקוה | 1530 |
| רחובות | 926 |
| נס־ציונה | 567 |
| כפר־סבא | 455 |
| ראשון־לציון | 445 |
| חדרה | 688 |
| אַנדערע ערטער | |
| יהודה, שומרון | 2529 |
| עמק און גליל | 595 |
| צוזאַמען | 7,735 |
| סך־הכל | 23,830 |

די ציפער, לויט, אָפיציעלן ציוניסטישן רעכענונג, נעמט אַריין אַ ל ע אידישע לוין־אַרבעטער אין פּאַלעסטינע, איינגעשלאָסן אָנגעשטעלטע און דינסטן, איינגעשלאָסן א ו י ך ב אַ אַ מ ט ע, וועלכע מאַכן אויס זייער אַ היבשע צאָל. און קומען מיר צום אַ נ אַ ל י ז פון דער אַלגעמיינער ציפער, טאַקע לויטן מאַטעריאַל פון דעם ציוניסטישן באַריכט, מוז מען אויך אין דער דאָזיגער ציפער אָנהויבן צווייפלען.

דער באַריכט קלאַסיפיצירט די 23,830 אַרבעטער אַזוי:

| לאַנד־אַרבעטער (שוואַרץ־אַרבעטער) | אינדוסטריע און מלאכה | טראַנספּאָרט | בוי־אַרבעט | באַדינונג | פרייע פּראָפעסיעס | באַאַמטע | אַנדערע |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 5,133 | 6,440 | 1,492 | 1,887 | 3,231 | 1,899 | 3,551 | 197 |

די צאָל באַדינטע מאַכט אויס אַרום 14 פּראָצענט פון גאַנצן „פּראָלעטאַריאַט“ (פון די 23,830 זיינען 5,754 אַרבעטערינס, די גרעסטע מערהייט פון זיי, ווי עס קוקט אויס, הויז־אַרבעטערינס „ביי יענעם“). אומגעפער אַזאַ פּראָצענט מאַכן אויס די באַאַמטע און אָנגעשטעלטע — אויך אַ צו גרויסער און אומגעזונטער פּראָצענט. דאָס זעלביגע מיט דער צאָל לוין־אָנגעשטעלטע אין „פרייע פּראָפעסיעס“. גענויערע אינפאָרמאַציע וועגן דער רובריק, ווי וועגן „בוי־געביט“ וואָלט ניט געשאַדט (וואו גייען אַריין די אַרבעטער אין אַזאַ „ריז“, ווי די צעמענט־פאַבריק „נעשער“, דער שטאָלץ פון דער פּאַלעסטינער אינדוסטריע, וועלכע האָט אין גוטע צייטן באַשעפטיגט צוויי־דריי הונדערט אַרבעטער (סוף זומער 1931—אַרום 100)?

אַרום און אַרום — ניט קיין מורא'דיגע ציפערן. די צאָל פון 6440 באַשעפטיגטע אידישע אַרבעטער ביי אינדוסטריע א ו ן מלאָכה, קען געבן אַ באַגריף, וואו מען האַלט מיט דער „אינדוסטריע“ צווישן דער אידישער באַפעלקערונג אין פּאַלעסטינע. דער ציוניסטישער צענזוס פון דער „אינדוסטריע“, וואָס איז גענומען געוואָרן אין 1926, לאָזט אונז אַריינקוקן פון אינעווייניק פון דער דאָזיגער „אינדוסטריע“. די אַרבעטער האָבן זיך דאָ איינגעטיילט אַזוי:

| טעקסטיל | לעדער | האָלץ | בוי | כעמישע | פּאַפּיר | מעטאַל | שפּייז | פאַרשיי־דענע | צוזאַמען |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 718 | 350 | 739 | 1,175 | 256 | 671 | 490 | 1 134 | 179 | 5,711 |

אין דעם פּראָספּעריטי־יאָר 1926, אין ברען פון דער „פערטער עליה“, האָבן זיך אין דער פּאַלעסטינישער „אינדוסטריע“ געפונען 5,711 אידישע אַרבעטער, פון זיי די גרעסטע צאָל, 1,175, אין דער בוי־אינדוסטריע, וועלכע האָט זיך דעמאָלט געהאַט פאַנאַנדערגעבליט — מעסטנדיג מיט דער פּאַלעסטינישער מאָס — און וועלכע איז זינט דעמאָלט אָפּגעפאַלען. אָט די אָרימע ציפערן ווערן דערגאַנצט מיט די ציפערן פון 1928, וואָס מיר האָבן צום אָנהויב פון דעם קאַפּיטל געבראַכט.

דער ציפער גיט אונז אויך אַ באַגריף פון דעם ק ו ס ט אַ ר נ ע ם כ אַ ר אַ ק ט ע ר פון פּאַלעסטינישער אידישער „אינדוסטריע“. דער דורכשניט באַשעפטיגטע אַרבעטער, פער אונטערנעמונג אין גאַנץ פּאַלעסטינע, איינגעשלאָסן אויך אַראַבישע אונטערנעמונגען, איז אין 1928 געווען 5,1. דאָס באַווייזט אויף ווי ווייט מיר האָבן דאָ צוטאָן מיט קליין־אַרבעט. אין דעם אידישן סעקטאָר האַלט עס ע ר ג ע ר. דאָ קומט אויס אַ דורכשניט פון 4,11 אַרבעטער פער אונטערנעמונג. מיר האָבן דאָ, הייסט עס, צוטאָן, מיט קליינע אויסנאַמען, מיט אַ ק ו ס ט אַ ר־א י נ ד ו ס ט ר י ע, מיט אַ לאַטוטניק־„אינדוסטריע“. מיר האָבן דאָ פאַר זיך די „אינדוסטריע“ פון דער אַלטער געטאָ[1]), מיט אַ גרויסע מאַסע קליינע בעל־מלאכות, וואָס אַרבעטן „פאַר־זיך“, אין זייערע אָרימע און אומסאַני־

1) די טעקסטיל „אינדוסטריע“, אין וואַרבורג־באַריכט, שליסט איין 2 „פאַבריקן“ פון שיך־בענדלעך מיט 3 אַרבעטער און 1 „פאַבריק“ פון ציצות מיט 3 אַרבעטער...

טאַרישע הײמען, און װאָס די צאָל זײערע, װי אין דעם אַלטן „תחום" אין צאַרישן רוסלאַנד, איז װײט אַריבער דער פּראָפּאָרציע פון דעם נאָכפרעג. עס האַנדלט זיך, הײסט עס, אין פּאַלעסטינע, אין זײער אַ גרױסער פּראָפּאָרציע, ניט װעגן אינדוסטריע און אַרבעט װאָס באַשאַפט אַ מאָדערנעם פּראָלעטאַריאַט, נאָר װעגן נאָך אַ טיפּ קבצנים, װאָס מוז צו אָפט אָנקומען נאָך הילף און סובסידיעס פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. פון „גלות" און — בלײבט קבצניש סײ־װי.

װען מיר װאָלטן דאָ אַפילו ניט געהאַט צו טאָן מיט אַן אימפּעריאַליסטישער קאָלאָניע, װאָלט אױך זינלאָז געװען צו רײדן װעגן פּאַלעסטינע װי װעגן אַ לאַנד, װאָס קען בײ זיך באַשאַפן אַ אינדוסטריע. פּאַלעסטינע האָט ניט קײן שום גרונטאָװנעם רױ־מאַטעריאַל, װאָס איז נױטיג פאַר דער באַשאַפונג פון אַ אינדוסטריע — קױלן, למשל, אײזן, אַנדערע מעטאַלן. פּאַלעסטינע האָט אױך ניט קײן האָלץ, קײן פּאַרכּ.

די אינדוסטריע פון יעדן לאַנד הײנגט קודם כּל אָפּ פון דער מעגלעכקײט אױסצונוצן די אײגענע רעסורסן, די פּראָדוקטן פון דעם אײגענעם באָדן און די מינעראַלע אוצרות, װאָס דער באָדן פאַרמאָגט. דער פּאַלעסטינער באָדן פאַרמאָגט ניט אַזעלכע אוצרות. פּאַלעסטינע איז אַן אַגריקולטור־„לאַנד". די אַגריקולטור־פּראָדוקציע איז, און מוז פאַרבלײבן, דער באַזיס פון דער הכנסה פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג. און יואו עס האַלט מיט דער אַגריקולטור און מיט דער אַגריקולטור־באַפעלקערונג האָבן מיר שױן געזען.

װי קלײן פּאַלעסטינע זאָל ניט זײן — און פּאַלעסטינע באַקומט נאָך אַ קלענערן אױסזען, װען מען רעדט װעגן אַ מאַרק פאַר פּראָדוקטן — װערט דער מאַרק פאַר דער (לײכטער) אינדוסטריע נאָך מער פאַרקלענערט דורך דער גרױסער פאַראָרימקײט פון דער פּױערים־באַפעלקערונג. און, די לעצטע צען יאָר, דורך דעם שטײגנדיגן אַגראַר־קריזיס, װאָס האָט שטאַרק רעדוצירט דעם מאַרק־װערט פון דער אַגריקולטור־פּראָדוקציע. דער טרױם פון די ציוניסטישע „אינדוסטריעלער" איז, אַז פּאַלעסטינע זאָל װערן דער קװאַל פאַר צושטעלן פאַבריקאַטן פון דער לײכטער אינדוסטריע פאַר די לענדער פון אַראַביסטאַן (טראַנסיאָרדאַניאַ, איראַק, העדזשאַס, א. א.) און אַפילו פאַר עגיפּטן. דאָ אָבער שלאָגט זיך די קאָלאָניע פּאַלעסטינע אָן אָן די אינטערעסן פון ענגלישן אימפּעריאַליזם. די טבע פון אימפּעריאַליזם איז צו זוכן מערק פאַר זיך און ניט צו לאָזן אירע אַ קאָלאָניע קאָנקורירן מיט איר, נאָר פאַרקערט, אָט די קאָלאָניע צו עקספּלואַטירן. דעריבער האָט דער ענגלישער אימפּעריאַליזם (װי יעדער אַנדערער אימפּעריאַליזם) אַרומגערינגלט איר קאָלאָניע פּאַלעסטינע מיט אַ פאַרקאַן פון אָפּצאָלן, װאָס שטיקט און דריקט אױף די נישטיגע „אינדוסטריע", װאָס טוט אין פּאַלעסטינע עקזיסטירן.

דער ענגלישער אָפּצאָל־דירעקטאָר פון פּאַלעסטינע, י. ק. סטעד, האָט אין נאָװעמבער, 1931, געלאָזט װיסן, אַז די הכנסה פון דער פּאַלעסטינער רעגירונג האָט זיך אין 1930 פאַרקלענערט אױף 469,778 פונט, אין פאַרגלײך מיטן יאָר 1926, און אַז די רעגירונג װעט דעריבער האָבן אַ דעפיציט, אין 1930, אױף אַרום אַ מיליאָן דאָלאַר. די דערקלערונג זײנע איז געװען, אַז דער דעפיציט איז אַ רעזולטאַט פון דעם קריזיס אין אַמעריקע און אײראָפּע. אין דער זעלביגער דערקלערונג איז אָנגעגעבן געװאָרן, אַז דער אימפּאָרט קײן פּאַלעסטינע איז אין 1930 געװען פיר מאָל אַזױ גרױס װי דער עקספּאָרט. די אָנצוהערעניש איז אױף אַזאַ אופן געמאַכט געװאָרן, אַז פּאַלעסטינע האָט צוליב דעם קריזיס ניט געקענט פאַרקױפן סחורות מער װי אױף אַ פערטל דערפון װאָס זי האָט געמוזט אײנקױפן. די זאַך איז אָבער, װאָס פּאַלעסטינע האָט ש ט ע נ ד י ק געהאַט אַ שאַרף־פּאַסיװן עקספּאָרט־אימפּאָרט באַלאַנס. אין 1926 האָט דער עקספּאָרט אױסגעמאַכט נאָך װ י נ צ י נ ע ר װי אַ פערט־חלק פון דעם אימפּאָרט (עקספּאָרט — 6,446 פונט, אימפּאָרט — 32,200 פונט). אָט דער רעכענונג, הגם אַ גראָשנדיגער, גיט אַ באַגריף פון דער פּאַלעסטינער „עקאָנאָמיק" — אין אַ „פּראָספּעריטי" יאָר. די װאָרבורג־עקספּערטן האָבן ניט אינגאַנצן געקענט פאַרשטײן, װי אַזױ פּאַלעסטינע דעקט דעם דאָזיגן פּאַסיװ. דער ענטפער איז: פּאַלעסטינע ד ע ק ט נ י ט, מיט אײגענע מיטלען, פּאַלעסטינע לעבט אױפן רעכענונג פון דעם דרױסן, „דעם גלות". פ אַ ל ע ס ט י נ ע ק ע ן ע ק אָ נ אָ מ י ש א ױ ף ד י א ײ ג ע נ ע פ י ס נ י ט ש ט ײ ן.

פּאַלעסטינע האָט װײניג װאָס צו עקספּאָרטירן— סײדן מען זאָל רעכענען דעם „רעליגיע־עקספּאָרט", װי ער הײסט בײ די װאָרבורג־עקספּערטן, אַן „עקספּאָרט" פאַר די אָנהײנגער פון יעהאָװאַ, יעזוס און מאַכמעד. דאָס איז אַן „אומגעזעענער עקספּאָרט", װײל דער „אַרטיקל", װאָס װערט דאָ אַרױסגעפירט, נױטיגט זיך װײניג אין פּראַכט־װאַגאָנען, אָדער שיפן. דערפאַר קומט פאַר דעם „אַרטיקל" אַרײן געלט מיט דער הילף פון אַלערלײ אידישע, קריסטלעכע און מאַכמעדאַנישע צדקה־פּושקעס...

אױף װיפיל די באַפעלקערונג אין פּאַלעסטינע עקזיסטירט, מוז עס אױף אַזאַ אופן געשען אױפן זאַפט, װאָס קומט פון דרױסן. פ אַ ל ע ס ט י נ ע א י ז אַ ן א ײ ד י ם א ױ ף ק ע ס ט ב ײ ם ג ל ו ת. שטעלט זיך אָפּ דער צופלוס פון פאָנדן פון אױסלאַנד, אָדער װערט דער צופלוס שװאַכער, רופט זיך אָפּ שטאַרקער דער אומגעהױערער (לױט זײן פּראָ־

פּאָרציע) האַנדלס־דעפיציט, רופט זיך אָפּ שטאַרקער די אינערלעכע „ענגלישע קראַנקהייט“ פון דער קאָלאָניזאַציע. דער פּאַלעסטינער „ישוב“ האָט ניט קיין באָדן.

## די געטאָ

אָן אַ עקאָנאָמישן באָדן, געשטעלט אויף צדקה, אויף דרויסנדיגער שטיצע, אויף פּערמאַנענטער שנאָררעריי (הערפון איז אַ באַדייטנדיגער מאָס — שנאָררעריי אין נאָמען פון רעליגיע, פון אויפהאַלטן רעליגיעזע „אוצרות“), און אויפגעהאַלטן דורך ענגלישע באַיאָנעטן, און אינגאַנצן אַ זאַך, וואָס איז אַ געצייג אין די הענט פון אימפּעריאַליזם און וואָס טראָגט אַן אָנגרייפענדיגן כאַראַקטער געגן דעם אַראַבישן האָרעפּאַשניק, — האָט זיך דער „ישוב“ אויסגעפורעמט אין אַ געטאָ, וואָס שטייגט אַריבער אין פיל פּרטים די אַמאָליגע אַלטע געטאָס אין „גלות“.

אין פּאַלעסטינע האָט אויפגעלעבט די אַלטע־אַלטע געטאָ פון אַ יאָרהונדערט און מער צוריק, די געטאָ, וואָס האָט זיך אַרומגעצאַמט מיט אַ ראָגאַטקע, וואָס האָט פאַרשלאָסן דעם טויער צו די „גאָיעם“ ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן. צוליב זיין אָנגרייפנדיגן כאַראַקטער, וואָס צוליב דעם איז דער סעמיט, דער אַראַבער, געוואָרן געשטימט געגן אידן, מוז זיך די געטאָ אַרומצאַמען, באַוואָפענען, אַרומרינגלען זיך מיט שומרים, און ווידעראַמאָל אָנקומען צו דער ענגלישער ביקס, און ווידעראַמאָל שטעלן זיך אין דינסט פון ענגלאַנד. עקאָנאָמיש פאַרמאָגט פּאַלעסטינע ווידעראַמאָל די ערגסטע שטריכן פון דער אַמאָליגער געטאָ. דער לופט־מענטש, דער מנחם־מענדל, דער נישטיגער שפּייז־קרעמער, דער גראָשנדיגער סאָדע־וואַסער („גאַזאָז“) הענדלער, פאַרנעמט אַן אָנגעזעען אָרט אין פּאַלעסטינע און דאָס ציען חיונה פון דער ציוניסטישער פּושקע און פון דער רעליגיעזער פּושקע, האָט געגעבן דער פּאַלעסטינער געטאָ דעם שטריך, וואָס די אַלטע געטאָס האָבן נישט פאַרמאָגט.

עס וועט גענוג זיין צו דערמאָנען די אויבן־געבראַכטע אָפיציעל־ציוניסטישע ציפער, אַז אין 1931 איז אין תל־אָביב (צוזאַמען מיט יפו) אָנגעציילט געוואָרן ניט מער ווי 6695 לוין־אַרבעטער, שוין אַריינגערעכנט אָנגעשטעלטע הויז־אַרבעטערינס (דינסטן), באַאַמטע און אָנגעשטעלטע און מיטגלידער פון פרייע פּראָפעסיעס! און דאָס פון אַ אידישער באַפעלקערונג פון־אַרום זעכציג טויזנט!

ירושלים, מיט אַ אידישער באַפעלקערונג פון אַרום פערציג טויזנט, פאַרמאָגט 5189 לוין־אַרבעטער (שוין אַריינגערעכנט די דערמאָנטע קאַטעגאָריעס)! חיפה—3001...

פון וואָס לעבט די אידישע באַפעלקערונג אין די שטעט אין פּאַלעסטינע?

האדאה, ל. ראָזנהויז [1]), און אַנדערע, וואָס קענען גוט די פּאַלעסטינער ווירקלעכקייט, האָבן געגעבן אַ געהעריגע כאַראַקטעריסטיק פון תל־אָביב. אין תל־אָביב, דער שטאָלץ פון ציוניזם, לעבן די פאָלגנדיגע קאַטעגאָריעס:

1. רייכע אידן פון אויסלאַנד, וואָס זיינען געקומען אָפּלעבן זייערע יאָרן אין „ארץ ישראל“ (דאָס זעלביקע איז גילטיק פאַר ירושלים).

2. שרייבער, וואָס קריגן האָנאָראַר פון „גלות“ (קאָרעספּאָנדענטן, „פּילאָזאָפן“, פּאָעטן, מחברים פון אַלערליי סאָרטן).

3. לערער, באַאַמטע, ציוניסטישע קאָכלעפל, און דער גאַנצער ציוניסטישער אַפּאַראַט, וואָס ציען אַלע זייערע יניקה פון „גלות“.

4. כלי קודש, מעקלער, „אַגענטור“־לייט )„פאַרטרעטער“ פון אויסלענדישע פירמעס), און קרעמער, קרעמער, קרעמער אָן אַ שיר. שוין אין 1924 האָט די ציוניסטישע צייטונג „הארץ“ אָנגעציילט אין תל־אביב 2000 קלייטלעך — אויף יעדן צענטן מענטשן אַ קלייטל. „דערצו אַ פאַנטאַסטיש־גרויסע־פאַרהעלטניסמעסיק־צאָל פון רעסטאָראַנען, האָטעלן, קאַפע־הייזער“ [2]).

מיט דער אויסנאַם פון די הייפעלעך אַרבעטער, איז ניטאָ קיין איין עקאָנאָמיש־געזונטער עלעמענט אין תל־אביב, אַפילו צווישן די אַרבעטער איז די פּראָפּאָרציע באַשעפטיקטע אין בוי־פאַך צו גרויס. און די בוי־אַרבעט איז אַזעלכע וואָס שפּייזט זיך אויף די באַדערפענישן פון די פּאַראַזיטן עלעמענטן, און אָפט טראָגט זי אַ ספּעקולאַטיוון כאַראַקטער. רעכנט מען אַראָפּ פון די אָפיציעל־אָנגעגעבענע 6695 לוין־ אַרבעטער אין תל־אָביב און יפו די באַאַמטע, די פאַרשיידענע אָנגעשטעלטע, די „האָטעל“־און־„רעסטאָראַן“ און די הויז־אַרבעטער, בלייבט פאַר „אינדוסטריעל“־באַשעפטיקטע אין די שטעט זייער ווייניק, העכסנטס אַ צוויי־דריי טויזנט, און דאָס אויך מייסטנס באַשעפטיקטע בא קליין־מלאכה, אין געטאָ־וואַרשטאַטן...

עקאָנאָמיש איז ניטאָ קיין איין געזונטער ווינקל אין דעם „ישוב“, אין שטאָט ווי אויפן לאַנד. אין פיל פּרטים איז דער תחום“ אין צאַרישן רוסלאַנד געווען עקאָנאָמיש געזינטער — ווי קראַנק ער איז ניט געווען! און דאָס זעלביקע — נייסטיק.

פּאַלעסטינע, מיט איר שאָוויניזם, פינצטערניש, מאַכט פון דער יאַרמולקע, שטייגט אַריבער אַפילו די געטאָס אין די קלענערע פּוילישע שטעט און שטעטלעך, וואו עס בושעוועט די הערשאַפט פון גערער רבין.

---

1) האדאד, „דער ציוניזם ווי ער איז“, מאָסקווע, 1925. ל. ראָזענהויז, „דער ציוניזם אין זיין אמת'ן געשטאַלט“, סטאַניסלאַוואָוו, 1926.

2) האַדאַד, ז. 35.

טאקע דערפאר, ווייל עקאנאמיש האט פאלעסטינע לחלוטין ניט אויף וואס צו שטיין, און ווייל די יאר־מולקע איז א שפייזערין.

אין דעם גאנצן „גלות" זאמלען פאנאטיקער אין די פושקעס. אין דעם גאנצן „גלות" באזונדערס אין אמעריקע, צירקולירן בריוו פון אלערליי רבנים און רב'יעך, גאט־בעטער און קברים־רייסער, וועלכע זאגן צו אויסצווירקן א גוט יאר פאר א נדבה. די אויסגע־שנארעטע נדבות, די געלטער פון „מאיר בעל הנס", פאר דער „מערת המכפלה", פאר ארץ ישראל ערד, און אזוי ווייטער, זיינען אין פאלעסטינע א מאכט. האט די יארמולקע א דעה. דאמינירט זי.

אויך דער ציוניזם אפערירט מיט „הייליקייט", מיט רעליגיעזע סענטימענטן. דער ציוניזם זאמלט זיינע געלטער אין די בתי־מדרשים, ערב יום־כפור, תשעה־באב ¹). דאס לייגט ווידער דעם רעליגיעזן שטעמפל אויפן „ישוב".

דערישט די יארמולקע, דער בית־מדרש, די ישיבה. ווערט דאס קינד דערצויגן רעליגיעז. חומש און גמרא ווערט געלערנט אפילו אין די „מאדערנע" שולן, אין נאמען פון נאציאנאלע אינטערעסן. בושעוען די „שומרי־שבת". ווערט אויף ציוניסטישע קאנגרעסן אפיציעל אנערקענט, אז מען דארף זיך רעכענען מיט דער אידישער רעליגיע אין דער ציוניסטישער ארבעט אין פאלעסטינע ²). ווערט אין העברעאישן „אוניווער־זיטעט" אין ירושלים, וועלכער ווערט אויך אופגעהאלטן פון „גלות" און איז א מין מאדערניזירטע ישיבה, ניט דערלויבט ביבעל־קריטיק. איז דער גאנצער העברע־איש־יועזן, וועלכער איז עד היום אן אומנאטירלעכע פרי, א פראדוקט פון רעליגיע, שאוויניזם, פאשיזם. די ווילדע פארפאלגונג קעגן אידיש איז נאר איין שטריך פון דער הערשאפט פון דעם רעליגיעז־שאוווי־ניסטישן פאנאטיזם, פון דער פאלעסטינער געטא, די געטא פון דעם מנחם מענדיל, בעל־טאקסע (באאמטן) און פון דער יארמולקע.

1) אין דעם באריכט פון דער ציוניסטישער ארגאני־זאציע פון אמעריקע פאר די 15 חדשים, צווישן 1טן יוני, 1930, און דעם 1טן אקטאבער, 1931, ווערט דערציילט, אז פארן קרן קימת איז אריינגעקומען דורך: „ערב יום כפור קערות – $1,624, פורים־זאמלונגען — $13,079, תשעה־באב זאמלונגען – $13,258". די פושקעס, ווערבע פארביי־טען די מאיר בעל הנס פושקעס, אדער הייגען זיך ביי זייט מיט זיי האבן אריינגעבראכט די גרעסטע סומע — קארגע 60 טויזנט דאלאר. פון צוזאות איז אריינגעקומען העכער 19 טויזנט (ארום און ארום האט דער פאנד געזאמלט אין די 15 חדשים $144,449, מיט 50 טויזנט דאלאר ווייניקער ווי מיט א יאר פריער און מיט הינדערטער טויזנטער דאלאר ווייניקער ווי אין דער „פראספעריטי"־צייט. אין די 12 חדשים ביז'ן 1טן אפריל, 1928, האט דער קרן קימת אין פאלעסטינע געקראגן פון אמעריקע 223,191 פונט — ארום א מיליאן מיט 120 טויזנט דאלאר — שוין א ר א פ ג ע־ר ע כ נ ט די הוצאות פון די זאמלונגען אין אמעריקע).

2) די ציוניסטישע קאנגרעסן — ס'הייסט די אפענע זיצונגען — קומען ניט פאר אום שבת. אויף דעם ציריכער קאנגרעס איז אנגענומען געווארן א רעזאלוציע, אז די אידי־שע רעליגיע זאל גענומען ווערן אין אכט ביים בויען דעם „ישוב".



א טיפ פון אן אלטן קאלאניסט אין סאוויעטן־פארבאנד.

ש. דימאַנטשטיין

# די אידישע אויטאָנאָמיע אין בירא-בידזשאַן

אין אונזער גרויסן פעלקער־פאַרבאַנד שטרעבן מיר צו באַזאָרגן, אין דער גרעסטער מאָס, די אינטערעסן פון די געוועזענע אונטערדריקטע פעלקער. מיר ווילן צופרידן שטעלן זייערע שטרעבונגען צו אַ נאַציאָנאַל־מלוכה'שע פאָרמירונג פון זייער אומאָפּהענגיקייט אין די ראַמען פון דעם פאַרבאַנד פון די סאָציאַליסטישע סאָוועטן־רעפּובליקן, אויפן גרונט פון אונזער קאָנסטיטוציע. אָט דער וועג איז דער איינציקער פון די בעסטע אופנים, ווי צו ליקווידירן די נאַציאָנאַלע אומגלייכהייט אין דעם יורידישן און פּאָליטישן זינען. דאָס איז אַ מעכטיקער מיטל אויפצוהייבן די עקאָנאָמיק פון די פעלקער און זייערע נאַציאָנאַלע קולטורן, וואָס ברענגט מיט זיך אַ מורא'דיקן וואוקס פון פּאָליטישן באַוואוסטזיין, שאַפונגס־ענערגיע און דעם ענטוזיאַזם פון די מאַסן. אונזערע דערפאָלגן אויפן געביט פון אָנווענדן אָט די נאַציאָנאַלע פּאָליטיק זיינען שוין באַוואוסט איבער דער גאַנצער וועלט און ס'איז ניט נויטיק דאָ נאָכאַמאָל איבערצו'חזר'ן.

דער פּראָצעס פון באַשאַפן באַ אונז נאַציאָנאַלע רעפּובליקן און אויטאָנאָמע געגנטן, האָט געדויערט צוליב אַ גאַנצער רייע אורזאַכן, אַ לענגערע צייט. אין איינציקע ערטער איז די מניעה געווען אין פאַרבינדונג מיט דער נאָך ניט פאַרענדיקטער בירגער־קריג אין אַזעלכע געגנטן, וואָס זיינען געווען באַוואוינט מיט פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן. אין אַנדערע פאַלן האָבן מיר געהאַט צו טאָן מיט צופיל צעשטויבטע און צעריבענע פעלקער, וואָס האָבן ניט געקאָנט אַזוי שנעל קומען צו זיך גלייך נאָך דער רעוואָלוציע. אַנדערע האָבן זיך ערשט געקאָנט קאָנסאָלידירן דעמאָלט, ווען די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט איז שוין געווען פולשטענדיק באַפעסטיקט. אַ טייל פון די נאַציאָנאַליטעטן האָט פריער געהאַט איר אייגענע מלוכה־שאַפט און אַ צווייטער טייל האָט אָדער איר קיינמאָל ניט געהאַט, אָדער געהאַט דאָס שוין אַזוי לאַנג צוריק, אַז די געדעכעניש וועגן זייער אַמאָליקער מלוכה עקזיסטענץ איז שוין כמעט אינגאַנצן פאַרווישט געוואָרן און ס'איז נאָר געבליבן אַ נעפּלהאַפטע פאָרשטעלונג באַ די אַרבעטנדיקע מאַסן פון איינציקע פּרימעטיווע, רויע פאָרמען, וואָס קומען נאָך פון צו צייט צום אויסדרוק.

גלייך נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע, ווי עס ווערט עטאַבלירט די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט הייבן זיך אָן צו גרינדן די נאַציאָנאַלע רעפּובליקן. עס ווערט פּראָקלאַמירט די אוקראַאינער רעפּובליק. דערנאָך דערשיינט די דייטשישע אַרבעטס־קאָמונע אויף דער וואָלגע. פאַקטיש פון סאַמע אָנפאַנג פון דער רעוואָלוציע באַטראַכט זיך טורקעסטאַן פאַר אַ זעלבסטשטענדיקע רעפּובליק (די באַשטעטיקונג דורך אַן אָפּציעלן דעקרעט קומט אַ ביסל שפּעטער) דערנאָך פאָלגן אין דער רייע די באַשקירער, טאַטאַרן, קאַרעלער, טראַנסקאַווקאַזער און אַנדערע רעפּובליקן. בכלל האָט דער שאַפונגס־פּראָצעס פון די נאַציאָנאַלע רעפּובליקן אָנגעהאַלטן פיר יאָר. איינציקע האָבן שוין איצט אין פאַרשידענע צייטן געפייערט דעם 10 יאָריקן יובילעאום פון זייער זעלבסטשטענדיקייט.

אין אַ פאַרהעלטניסמעסיק שפּעטערער צייט האָט זיך אָרגאַניזירט דער פאַרבאַנד פון דער ס. ס. ר. די אויטאָנאָמע געגנטן זיינען שוין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין רעפּובליקן. טורקעסטאַן האָט זיך פונאַנדערגעטיילט אויף זיינע נאַציאָנאַלע באַשטאַנד־טיילן. עס האָבן זיך געבילדעט נייע אָנגעשלאָסענע רעפּובליקן. אויף אַזאַ אופן איז אנטשטאַנען אין 1929 די מאָרדאָווער אויטאָנאָמער געגנט און אין 1930 האָט זיך געבילדעט דער דייטשער און אַ רייע אַנדערע נאַציאָנאַלע געגנטן. אַזוי זיינען געווען כמעט די שטופן פון דעם אויטאָנאָמען נאַציאָנען־אויפבוי, וואָס האָבן באַוויזן אַז די שאַפונגס־אַרבעט פון באַזאָרגן די אַרבעטנדיקע פון די פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן אין דעם פאַרבאַנד פון די ס. ס. ר. גייט אָן כסדר, אָן שום איבעררייס.

העלפנדיק מיט אַלע מיטלען די ברידערלעכע קרובה'שאַפט פון די נאַציאָנאַליטעטן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, אויסרייסנדיק מיטן וואָרצל די נאַציאָנאַלע שנאה, וואָס הערשנדיקע קלאַסן האָבן פאַרפלאַנצט צווישן די אַרבעטנדיקע, זעען מיר אין דערזעלביקער צייט ווי עס קאָנסאָלידירן זיך נייע נאַציעס, וועגן וועלכע חבר סטאַלין האָט גערעדט, וואָס פּראָקלאַמירן זייערע נאַציאָנאַלע רעכט און שטרעבונגען אויפצושטיין צו אַ נייעם נאַציאָנאַלן לעבן, אונטער די סאָוויעטישע באַדינגונגען.

מ'מוז אָבער דערביי ניט אויסלאָזן פון באַטראַכט אַ זייער וויכטיקן אומשטאַנד. ס'זיינען נישטאָ אין ראַטן־פאַרבאַנד אַזעלכע גרויסע טעריטאָריעס וואָס זאָלן זיין באַזעצט נאָר פון איין נאַציע אָן וועלכע ס'איז צומישונגען פון אַנדערע פעלקערשאַפטן, וואָס אַנדערע לעבן שוין דאָרטן פון דור־דורות און אַנדערע ערשט ניט לאַנג אָנגעקומענע.

אין דעם צוזאַמענשטעל פון סאָוועטן־פאַרבאַנד האָבן מיר געהאַט אַזעלכע נאַציאָנאַלע רעפּובליקן וואו עס געפינט זיך אַ קאָמפּאַקטע מערהייט פון 80-70

פּראָצענט, ווי למשל: אוקראַינע, אוזבעקיסטאַן, טשוּוואַשיע און אַנדערע, אָבער עס זיינען אויך ניט ווייניק דאָ אַזעלכע רעפּובליקן, וואו די באַפעלקערונג פון איין נאַציאָנאַליטעט באַטרעפט נאָר אַ העלפט פון דער אַלגעמיינער צאָל, ווי קאַזאַקסטאַן, טאַטאַריע און אַנדערע. עס זיינען אויך פאַראַן אַזוינע רעפּובליקן, וואו קיין נאַציאָנאַליטעט האָט ניט קיין מאַיאָריטעט, נאָר אַ פּלוראַליטעט, אַזוי ווי למשל אין באַשקיריע, אין מאָרדאָוויע. ס'זיינען אויך פאַראַן אַזעלכע וואו די איינגעבאָרענע באַפעלקערונג פון דור־דורות זיינען נאָר אַ מינאָריטעט, ווי עס איז דער פאַל מיט די טאָטערן אין קרים, און אַנדערע פאַלן.

די גאַנצע פראַגע באַשטייט אין דער צוועקמעסיקייט צו שאַפן אַן אויטאָנאָמע, נאַציאָנאַלע איינהייט, כדי וואָס שנעלער פּטור צו ווערן פון די איבערגעבליבענע נאַציאָנאַלע אומגלייכקייטן און באַפרידיקן יענע פאַרלאַנגען פון די אַרבעטנדיקע מאַסן, וואָס דרינגען אַרויס פון די גרונט־פּרינציפּן פון דער סאָוועטישער נאַציאָנאַל־פּאָליטיק — די זעלבסטבאַשטימונג פון די נאַציעס.

אַרויסגייענדיק פון דעמזעלבן פּרינציפּ, ווי אויך פון אונזער פּראַקטיק אויף דער נאַציאָנאַלער ליניע, איז אויך געלייזט געוואָרן די פראַגע וועגן די אידן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. — די אידן, וועלכע האָבן זיך פריער ניט געקאָנט פאַררעכענען פאַר אַ נאַציע. דאָס איז געלייזט געוואָרן אויפן גרונט פון געזונטע באַגריפן, וואָס דער מאַרקסיזם האָט געשאַפן אין דער באַשטימונג פון נאַציע. עס איז דאָך פריער ניט געווען קיין שום באַדייטנדיקע טעריטאָריע, וואו אידן זאָלן זיין אין דער מערהייט, אָדער אפילו אין אַ היבשער מינדערהייט.

נאָר בּאַ די סאָוועטישע באַדינגונגען איז מעגלעך געוואָרן די באַדייטנדיקע אויסוואַנדערונג פון אידישע מאַסן אין אַזאַ קנאַפּ־וואָס באַזעצטן ראַיאָן ווי ביראָ־בידזשאַן, אויפן ווייטן מזרח. דער חשבון איז, אַז אין צוויי יאָר אַרום זאָלן שוין דאָרט זיין באַזעצט אַרום 50 טויזנט האָרעפּאַשנע אידן, מיט אויסזיכטן פאַר נאָך גרעסערע אַריינוואַנדערונגען. ממילא איז שוין קאָנקרעט אויפגענומען געוואָרן די פראַגע וועגן שאַפן דאָרט אַ אידישן אויטאָנאָמען איינס. דעמאָלט וועלן שוין אידן באַטראַכט ווערן ווי אַ נאַציע, אַזוי גוט ווי אַלע אַנדערע אין דעם פאַרבאַנד פון די סאָוועטן.

אגב איז די אידישע דריי־מיליאָניקע באַפעלקערונג אין דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד געווען די איינציקע צווישן די פאַרהעלטניסמעסיק גרעסערע פעלקער אין ס. ס. ס. ר., וואָס האָבן ניט געהאַט זייער אויטאָנאָמע, טעריטאָריעלע איינס צוליב דעם וואָס זיי האָבן ניט געהאַט קיין שום פאַסנדיקע טעריטאָריעלע באַדינגונגען.

איצט ווען דער פאַקטאָר ענדערט זיך איז געוואָרן פולשטענדיק צוועקמעסיק די באַשטימונג פון צי"ק וועגן דער אָריענטאַציע אויף אַ אידישן אויטאָנאָמען איינס. ווי אויך די צייט וואָס דער צי"ק האָט אָנגעמערקט צו באַשאַפן אָט די אויטאָנאָמע איינס אין דעם סוף יאָר פון 1933.

### אָט איז דער אָפיציעלער באַשלוס:

„וועגן די מיטלען צו פאַרווירקלעכן דעם פּאַראַגראַף 5. דער באַשלוס פון פּרעזידיום פון דעם צענטראַלן אויספיר־קאָמיטעט פון ס. ס. ר. פון דעם 28 מערץ 1928 וועגן אָרגאַניזירן אין דעם ביראָ־בידזשאַנער ראַיאָן פון דעם ווייטן מזרח־געגנט אַ אידישן נאַציאָנאַל־אַדמיניסטראַטיוון טעריטאָריעלן איינס.

1) פאַרלייגן דעם גאָספּלאַן פון ר. ס. פ. ס. ר. און דעם איספּאָלקאָם פון ווייטן מזרח צוציען דעם קאָמערד און צוטרעטן תיכף צו דער אויסאַרבעטונג — און צושטעלן דאָס ניט שפּעטער ווי אין דעם מאָנאַט נאָוועמבער פון זעלבן יאָר — קאָנטראָל־ציפערן בנוגע אַלע צווייגן פון דערווירטשאַפטלעכער און קולטורעלער בויאונג פון ביראָ־בידזשאַנער ראַיאָן פאַרן 1932 און 1933 יאָרן, אָריענטירנדיק זיך אויף דעם אויסבילדן צום סוף פון דעם 1933 יאָר אַן אויטאָנאָמען, אַדמיניסטראַטיוו טעריטאָריעלן אידישן איינס, אין די גרעניצן פון ביראָ־בידזשאַנער ראַיאָן אין דעם געגנט פון דעם ווייטן־מזרח.

2) אויסאַרבעטנדיק די קאָנטראָל ציפערן זאָל מען אַרייננעמען פון די מעגלעכקייטן, וואָס זיינען פאַראַן צו פאַרשטאַרקן באַדייטנדיק דעם שנעלן ווירטשאַפטלעכן וואוקס פון דעם ראַיאָן, אויפן גרונט פון אַנטוויקלען דאָרט גרויסע, אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען פאַרן אָרטיקן רוי־מאַטעריאַל (ווי אייזן, גראַפיט, וואַלד, בוי־מאַטעריאַל), הוים־אינדוסטריע, סאָווכאָזישע און קאָלכאָזישע אונטערנעמונגען, אַנטשפּרעכנדיקע וועגן און באַנען אויסבעסערונגען, ווי אויך די באַזאָרגונג מיט געהעריקער שנעלקייט דעם בוי פון די וואוינונגען.

3) אין די קאָנטראָל־ציפערן זאָל זיין פּראָיעקטירט די גרויס פון דער אַרבעטקראַפט, וואָס דאַרף ווערן געשעפּט פון די אידישע איבערוואַנדערער לויט די באַזונדערע צווייגן פון דער פאָלקס־ווירטשאַפט און די נויטיקע מיטלען פאַר דער באַזעצונג פון די איינוואַנדערער (וואוינונגען, קולטור און אַנדערע געביידעס).

3) געבן גלייך אָנווייזונגען אַלע אַנטשפּרעכנדיקע אויספיר אָרגאַנען וועגן דער אומבאַדינגטער נויטיקייט אַרויסצוגיין פון די הנחות פון דער דאָזיקער פאַראָרדנונג בשעת'ן פאַנאַנדעראַרבעטן די קאָנטראָל־ציפערן פאַר דעם יאָר 1932.

4) פאַרלייגן פאַר'ן פאָלקאָמבילד און פאַרן פאָלקס־קאָמיטעט פון געזונט פון ר. ס. פ. ס. ר. און דעם קראַי־

איספּאָלקאָם פֿון ווייטן מזרח תיכף אָנצונעמען מיט־לען צו באַדעקן דעם בירא־בידזשאַנסקן ראַיאָן אין דעם יאָר 1932 מיט אַ נעץ פֿון קולטור־באַלערנדיקע און סאַניטאַר־מעדיצינישע איינריכטונגען, וואָס זאָלן פֿאָלשטענדיק באַפֿרידיקן די באַדערפֿענישן פֿון די איינוואַנדרערע, נעמענדיק אין אַנבאַטראַכט די באַזונ־דערקייטן פֿון דער איבערוואַנדערונג אין דעם ראַיאָן און פֿאָראויסזען די פּאַסנדיקע געלט־קרעדיטן פֿאַר די אונטערנעמונגען.

5) אויסטיילן פֿון די אידן וואָס פֿאַרענדיקן הויך־שולן, טעכנישע הויך־שולן, טעכניקומס, פּאַרטיי שולן און אַנדערע בילדונגס־אַנשטאַלטן אַ באַשטימטע און גענויע צאָל טוער פֿאַרן בירא־בידזשאַנער ראַיאָן. דער קראַיאיספּאָלקאָם פֿון ווייטן מזרח און דער קאָמערד זאָלן ניט שפּעטער ווי דעם ערשטן נאָוועמבער 1931 באַשטימען די נויטיקע צאָל קאַדרן פֿאַרן יאָר 1932; אַנערקענען פֿאַר אומבאַדינגט נויטיק די פּינקטלעכע אויספֿירונג אויפֿן ערשטן פּלאַן, נאָך אין דעם האַרבסט פֿון דעם לויפֿנדיקן יאָר, דורך אַן אָפּטיילונג פֿון קאַדרן, אַנשפּרעכנדיקע נאַרקאָמאַטן און אָרגאַנען, אַלע פּונקטן פֿון דער דאָזיקער פֿאַראָרדענונג.

6) איבערגעבן דעם בירא־בידזשאַנער ראַיספּאָל־קאָם פֿון דעם 1־טן יאַנואַר 1932 דאָס רעכט צו ווערן אָנגענומען אין דער בירגערשאַפֿט פֿון דעם פֿאַרבאַנד פֿון ס. ס. ר. אין איינקלאַנג מיטן געזעץ פֿון 22־טן אַפּריל 1931 מיט די נאָכפֿאָלגנדיקע באַשטעטיקונגען פֿון דעם קראַיאיספּאָלקאָם פֿון ווייטן מזרח.

סעקרעטאַר פֿון וציק א. קיסעלעוו.

אונזער אויפֿגאַבע באַשטייט איצט אין אָנפֿירן אַ ריכטיקע אַגיטאַציע קעגן יעדן אויסדרוק פֿון אידישן נאַציאָנאַליזם אויף דער ליניע און בויענדיק אַלץ אויף אינטערנאַציאָנאַלע יסודות. מיר דאַרפֿן האָבן אין זינען, אַז דער עיקר פֿון דער אידישער איבערוואַנדע־רונג איז די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע צוועקמעסי־קייט, ווי אַ פֿאָלגע פֿון קאָנצענטרירן טיילן פֿון דער אידישער באַפֿעלקערונג אויף איין אָרט, וואָס איז מסוגל צו שאַפֿן אַ אידישן אויטאָנאָם־טעריטאָריעלן איינס. דאָס אַליין איז וויכטיק אָן־און־פֿאַר־זיך. דאָס איז אַן ערנסטער פּאָליטישער אַקט אין דער נאַציאָנאַלער פּאָ־ליטיק פֿון דער סאָוועטן מאַכט בנוגע די אידישע אַרבעטנדיקע מאַסן.

דער ברייטער קרייז לעזער איז ווייניק־וואָס באַ־קאַנט מיט בירא־בידזשאַן אַליין, דערפֿאַר וועט ניט שאַטן צו באַקאַנען זיך דאָ מיט אייניקע אַלגעמיינע פֿאַקטן: בירא־בידזשאַן איז אַ טייל פֿון דעם ווייט־מזרח געגנט און געפֿינט זיך ניט ווייט פֿון דער שטאָט כאַבאַראָווסק, דער הויפּט־צענטער פֿון דעם געגנט. דער נאָמען בירא־בידזשן נעמט זיך פֿון די צוויי טייכן וואָס שניידן איבער דעם ראַיאָן (איינער איז 700 קילאָ־מעטער און איינער איז 300 קילאָמעטער לאַנג.) און פֿאַלן אַריין אין דעם גרויסן טייך אמור. בירא־בידזשאַן ציט זיך באַ די ברעגן פֿון א מ ו ר אויף אַ שטרעקע פֿון 450 קילאָמעטער. דער אַלגעמיינער שטח וואָס מ'האָט לכתחילה אָפּגעגעבן פֿאַר דער איבערוואַנדערונג איז פֿריער געווען אַרום 40 טויזנט קילאָמעטער און דערנאָך בשעת מ'האָט דעם געגנט ראַיאָניזירט האָט מען צוגעגעבן כמעט נאָך אַזוי פֿיל. אָט דער שטח איז דריי מאָל אַזוי גרויס ווי פּאַלעסטינע און גרעסער ווי פֿיל אַנדערע פֿון די אייראָפּעאישע מלוכות. אין קלי־מאַטישן זין געפֿינט זיך דער סאַמע שווער־פּונקט פֿון בירא־בידזשאַן אויף דער זעלבער געאָגראַפֿישער ברייט־ליניע ווי כאַרקאָוו, בערדיטשעוו, אָדער פּאָלטאַווע. די ווינטערס זיינען דאָ פֿראָסטיקע, מיט ווייניק שנייען, אָבער מיט אַ סך זוניקע טעג. דער פֿרילינג איז אַ טרוי־קענער, אַ זוניקער. דער זומער האָט געווענליך רעגענונג און דער האַרבסט קומט אָן שפּעט. דער באָדען איז געווענליך פֿרוכטבאַר, נאָר אין פֿיל ערטער דאַרף מען אָפּ־קירעווען די געוויסערן, אויסקאָרטשעווען וועלדער, וואָס פֿאַרנעמען אַ מורא'דיקן גרויסן שטח אין בירא־בידזשאַן און באַזאָרגן געווענליך בוי־מעטעריאַל און האָלץ־עקספּאָרט פֿון פּיכטן־ביימער, סאָסנעס, דעמבעס, נוס־ביימער, און אַנדערע.

אין בירא־בידזשאַן וואַקסט רייז, וואָס ווערט קול־טיווירט פֿון קאָרייער, סאָיא, כינעזישע באָב, א. א. וו. ניט ריידנדיק שוין וועגן פֿאַרשידענע גרויפּנס (סי־ריעלס), דאָרט וואַקסט אַ ווילדער וויינטרויב, ווילדע מאַלינע און אַנדערע פֿון דעם סאָרט. ס'זיינען דאָ מורא'דיק גרויסע לאָנקעס, וואָס גיבן די מעגלעכקייט אויפֿצוזאַמלען ריזיקע היי־זאַפּאַסן.

פֿון דער צייט אָן, וואָס דער פּריאַמור געגנט איז איבערגעגאַנגען אין די הענט פֿון רוסלאַנד אין 1858 האָט זיך אויך אָנגעהויבן די באַזעצונג פֿון בירא־בי־דזשאַן, נאָר דאָס וואָס עס זיינען ניט געווען קיין וועגן און קיין שטעגן אָט אין דעם רייכן, פֿאַרוואָרלאָזטן לאַנד האָט ניט דערלאָזן צו אַ גרויסער איינוואַנדערונג. אויב מיר נעמען אין אַכט, אַז אין אייראָפּאַ קומט אויס אַ דורכשניטלעכע באַזעצונג פֿון 66 מענטשן אויף יעדן קוואַדראַטנעם קילאָמעטער קענען מיר זיך שוין שאַפֿן אַ באַגריף וועגן די מעגלעכקייטן אין בירא־בידזשאַן. עס וועט אונז נאָך פֿאַרשטיין אַ מאַסע אַרבעט אין משך פֿון יאָרן דורכצופֿירן די באַזעצונג פֿון דעם געגנט. אין גאַנצן זיינען איצט דאָרט דאָ עטלעכע צענדליק טויזנט מענטשן פֿון וועלכע אַרום 8,000 זיינען אידן, וואָס זיינען אַהין אַריבערגעשיקט געוואָרן דורכן קאָמערד און פֿלאַץ געווענליך איז פֿאַראַן פֿאַר איבער אַ מיליאָן.

די וויכטיקסטע אייגנשאַפֿט פֿון בירא־בידזשאַן איז אָבער דאָס, וואָס דאָס איז ניט נאָר אַ לאַנדווירט־שאַפֿטלעכע געגנט, נאָר דאָ זיינען פֿאַראַן אַלע נויטיקע

פאַרבאַרײנונגען, אַז די געגנט זאָל ווערן דער סאַמע אינדוסטריעלער צענטער פון דעם ווייטן־מזרח געגנט, און דאָס נאָך אַפילו אין דעם זינען פון דער שווערער אינדוסטריע. די ערשטע געאָלאָגישע אויספאָרשונגען, וואָס זיינען ביז אַהער געמאַכט געוואָרן האָבן אויסגעפינען, אַז אין די כינגאַער בערג געפינען זיך הונדערטער מיליאָנען פוד אייזן. פאַרהעלטניסמעסיק ניט ווייט געפינט זיך אויך קוילן, אָבער דאָס איז נאָך ווייניק וואָס אויסגעפאָרשט געוואָרן. דערפאַר האָט מען שוין געפונען מורא'דיקע זאַפּאַסן פון גראַפיט, וואָס האָט אַ באַדייטנדיקן אינדוסטריעלן ווערט, נאָך־פאַנאַנדערשפּריצן אין די שפּורן פון פאַרשידענע אַנדערע מעטאַלן, וואָס זיינען דאָרט געפונען געוואָרן וואַרטן נאָך אויף אַ גרינטלעכער אויספאָרשונג. אויב מ'זאָל נעמען אין אַכט, אַז דער גאַנצער ווייטער מזרח געגנט פאַרנעמט אַ שטח פון 2,647,823 קוואַדראַט קילאָמעטער און איז אויך אַזוי שיטער באַזעצט נאָך ווי ביראָ־בידזשאַן, וועט ווערן קלאָר, וואָס פאַר אַ מורא'דיקע אויפגאַבע שטייט נאָך פאַר דער סאָוויעטן־מאַכט אין דער באַזעצונג פון דעם געגנט און אין דער אויסנוצונג פון זיינע נאַטירלעכע רייכטימער, סיי פאַר דעם וואוילזיין פון גאַנצן סאָוויעטן־פאַרבאַנד, סיי אין דעם זינען פון באַפעסטיקן דעם מצב פון דעם געגנט, ניט אַרויסלאָזנדיק פון אויג אויך דעם פּאָליטישן באַדייט פון דעם געגנט.

עס איז אַלעמען באַוואוסט, אַז די אידישע מאַסן האָבן איבערגעטראָגן אויף זיך אַלע בהלות פון רעכטלאָזיקייט און ניט איינמאָל געזעען די קרבנות פון די פאַרשידנסטע חורבנות און פּאָגראָמען, וואָס זיינען געווען פאַראורזאַכט פון די צאַרישע סאַטראַפּן און זייערע געהונגענע כוליגאַנעס און ניט לאַנג צוריק נאָך פון די פאַרשידענע „ווייסע” גענעראַלן, אַטאַמאַנען־באַנדעס און אַנדערע אויסוואורפן פון דער געזעלשאַפט. אָט די שווערע ירושה האָט שטאַרק פאַרשווערט די אַרבעט פון דער פּאַרטיי און פון די סאָוויעטן, אויסצובעסערן די עקאָנאָמישע לאַגע פון די אידישע מאַסן, וואָס זיינען נאָך מערסטנס געבליבן אין די קליינע, עקאָנאָמיש־אָפּגעשטאַנענע און קולטור־אָרעמע שטעטלעך פון דעם אַמאָליקן אידישן תחום.

דער קאָמערד, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן פון דער סאָוויעטן־מאַכט בײַ דעם פּרעזידיום פון אַלפאַרבאַנדישן צענטראַלן אויספיר קאָמיטעט און די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע געזערד האָבן פיל אויפגעטאָן אין איינאָרדענען די אידישע אָרעמשאַפט אויף דער ליניע פון ערד־אַרבעט, אויפבויענדיק די אידישע קאָלאָניעס אין אוקראַינע, צפון־קרים און אין אַנדערע ערטער, ווי אויך אין אַריינציען אָט די מאַסן אין די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען.

אין מערץ 1928 האָט דער פּרעזידיום פון וציק אַרויסגעגעבן די פאַראָרדנונג וועגן אויסטיילן ביראָ־בידזשאַן פאַר דער קאָלאָניזאַציע פון די אידישע אַרבעטנדיקע מאַסן און בײַ גינסטיקע רעזולטאַטן בילדן דאָרט אַ אידישן נאַציאָנאַל אויטאָנאָמען אַדמיניסטראַטיוון איינס.

די ערשטע טריט פון דער קאָלאָניזאַציע אין אָט דעם ראַיאָן זיינען געווען אויסערגעוויינלעך שווערע. מ'האָט אַלין געדאַרפט נעמען בויען פון סאַמע אָנהויב: אויסלייגן וועגן, אויסקאָרטשעווען וועלדער, בויען הייזער, אויפהייבן טויזנטער העקטאַר מיידלשע־ערד, קעמפן מיט מאָסקיטאָס, אָרגאַניזירן נייע אַרטעלן אין דער לאַנדווירטשאַפט און אין דער מלאכה, און דאָס אַלין האָט מען געדאַרפט דורכפירן אויף זייער אַ גרויסן שטח, מיט אומדערפאַרענע מענטשן, וואָס זיינען אַהער געקומען פון מרחקים און דאָס נאָך מיט ווייניק מאַשינען, פּראָוויאַנט, פוראַזש, לאַסט־בהמות א. ד. ג.

אָבער מיט דער גרויסער הילף פון דער מלוכה, ווי אויך פון די אידישע אויסלענדישע פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס, איבערהויפּט פון „איקאָר” אין אַמעריקע, האָט זיך איינגעגעבן דורכצופירן מיט דערפאָלג די ערשטע פּרואוון אין דערשלאָגן זיך צו דעם, אַז דער אָפּפלוס פון דער איינוואַנדערשאַפט זאָל זיך וואָס אַמאָל מער פאַרמינערן. מ'האָט באַשאַפן מוסטער קאָלווירטן, געלייגט אַ פונדאַמענט פאַר זיבן גרויסע סאָווכאָזן, אָרגאַניזירט עטלעכע גרויסע מלאכה־וואַרשטאַטן פון בוימעבל א. ד. ג. עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַן ערנסטע בינען־צוכט, אוועקגעשטעלט סאָלידע טראַקטאָר־סטאַנציעס. עס זיינען דערגרייכט געוואָרן אַ ריי באַשטימטע דערפאָלגן אויך אויף דעם קולטורעלן באָרן.

עס איז קלאָר, אַז דערווייל זיינען דאָס נאָך די ערשטע, איילִיקע שריט. פאַר די גלאַנצנדיקע פּערספּעקטיוון שטייען נאָך פאָראויס מורא'דיקע שוועריקייטן. די הויפּט זאַך באַשטייט איצט אין דעם, אַז מ'זאָל זיך אַ נעם טאָן מיט דער גאַנצער עקשנות'דיקער ענערגיע און שלאָגלערישן שוואונג צו באַזעצן ביראָ־בידזשאַן און אויסנוצן אַלע זיינע נאַטור־אוצרות אין לאַנדווירטשאַפט, ווי אין וואַלד־באַאַרבעטונג און אין דעם אויפבוי פון אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. נאָר אויף אַזאַ אופן וועלן דערגרייכט ווערן שנעלע און ערנסטע דערפאָלגן.

אין דעם איצטיקן מאָמענט באַשטייט די הויפּט־שוועריקייט אין דעם אינדוסטריעלן אויפבוי. כדי צו פאַרגרינגערן די לאַגע האָט מען זיך געווענדט קיין אויסלאַנד, וואו גרויסע אידישע אַרבעטער־מאַסן קרעכצן אונטער דעם יאָך פון קאַפּיטאַליזם און אַנטיסעמיטיזם. צווישן זיי זיינען פאַראַן פיל גוטע בוי־אַרבעטער און אַנדערע פאַך־לייט, וואָס זיינען אונז נויטיק אין ביראָ־בידזשאַן. מיר וועלן באַציען פון דאָרט עטלעכע טויזנט אַרבעטער. עטלעכע הונדערט ספּעצי־

אליסטן זיינען שוין געקומען פון ליטע און ארגענטינע.

בא אזא לאגע אין בירא־בידזשאן איז אנגעקומען די פארארדנונג פון וציק צו ארגאניזירן א אידישן אדמיניסטראטיוו־אויטאנאמען איינס צום סוף פון 1933. אין משך פון צוויי יאר דארף דורכגעפירט ווערן אט דער היסטארישער באשלוס. ביז יענער צייט וועלן מיר דארפן באזעצן דארט ארום 40 טויזנט הארעפאשנע אידן אין די קאלווירטן, און דער עיקר אין די ראטווירטן און אינדוסטריע.

די פראגע וועגן ארגאניזירן א אידישע רעפובליק אין דעם סאוויעטן־פארבאנד איז געווארן אקטועל און האט א גרויסע פאליטישע באדייטונג. ספעציעל איצט ווען אין די פאשיסטיש־קאפיטאליסטישע לענדער האלט זיך די לאגע פון די אידישע מאסן אין איין בייטן זיך צום ערגערן. אין פוילן, וואו עס זיינען פאראן דריי מיליאן אידן איז פשוט די לאגע א קאטאסטראפאלע.

אומעטום בושעוועט דארט דער אנטיסעמיטיזם, דערגייענדיק אפט צו אפענע פאגראמען ווי ס'איז געווען אין נאוועמבער אין ווארשע, פויזן און ווילנע. די פאשיסטישע אנפאלן אויף די אידישע סטודענטן האבן געבראכט צענדליקער קרבנות. די פוילישע פאליציי האט צוזאמען מיט די כוליגאנעם גע'ממית'ט די אידן, וואס האבן זיך געשטעלט אנטקעגן און האט נאך זיי ארעסטירט. נאר א דאנק דעם אנטשלאסענעם ווידערשטאנד פון די רעוואל. ארבעטער האבן זיך אפגעשטעלט די ווייטערדיקע פארשפרייטונגען פון די דארטיקע פאגראמען. אבער בכלל לעבן די אידן אין פוילן אויף א ווולקאן. אויף א ציניש[ן] אופן האט דער פוילישער מיניסטער פאר אינוויינעקסטע אנגעלעגנהייטן דערקלערט, אז ער האט ניט געקאנט אפשטעלן דעם פאגראם אויף די אידישע סטודענטן, ווייל די סטודענטן האבן פולשטענדיקע אויטאנאמיע...

אויך פון פאלעסטינע האלט די אידישע הארעפאשנע באפעלקערונג אין איין אנטלויפן, ניט וועלנדיק שפילן די ראלע פון ענגלישע אימפעריאליסטישע אגענטן. די ארבעטנדיקע פון דער גאנצער וועלט וויסן, אז אין דעם לאנד פון דער פראלעטארישער דיקטאטור באנוצן זיך אויך די אידישע ארבעטנדיקע מאסן מיט אלע רעכט, וואס דרינגען ארויס פון סאמע עצם נאצ. פאליטיק פון דער סאוויעט־רעגירונג. זיי מעגן איצט אויך וויסן, אז אין גיכן וועט די אידישע באפעלקערונג, לויט קאלינינס אויסדרוק, פארמאגן „איר אייגענעם נאציאנאלן טיטל צווישן אלע איבעריקע נאציאנאלע רעפובליקן פון ראטן־פארבאנד“.



א טעכנישע הויכשול אין וולאדיוואסטאק, אויפן ווייטן מזרח.

אב. עפשטיין.

# זיבן יאָר איקאָר געשיכטע

(דערגרייכונגען דורך קאמף)

אין די זומער־חדשים פון יאָר 1924, אזוי ניך ווי עס האָבן זיך באקומען די ערשטע ידיעות פון סאָוועטן־פּאַרבאַנד, וועגן דעם גרויסן דראַנג מצד די דאָרטיקע אידישע האָרעפּאַשנע מאסן, צו פאַרלאָזן זייער אַמאָליק לופט־לעבן אין די פינסטערע שטעטלאַך אין דער אוקראינע און ווייס־רוסלאַנד און זיך נעמען צו געזונטער פּראָדוקטיווער ארבעט אויף ערד, האָט די אידישע סעקציע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי (אין יענער צייט אידישע פעדעראַציע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי) באַשלאָסן צו גרינדן אַ ברייטע אומפּאַרטייאישע מאסן אָרגאַניזאַציע כדי צו העלפן מיט דעם נויטיקסטן אויף אַן אמת ברידערלאַכן אופן די דאָזיקע איבערוואַנדערער, וואָס זיינען דערפירט געוואָרן צו אַ הונגער־צושטאַנד דורך דער וועלט מלחמה, קאָנטער־רעוואָלוציעס, בירגער־קריג און פּאָגראָמען.

נאָך אַ רייע לאַנגע קאָנפערענצן מיט פאַרשידענע מענטשן, וואָס פּרעטענדירן צו פאָרטרעטן געוויסע שיכטן אין אַמעריקאַנער אידישן לעבן פון וועלכע די גרעסטע צאָל, ווי דער „גרויסער ליטעראַטור קריטיקער", שמואל ניגער, און „ארבעטער דיכטער" אברהם ליעסין, און זייער גלייכן, האָבן זיך באַלד אָפּגעטראָגן, איז בא אַ צוזאַמענפאָר פון אַ גאַנצער רייע אָרגאַניזאַציעס פון איבערן גאַנצן לאַנד, וואָס איז געהאַלטן געוואָרן אין ניו יאָרק, דעם 21טן דעצעמבער פון זעלבן יאָר, אָפיציעל געגרינדעט געוואָרן דער איקאָר. אזוי אז ווען דער דאָזיקער ארטיקל וועט דערגרייכן דעם לייענער וועט שוין דער איקאָר האָבן איבערגעטראָטן דעם שוועל צו זיין אכט־יאָריקער עקזיסטענץ.

די גרינדונג פון איקאָר האָט ארויסגערופן אַ פּאַניק צווישן די שונאים פון סאָוועטן פאַרבאַנד. באַזונדערס צווישן די ציוניסטן מכל המינים, און אידישע סאָציאַל פּאַשיסטן. זיי האָבן זיך ניט גענאַרט אין חשבון. זיי האָבן באַלד פאַרשטאַנען, אז דער איקאָר קאָן ווערן דער בריק וואָס וועט פאַראייניקן די אידישע האָרעפּאַשנע מאסן פון דער זייט ים, מיט די האָרעפּאַשנע אידישע מאַסן אין סאָוועטן פאַרבאַנד. זיי האָבן באַלד פאַרשטאַנען, אז דער איקאָר קאָן ווערן דער מאָביליזיר־כח פאַר די טיפע סימפּאַטיעס, וואָס געפינען זיך צווישן די ברייטע אידישע מאסן אין אַמעריקע פאַרן סאָוועטן פאַרבאַנד און פאַר דער אידישער אויפבוי ארבעט דאָרט. האָבן זיך תיכף בא דער גרינדונג פון איקאָר אַ שאָט געטאָן מאַכן אטאַקעס.

און מען האָט זיך אַ נעם געטאָן צו דער „הייליקער" ארבעט פון סם'ען די מוחות פון די אידישע מאַסן. אויך די פען־קנעכט פון דער ציוניסטישער און סאָציאַל פּאַשיסטישער פרעסע האָבן זיך אַ נעם געטאָן צו זייער כלי זיין. די ציוניסטישע מומע „איטא" האָט נעבעך אויף דער עלטער געמוזט פאַרקאַשערן די ארבל און זי האָט אָנגעהויבן טאָג איין, טאָג אויס, צוטראָגן אויף טעלערלעך פאַרשידענע נייעסן פון סאָוועטן פאַרבאַנד. נאַטירלעך, פּונקט פאַרקערט פון אמת. אין די רעדאַקציעס זיינען די נייעס צוגעפּעפּערט געוואָרן און אזוי האָט זיך אָנגעהויבן אַן אמת'ע וואַקכאַנאַליע קעגן דעם סאָוועטן פאַרבאַנד, קעגן דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין סאָוועטן פאַרבאַנד און קעגן דעם איקאָר.

דאָ האָט מען געוואָלט שיסן 3 האָזן מיט איין שאָס. פאַרמיאוסן דעם סאָוועטן פאַרבאַנד אין די אויגן פון די אידישע מאַסן, ארונטעררייסן די אידישע קאָלאָניזאַציע, און דער „איקאָר" וועט שוין ממילא אָפּשטאַרבן. זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרן גרויסע קעפּ אין דער ציוניסטישער און סאָציאַל פּאַשיסטישער פרעסע: „די יעווסעקן האָבן שוין געשאַפן אַ נייע מאַכערייקע, אַ נייע פּושקע, כדי צו קענען שנאָרן בא די אַמעריקאַנער אידן". האָט מען דערציילט דעם עולם, אז די סאָוועטן רעגירונג טרייבט ארויס די אידן פון זייערע שטעט און שטעטלעך און מען פאַרשיקט זיי אויף ווילדע און וויסטע סטעפּן, וואו זיי וועלן פאַרוואַנדלט ווערן אין פאַרגרעבטע פּראָסטע פּויערים. מען האָט זיך גענומען באַווייזן, אז די אידן אין סאָוועטן פאַרבאַנד וועלן זיך קיינמאָל ניט קאָנען צופּאַסן צו פעלד ארבעט. אָט די אידן וואָס האָבן הונדערטער יאָרן געלעבט פון האַנדל און וואַנדל וועלן זיך קיינמאָל ניט קאָנען צופּאַסן צו דער שווערער פעלד האָרעוואַניע, ניט פיזיש און ניט פּסיכאָלאָגיש. כדי צו פאַרשטאַרקן די דאָזיקע ארגומענטאַציע האָט מען ספּעציעל פאַבריצירט נייעס מיט גרויסע קעפּ, „אידן לויפן פון די פעלדער", „אידן לויפן פון די קאָלאָניעס".

מיט די אויבן דערמאָנטע מיטלען האָבן זיי זיך ניט באַנוגנט. מ'האָט זיך געכאַפּט צו דעם אַלטן אויסגעפּרוואווטן מיטל, אָנשרעקן דעם עולם מיט פּאָגראָמען, האָט מען אריינגעלייגט די טומאה אין דער יראה און מען האָט איינגעטענה'ט מיט דעם עולם אויף דעם פּאָלגנדיקן אופן: די אידן אין סאָוועטן פאַרבאַנד זיינען ניט באַרעכטיקט צו קיין ערד. זיי האָבן קיינ־

מאָל ניט געפירט קיין קאַמף פאַר ערד. די אַנדערע פעלקער, די פויערים, האָבן פאַרגאָסן בלוט אין קאַמף פאַר אַ שטיקל ערד. איז אויב די סאָוועטן רעגירונג צעטיילט איצט דאָס קאָנפיסקירטע לאַנד פון דער צארישער פאַמיליע און פון די פריצים צווישן דער באַפעלקערונג, דאַרף זי עס צעטיילן צווישן די פויערים און ניט צווישן די אידן. און אויב די אידן באַזעצן זיך אויף ערד, מוז עס נאַטירלעכערווייזע פירן צו שנאה מצד דער גרויסער פויערים באַפעלקערונג און אַלס רעזולטאַט דערפון צו פּאָגראָמען און בלוט פאַרגיסונגען.

דער איקאָר האָט אָבער תיכף נאָך זיין גרינדונג אַנטוויקלט אַ גאַנץ ברייטע אינטענסיווע אויפקלערונגס קאַמפּאַניע פאַר דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין סאָוועטן פאַרבאַנד און האָט מיט גרויס דערפאָלג צוגעצויגן צו איר ברייטע אידישע מאַסן, באַזונדערס די ברייטע אידישע אַרבעטער און אַרבעטנדיקע מאַסן. די ציוניסטן און סאָציאַל פאַשיסטן האָבן דאָס תיכף דערשמעקט, האָבן זיי איינגעזען, אַז זיי קאָנען מער ניט נאַרן דעם ברייטן אידישן עולם, אחוץ דעם האָבן זיי מן הסתם אויך געקראָגן אַ וואונק פון רייכן „דזשאָינט“, וועלכער האָט געפונען אַ מעגלעכקייט דורך דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין סאָוועטן פאַרבאַנד צו טאָן אַ ביסל צדקה און צוזוואַרפן עטלעכע גראָשן פאַר דער אידישע קאָלאָניזאַציע, אָפּצושטעלן דעם קאַמף. האָבן זיי געביטן דעם פראָנט: אַנשטאָט צו באַקעמפן די אידישע קאָלאָניזאַציע, האָבן זיי זיך אַרויפגעוואָרפן אויף דעם איקאָר. מען האָט אָנגעהויבן שרעקן דעם עולם מיט קאָמוניזם: „די קאָמוניסטן זיינען די מאַכער אין איקאָר“. קיין אַנדער נאָמען ווי „קאָמוניסטישע מאַכערייקע“ האָבן זיי פאַר דעם איקאָר ניט געהאַט. באַזונדער האָט זיך אויף דעם געביט אויסגעצייכנט דער „גרויסער סאָציאַליסטישער פּייפער“, דער 'פאָרווערטס'. דער דאָזיקער „פּייפער“ האָט זיך אַפילו ניט געשעמט צו גיין אַזוי ווייט צו שרייבן אַן עדיטאָריעל, אַז די איקאָר־טוער שיקן קיינמאָל ניט אַוועק דאָס געלט וואָס זיי זאַמלען, ניט נאָר ניבן זיי אַוועק די געזאַמלטע געלדער פאַר זייערע קאָמוניסטישע קליינלעך און קרעמלעך, נאָר זיי טיילן זיך צווישן זיך, לייגן פּשוט די געלט אין זייערע אייגענע קעשענעס. יעדן מאָל ווען דער איקאָר האָט אָנגעהויבן אַ נייע אַקציע האָט דער „פאָרווערטס“ איבערגע'חזר'ט די זעלבע פאַרלוימדונגען און ווען דער איקאָר האָט איינמאָל און אַ צווייטן מאָל אויפגעפּאָדערט דעם פאַראַנטוואָרטלעכן רעדאַקטאָר פון דער דאָזיקער צייטונג צו דערשיינען פאַר אַן אומפּאַרטייאישן אַרבעטער געריכט און באַווייזן זיינע באַשולדיקונגען האָט ער אָנגענומען אַ פולן מויל מיט וואַסער און ניט געענטפערט. דער אַלטער עובר בטל האָט געוואוסט, אַז די וואָס שטייען באַם רודער פון איקאָר וועלן זיך ניט ווענדן צו דער קאַפּיטאַליסטישער גערעכטיקייט, האָט ער זיך געקענט דערלויבן צו גיין אַזוי ווייט ווי באַשולדיקן די איקאָר טוער אין אמת'ער גנבה. איי וואו איז געזעלשאַפטלעכע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, סאָציאַליסטישע עטיק? פּייפט ער אויף די אַלע זאַכן. די מוישעס וועלן אַלץ צונעמען פאַר גוט געלט.

נאָך ווילדער און פאַר'עקשנ'טער איז געפירט געוואָרן און ווערט נאָך אויך איצט געפירט אַ קאַמף קעגן דער גרויסער אויפבוי אַרבעט אין בירא־בידזשאַן. אויב די ציוניסטן און סאָציאַל פאַשיסטן האָבן נאָך ווי עס איז געקענט אַרונטערשלינגען דעם פאַר זיי ביטערן פּיל פון דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין קרים, אין דער אוקראַינע אָדער ווייס רוסלאַנד, האָבן זיי אָבער פאַר קיין פאַל ניט געקענט אַרונטערשלינגען דעם ענין בירא־בידזשאַן.

די דעקלאַראַציע פון דער סאָוועטן מלוכה פון 28טן מערץ, 1928, איבערצוגעבן דעם גרויסן שטח לאַנד אין בירא־בידזשאַן מיט די גרויסע נאַטירלעכע אוצרות דאָרט, פאַר אויסשליסלעכער אידישער מאַסן קאָלאָניזאַציע, מיט דער אויסזיכט צו גרינדן דאָרט אַ אידישע נאַציאָנאַלע אווטאָנאָמיע, האָט זיי ווי אַ דונער פון קלאָרן הימל געטראָפן. אַזוי גיך ווי די דאָזיקע ידיעה האָט דערגרייכט דעם איקאר און ער האָט אַרויסגעלאָזן אַ רוף צו די אידישע מאַסן בייצוטראָגן זייער חלק צו דער דאָזיקער גרויסער היסטאָרישער אַרבעט, האָבן זיך אויף דאָס ניי אַ שאָט געטאָן אַ רייע אַטאַקעס נאָך מיט מער ביטערקייט און פאַר'עקשנ'קייט, האָט מען אויף דאָס ניי גענומען סמ'ען די מוחות פון די אידישע מאַסן. מען האָט געמאַכט אַ גוואַלד, אַז די באָלשעוויקעס, ווילן פאַרשיקן די אידן אין ווייטן סיביר זיי זאָלן דאָרטן ווינטער אויסשטאַרבן פון דער שרעקלעכער קעלט און זומער פון די אומנאַטירלעכע היצן; אָדער זיי וועלן לעבעדיקערהייט אויפגעפרעסן ווערן פון די פליגן און קאָמאַרעס וואָס געפינען זיך דאָרט אין גרויסע מאַסן. „ניין, בירא־בידזשאַן טויג ניט. אידן וועלן אַהין ניט גיין!“ האָבן זיי אויסגעגראָבן געוויסע „פראָפעסאָרן“ וואָס די אָקטאָבער רעוואָלוציע האָט אויסגעשפּיגן און דערציילט, אַז בירא־בידזשאַן איז בכלל ניט צוגעפּאַסט פאַר מענטשלעכן ישוב, ווייל די ערד איז דאָרט שטענדיק געפראָרן און וועט נישט קאָנען שפּייזן די באַפעלקערונג.

האָט אָבער דער איקאָר אָוועקגעשיקט אַן עקספּעדיציע קיין בירא־בידזשאַן פון אייניקע אַמעריקאַנער פאַך מענער אין וועמעס קאָמפּעטענץ און אומפּאַרטייאישקייט קיינער האָט ניט געקענט צווייפלען. און זיי האָבן געבראַכט אַ גלענצנדן באַריכט. האָבן שוין די ציוניסטן און סאָציאַל פאַשיסטן נישט געקאָנט אַרויסטרעטן קעגן בירא־בידזשאַן, האָבן זיי ווידעראַמאָל

נעענדערט דעם פראָנט פון קאַמף. האָבן זיי אָנגענומען אַנדערע מיטלען ווי צו סם'ען די מוחות פון די אידישע מאַסן, און זיי האָבן עס געטאָן אויף דעם פאָלגנדיקן אופן: זיי האָבן געטענה'ט, אויב מיר זאָלן אפילו צוגעבן, אַז בירא־בידזשאַן איז יאָ מסוגל אויפצונעמען אַ מענטשלעכן ישוב וועלן אָבער די אידן אַלײן גאָרניט געניסן און דאָרט וועט קיינמאָל ניט זיין קיין אידישע רעפּובליק. אידן וועלן דאָרט שטענדיק זיין אין דער מינאָריטעט. אָט איז נאָך פריש אין זכרון פון ישרייבער, פּונם ראָזיקן אַרטיקל, אַ קאָ־עספּאָנדענץ פון דער „איטא" פאַרטרעטער אין מאָסקווע, וואָס איז דערשינען אין „טאָג", און אין וועלכן דער שרייבער לערנט אַ קאַפּיטל פּאָליטישע עקאָנאָמיע. „אַזוי ווי אין בירא־בידזשאַן ווערן געגרינדעט „סאָווכאָזן" (רעגירונגס לאַנדווירטשאַפטן) און אַזוי ווי די ראָזיקע „סאָווכאָזן" ווערן געגרינדעט פון כאָזעטיישן תביאה טראָסט, און אַזוי ווי יעדער טראָסט, אַזוי אויך דער כאָזעטיישער איז פאַראינטערעסירט צו פאַבריצירן סחורות וואָס ביליקער און פאַרקויפן אויפן מארק וואָס טייערער, און אַזוי ווי דער סטאַנדאַרד פון די אידישע איבערוואַנדערער איז פיל העכער ווי דער סטאַנדאַרד פון די אָרטיקע קאָרייער אָדער טונגוסן, און די אידן וועלן פאָדערן העכערע שכירות, וועט דער תביאה־טראָסט זיכער אַנשטעלן אין די „סאָווכאָזן" קאָרייער און טונגוסן אַנשטאָט אידן". אָט אַזוי האָט מען געקנעלט מיט דעם אידישן עולם און אַלץ אין די „בעסטע אינטערעסן פון די אידישע מאַסן אין סאָוועטן פאַרבאַנד".

צו פאַרדאַנקען דער וואַכזאַמקייט פון די אמת'ע איבערגעגעבענע פריינט פון סאָוועטן פאַרבאַנד און פון די דאָרטיקע אידישע מאַסן און דעם איקאָר, צו פאַרדאַנקען דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער באַוועגונג און איר אידישער פּרעסע, די „מאָרגן פרייהייט", זיינען אָט די אַלע אַטאַקעס אין צייט אָפּגעשלאָגן געוואָרן, פון צייט צו צייט צוגענאָגלט די ראָזיקע פאַרלוימדער און רכילות טרייבער צום שאַנד קלאָץ, אַרונטערגעריסן זייערע מאַסקעס און אַרויסגעשטעלט זיי פאַר דעם אידישן עולם אין זייער ריכטיקער געשטאַלט אַלס שונאים פון דעם סאָוועטן פאַרבאַנד און פון די אידישע מאַסן.

איצט טרעט אַריין דער איקאָר אין זיין אכט יאָריקן עקזיסטענץ מיט גאַנץ באַדייטנדיקע דערגרייכונגען, סיי אין פּרט פון אויספילן זיינע התחייבות'ן צו דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין סאָוועטן פאַרבאַנד, באַזונדערס צו דער סאָציאַליסטישער אויפבוי אַרבעט אין בירא־בידזשאַן, סיי אין פּרט פון אָרגאַניזאַציע, אין אויסברייטערן זיין פּעריפעריע. אין באַווירקן אַלץ גרעסערע און גרעסערע אידישע מאַסן, און געפינט זיך איצט באמת אויפן שוועל פון ווערן אַ גרויסע מאַסן אָרגאַניזאַציע. די הונדערטער פאַרזאַמלונגען און לעקציעס וואָס ווערן יערלעך אָפּגעהאַלטן איבערן גאַנצן לאַנד און ווערן באַזוכט פון צענדליקער און צענדליקער טויזנטער אידישע אַרבעטער און אַרבעטנדיקע, די טויזנטער און טויזנטער וואָס באַטייליקן זיך אין די איקאָר קאַמפּאַניעס, סיי מיט זייער אַרבעט, סיי מיט זייערע ביישטייערונגען, זיינען די בעסטע עדות, אַז דער איקאָר האָט געשלאָגן גאַנץ טיפע וואָרצלען צווישן די ברייטע אידישע מאַסן אין אַמעריקע.

די אויבן דערמאָנטע קאַמפן זיינען ניט געווען די איינציקע וואָס דעם איקאָר איז אויסגעקומען צו פירן. די ראָזיקע קאַמפן זיינען געווען אויסערלעכע, און מיט אָפענע שונאים, איז אפילו אַ שווערער קאַמף פיל פיל גרינגער. דער איקאָר האָט אויך געהאַט פאַרשטעלטע אינערלעכע שונאים וואָס האָבן זיך געפּוצט אין רעוואָלוציאָנערע פּעדערן און האָבן זיך שטענדיק דערקלערט אין ליבע צום סאָוועטן פאַרבאַנד, ווער רעדט שוין צו די אידישע מאַסן דאָרט, אָדער צו דער אויפבוי אַרבעט אין ביראָ־בידזשאַן.

אין די ערשטע יאָרן זיינען עס געווען די 'לינקע" פּועלי ציון, זיי האָבן געזוכט צו טאָרמאַזירן די אַרבעט פון אינווייניק דורך רעוואָלוציאָנערע פראַזן. זיי האָבן שטענדיק גע'טענה'ט, אַז דער איקאָר טאָר זיך ניט ווענדן צו די בירגערלעכע עלעמענטן, נאָר צו די אַרבעטער. ווענדן זיך צו בירגער איז אַ פאַרראַט צו דער רעוואָלוציע. זייער כונה איז געווען קלאָר און פאַרשטענדלעך: די קליין בירגער, די וואָס זיינען בכח צו געבן מיט אַ דאָלאַר מער, זאָלן בעסער ביישטייערן פאַר פּאַלעסטינע, פאַר דעם אוואַנטוריסטישן ציוניזם. מיט זיי איז אָבער דער איקאָר זייער גיך פאַרטיק געוואָרן. זיי האָבן בכלל געהאַט קורצע יאָרן אין דעם איקאָר. אינגאַנצן אַ פּאָר יאָר האָבן זיי זיך געפּלאָנטערט אונטער די פיס. ס'האָט זיי אָבער געפּלאַצט דער נעדולד. זיי האָבן ניט געקענט צוזען ווי מען שיקט ברידערלעכע הילף צו די אידישע קאָלאָניסטן אין סאָוועטן פאַרבאַנד און אַזוי גיך ווי זיי האָבן איינגעזען, אַז זיי קאָנען מער ניט שטערן אין דער אַרבעט, זיינען זיי זיך איינציקווייז צעלאָפן. גאַנץ אַנדערש איז עס געווען מיט די עטלעכע שאָוועניסטן ווי די לעווינס, מנחמס, און זייער גלייכן. מיט זיי האָט זיך שוין דער איקאָר געהאַלטן איבער פינף יאָר. זיי האָסן קאָמוניסטן, דעם קאָמוניזם. זיי האָסן דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער באַוועגונג, זיי האָבן אויך ניט קיין צו גרויסע ליבע צום סאָוועטן פאַרבאַנד. דער ענין בירא־בידזשאַן האָט צו זיי אַפּעלירט ווייל זיי האָבן געדיינקט, אַז מיט בירא־בידזשאַן ווערט פאַרווירקלעכט זייער אַמאָליקער חלום פון אַ אידישע טעריטאָריע. האָבן זיי שטענדיק געשטעלט דעם טראָפּ אויף ביראָ־בידזשאַן. דער סאָוועטן פאַרבאַנד אַלס גאַנצער איז

באַ זיי מינדער וויכטיק, אַ פֿינפֿטע ראָד צום וואָגן. האָבן זיי שטענדיק געזוכט איבערצוגעבן דעם איקאָר אין די הענט פֿון שׂונאים פֿון סאָוועטן פֿאַרבאַנד. אמ׳־בולט׳סטן האָבן זיי זיך באַוויזן אין זייער ריכטיקן געשטאַלט נאָך די געשעענישן אין פּאַלעסטינע סוף זומער 1929, ווי ווילדע חיות האָבן זיי זיך אַרויפֿגע־וואָרפֿן אויף דעם איקאָר, זיי האָבן אַנדערש ניט גע־וואָלט, אָדער איבערגעבן דעם איקאָר אין די הענט פֿון די ציוניסטן און סאָציאַל פֿאַשיסטן, אָדער אינגאַנצן אויפֿרייסן אים פֿון אינווייניק.

צו פֿאַרדאַנקען דער אויסגעהאַלטענער, פֿעסטער האַנדלונג מצד די אמת׳ע פֿריינט פֿון סאָוועטן פֿאַר־באַנד און פֿון דעם איקאָר זיינען די דאָזיקע מענטשן אויף דעם פֿערטן נאַציאָנאַלן איקאָר צוזאַמענפֿאָר, וואָס איז געהאַלטן געוואָרן סוף חודש דעצעמבער, 1929, באַזייטיקט געוואָרן, און ניט נאָר האָט דער איקאָר ניט געליטן פֿון דער דאָזיקער אָפּעראַציע, נאָר איז אַרויסגעקומען נאָך שטאַרקער און מעכטיקער, סיי אין דער ברייט, סיי אין דער טיף.

בכלל זיינען געווען די ערשטע יאָרן פֿון איקאָר זייערע שווערע און אָנגעשטרענגטע. עס איז ניט געווען אַזוי גרינג צו דערגרייכן די אידישע מאַסן, ערשטנס, צוליב די אויבן אָנגעוויזענע סיבות, אַנשטאָט צו טאָן די נויטיקע פּאָזיטיווע אַרבעט פֿון וועקן דאָס באַוואוסטזיין פֿון די אידישע מאַסן פֿאַר דער אידישער אויפֿבוי אַרבעט אין סאָוועטן פֿאַרבאַנד, איז אַוועק־געגעבן געוואָרן מאַסן צייט און ענערגיע אין קאַמף מיט די שׂונאים, אָפּשלאָגן זייערע אַטאַקעס, אָפּטויטן דעם סם וואָס זיי האָבן געשפּרייט טאָג איין טאָג אויס. צווייטנס, זיינען די אידישע מאַסן אין אַמעריקע געווען געוואוינט, אַז באַ יעדער געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט, באַזונדערס, באַ אַזאַ אַרבעט, וואָס האָט צו טאָן מיט הילף, דאַרפֿן די אָנפֿירער זיין באַוואוסטע כּלל פֿאַר־זאָרגער, באַוואוסטע פֿילאַנטראָפּן, מאַרשאַל׳ס, שיף׳ס, אָדער וואַרבורג׳ס. דריטנס, איז פֿאַר זיי געווען פֿרעמד די שפּראַך פֿון איקאָר. זיי זיינען געווען געוואוינט צו דער שפּראַך פֿון צדקה, „דער רייכערער ברודער דאַרף העלפֿן דעם אָרימען ברודער“. „גיט ברויט, פֿאַר די לעבעדיקע, און תכריכים פֿאַר די טויטע“. אין אַ גאַנץ אַנדער שפּראַך האָט אָבער גערעדט דער איקאָר, דער איקאָר האָט גערעדט וועגן אמת׳ער ברידערלעכער הילף, וועגן העלפֿן בויען דאָס אידישע לעבן אין סאָ־וועטן פֿאַרבאַנד, אויף געזונטע פּראָדוקטיווע, סאָציאַ־ליסטישע יסודות, א. אז. וו.

צום שלום דאַרף נאָך געזאָגט ווערן, אַז אין די ערשטע יאָרן איז די ליניע אין איקאָר געווען אַ וואַקל־דיקע, אַ צושוואוימענע, צוליב די אידעאָלאָגישע פֿאַר־שיידענע און אָפֿט אַנטקעגן געזעצטע אַנשויאונגען אין דער איקאָר פֿירערשאַפֿט. מען האָט אָפֿט געזוכט אַ קלאָרע שטעלונג, כּדי אויסצומיידן רייבונגען און שטערונגען אין לויפֿנדער אַרבעט פֿון זאַמלען מיטלען, האָט מען מאַנעווורירט, געמאַכט קאָמפּראָמיסן, געבויגן זיך, כּדי אָנצוהאַלטן שלום אין דער אָרגאַניזאַציע.

בכלל האָט זיך דער איקאָר אין די ערשטע יאָרן, באַטראַכט פֿאַר אַן אָרגאַניזאַציע וואָס האָט בלויז איין אויפֿגאַבע, און דאָס איז שאַפֿן וואָס מער מיטלען פֿאַר דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין סאָוועטן פֿאַרבאַנד און ער האָט אָבער ניט קיינע התחייבות׳ן דאָ אין לאַנד. אַזוי אַרום איז מעגלעך געווען דער איקאָר זאָל זיך פֿינף יאָר האַלטן באַ אַ רעזאָלוציע ניט אַרויסצוטרעטן קעגן דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע, כּדי ניט צו דערהוויטערן די נאַציאָנאַליסטישע, ציוניסטישע עלעמענטן און ניט פֿאַרלירן די מעגלעכקייט צו קריגן באַ זיי אַביישטייערונג פֿאַר דער אידישער קאָלאָני־זאַציע אין סאָוועטן פֿאַרבאַנד.

ערשט נאָך פֿינף יאָר עקזיסטענץ אויף דעם פֿערטן נאַציאָנאַלן איקאָר צוזאַמענפֿאָר, סוף יאָר 1929, צו פֿאַרדאַנקען דעם פֿאַרשאַרפֿטן קאַמף אין דער אַרבעטער באַוועגונג, וואָס האָט לאָגישער ווייזע געמוזט פֿירן דערצו אַז אויך אין איקאָר זאָל זיך פֿאַרשאַרפֿן דער קאַמף צווישן די רעוואָלוציאָנער געשטימטע מיט די נאַציאָנאַליסטישע קליין בירגערלעכע עלעמענטן. שפּעטער די פּאַלעסטינע געשעענישן, וואָס האָבן נאָך מער אַזוי צו זאָגן פֿאַרשפּיצט דעם קאַמף, איז אָנגע־נומען געוואָרן אַ קלאָרע אויסגעהאַלטענע ליניע, וואָס האָט פֿעסטגעשטעלט, אַז די אויפֿגאַבע פֿון איקאָר איז ניט נאָר צו שאַפֿן מיטלען פֿאַר דער אידישער קאָלאָ־ניזאַציע אין סאָוועטן פֿאַרבאַנד, נאָר ער האָט אויך דורכגעפֿירט געוויסע פֿונקציעס דאָ אין לאַנד גופא. אין דער ערשטער רייע באַקעמפֿן דעם ציוניזם און פֿאַרטיידיקן דעם סאָוועטן פֿאַרבאַנד. אַזוי אַז דער איקאָר איז איצט אַן אינטעגראַלער טייל פֿון דער אַלגעמיינער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער באַוועגונג.

פֿאַר דעם איקאָר שטייט איצט די גרויסע אויפֿ־גאַבע אַריינצוציען די ברייטע מאַסן, דערנענטערן זיי צו דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער באַוועגונג, און פֿאַרוואַנדלען זיי אין אמת׳ע איבערגעגעבענע פֿריינט פֿון דעם סאָוועטן פֿאַרבאַנד וואָס זאָלן זיין גרייט צו יעדער צייט צו פֿאַרטיידיקן דעם סאָוועטן פֿאַרבאַנד מיט אַלע זייערע מעגלעכקייטן.

ל. זינגער

# דער 5-יאָריקער פּלאַן אויף איבערצובויען דעם סאָציאַלן צוזאַמענשטעל פון דער אידישער באַפעלקערונג פון פ. ס. ס. ר.

דער צענטראַלער קאָמערד האָט אײַגנטלעך צוויי פינף־יאָריקע פּלענער: פאַר זיין אָפּעראַטיווער אַרבעט און פאַר דער אַלגעמיינער אַנטוויקלונג פון די סאָציאַל־עקאָנאָמישע פּראָצעסן צווישן דער אידישער באַפעלקערונג אין פ. ס. ס. ר. דער ערשטער פּלאַן טראָגט פאַרן קאָמערד אַ כאַראַקטער פון אַ דירעקטיוו. דער צווייטער שטעלט מיט זיך פאָר אַ פּרואוו אַנצומערקן דעם סכום פון די אַלע פּראָצעסן, צווישן וועלכע די אַרבעט פונם קאָמערד איז מער ניט ווי אַ טייל. די אויפגאַבע פון דעמדאָזיקן אַרטיקל, איז פאָרצושטעלן פאַר דעם לעזער די ריכטונגען, אין וועלכע עס דאַרף פאָרקומען די סאָציאַלע איבערשיכטונג פון דער אידישער באַפעלקערונג, אַוועלכע איבערשיכטונג דאַרף זיך פאַרענדיקן צום סוף פון דעם ערשטן פינף־יאָר.

די צייגערס פונם פינף־יאָר־פּלאַן זיינען געווען פאַנאַנדערגעאַרבעט פאַרן קאָמערד דורך אַ ספּעציעלער קאָמיסיע פון סטאַטיסטיקער און עקאָנאָמיסטן. דער ערשטער וואַריאַנט האָט זיך באַהאַנדלט אין קאָמערד אין פעברואַר 1930 יאָר און זיין אַנאַליז איז דורך איר געגעבן געוואָרן אין דער סאָוועטישער אידישער פּרעסע*). צום סוף פונם 1930 יאָר איז אָבער אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ צווייטער וואַריאַנט, וועלכער איז אַנערקענט געוואָרן פאַר אַן ענטגילטיקן. מיט דעם אַנאַליז פון דעם צווייטן וואַריאַנט וועלן מיר זיך דאָ פאַרנעמען.

1.

ווי געזאָגט, איז דער צווייטער וואַריאַנט פונם פּלאַן אויסגעאַרבעט געוואָרן אין דעם 1930 יאָר. די־דאָזיקע דאַטע פאַראורזאַכט צוויי מאָמענטן: 1) עס איז נויטיק צו געבן אַן איבערבליק אויף די שינויים, וועלכע עס האָט אַריינגעטראָגן אין דעם סאָציאַלן וועזן פון דער אידישער באַפעלקערונג דער צייט־אָפּשניט 1928/29—1929/30; 2) עס נויטיקן זיך אין אַנאַליז די פּערספּעקטיווע צייגערס מערניט פאַר די יאָרן 1929/30—1932/33.

דער 1929/30 יאָר שטעלט מיט זיך פאָר אַן איבערבראָך־יאָר אין זין פון אַ ערנסטער פאַרבעסערונג פון דעם סאָציאַלן צוזאַמענשטעל פון דער אידישער באַפעלקערונג אין פ. ס. ס. ר. די סאָציאַלע סאַנירונג פון דער אידישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן שוין פון דער ערשטער צייט פון דעם רעקאָנסטרוקטיוון פּעריאָד: די פאַרגרעסערונג פון דער צאָל הויז־אַרבעטער אין פּייערים באַ דער גלייכצייטיקער פאַרקלענערונג פון דער צאָל הענדלער — דאָס אַלץ האָט זיך אַרויסגעוויזן מיט אַ באַזונדער קראַפט, נעמלעך אין דעם 1929/30 יאָר. אויפן פאָן פון דער אַלגעמיינער פאַרשטאַרקונג פון דער סאָוועטישער ווירטשאַפט, ליקווידירונג פון אַרבעטלאָזיקייט, העכערונג פונם נאָפּראַנג אויף אַרבעט־הענט, ליקווידירונג פון די קאַפּיטאַליזם־רעשטלעך אין שטאָט און אין דאָרף — איז די סטרוקטור פון דער אידישער באַפעלקערונג פאַר איין יאָר געוואָרן לחלוטין אַן אַנדערע.

די אויסרעכענונגען פאַר דעם 1929/30 יאָר באַזירן זיך אין גרונט אויף אַלגעמיינע ידיעות וועגן דעם אַרבעטס־באַלאַנס פון פ. ס. ס. ר. ספּעציעל פון די מאַטעריאַלן, וועלכע באַציען זיך דירעקט צו דער אידישער באַפעלקערונג, זיינען אויסגענוצט געוואָרן: 1) דער פּראָפּאַראַיינישער דיסקאָנט, וועלכער איז דורכגעפירט געוואָרן אין סוף פונם 1929 יאָר; 2) אַלפאַרבאַנדישע ציילונג פונם מלוכה־אַפּאַראַט; 3) באַריכטן פון די געזערד־בריגאַדירן, וועלכע האָבן אויסגעפאָרשט דעם צושטאַנד פון די שטעטלעך און 4) אָנגאַבן וועגן דער באַוועגונג פון די איבערוואַנדערער אויף דעם קאָמערדס פאָנדן.

לויט די אַלע געבראַכטע אויסרעכענונגען האָט דער סאָציאַלער צוזאַמענשטעל פון דער אידישער באַפעלקערונג אויסגעזען אויף אַ פאָלגנדן אופן:

*) זע „די רויטע וועלט" נומ. 7-8, 1930.

| סאָציאַלע גרופּעס | אוקראַינ. סאָוו. סאָצ. רעפּובליק | | | ווייס־רוסלענד. סאָוו. סאָצ. רעפּובליק | | | רוסלענד. סאָוו. סאָצ. רעפּובליק | | | צוזאַמען אין פסס"ר | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | אבסאָל. (אין טויזנט.) 1929/30 | צואוואוקס לגבי 1928/29 אין טויזנט. | צואוואוקס לגבי 1928/29 אין פּראָצ. | אבסאָל. (אין טויזנט.) 1929/30 | צואוואוקס לגבי 1928/29 אין טויזנט. | צואוואוקס לגבי 1928/29 אין פּראָצ. | אבסאָל. (אין טויזנט.) 1929/30 | צואוואוקס לגבי 1928/29 אין טויזנט. | צואוואוקס לגבי 1928/29 אין פּראָצ. | אבסאָל. (אין טויזנט.) 1929/30 | צואוואוקס לגבי 1928/29 אין טויזנט. | צואוואוקס לגבי 1928/29 אין פּראָצ. |
| אַרבעטער | 129,5 | 20,3 | 18 ,6 | 38,5 | 6,6 | 20,7 | 58 9 | 18,2 | 44,7 | 226,9 | 45,1 | 24,8 |
| אָנגעשטעלטע | 162,4 | 25,5 | 18 ,6 | 32,4 | 4,9 | 17,8 | 139,9 | 18,0 | 14,8 | 334,7 | 48,4 | 16,9 |
| פרייע פּראָפעסיעס | 4,6 | - 4,7 | - 50,5 | 0,6 | - 0,5 | - 45,5 | 3,0 | - 3,1 | - 50,9 | 8,2 | - 8,3 | - 50,3 |
| קוסטאַרן | 167 8 | 13,9 | 9,0 | 41,0 | 2,0 | 5,1 | 57,1 | 2,7 | 5,0 | 265,9 | 18,1 | 7,5 |
| פּויערים | 86,5 | 8,5 | 10,9 | 27,6 | 3,6 | 15,0 | 20,0 | 6,0 | 42,9 | 134,1 | 18 1 | 15,6 |
| הענדלער | 15,6 | - 23,3 | - 59,9 | 4,3 | - 4,3 | - 50 | 7,4 | - 5,0 | - 40,3 | 27,3 | - 32,6 | - 54,4 |
| איבעריקע פּאַרנומענע | 18,7 | —— | —— | 5,2 | —— | —— | 3,8 | —— | —— | 27,7 | —— | —— |
| מלוכה־קעסטקינדער | 40,8 | 6,8 | 20,0 | 11,1 | 1,6 | 16,8 | 31,2 | 7,2 | 30,0 | 83,1 | 15,6 | 23,1 |
| פּערזאָנען מיט אַרבעטנדיקע הכנסות | 8,7 | - 2,2 | - 20,2 | 2,4 | - 0,6 | - 20,0 | 1,0 | - 0,3 | - 23.1 | 12,1 | - 3,1 | - 20,4 |
| דעקלאַסירטע | 17,2 | 1,5 | 9,6 | 3,0 | 0,2 | 7,0 | 8,0 | 0,7 | 17,8 | 28,2 | 2,4 | 9,3 |
| אַרבעטלאָזיגע | 33,0 | - 33 0 | - 50,0 | 6,0 | - 5,9 | - 9,6 | 16,5 | - 24,8 | - 57,6 | 55,5 | - 63,7 | - 35,4 |
| סך־הכל זעלבסטטעטיגע | 684,8 | 13,3 | 2,0 | 172,1 | 7,6 | 4,6 | 346,8 | 19,6 | 6,0 | 1203,7 | 40,5 | 3,5 |

די ערשטע דערשיינונג, וועלכע דאַרף אונז מאַכן אויפמערקזאַם, איז — אַ באַדייטנדיקע פאַרקלענערונג פון אַרבעטלאָזיקייט. עס איז נויטיק צו דיס־קאָנטירן, אַז די אויסגערעכנטע אָנגאַבן זיינען דורכ־שניטלעכע פאַרן 1929/30 יאָר און אַז צום סוף פון דעם יאָר האָט זיך די אַרבעטלאָזיקייט צווישן די אידן נאָך מער פאַרקירצט. ווייטער, דאַרף מען גערדיינקען, אַז דער טערמין „אַרבעטלאָזיקע" ווערט דורך אונז אומעטום געברויכט אין דעם פאַרשטאַנד פון דער אַל־פאַרבאַנדישער דעמאָגראַפישער ציילונג (פון 1926 יאָר), ד. ה. אַז דערדאָזיקער טערמין כאַפּט אַרום ניט נאָר די פאַרעגיסטרירטע אויף די אַרבעטס־בירזשעס, נאָר בכלל אַלע די, וועלכע זוכן אַרבעט (זאָל זיין אַפילו ניט פאַר לוין).

די צווייטע גרופּע, וועלכע האָט באַוויזן אַ שאַרפע פאַרקלענערונג פון איר צאָל, באַשטייט פון הענדלער. אַרויסגעשטויסענע פון דערדאָזיקער גרופּע 33 טויזנט זעלבסטעטיקע זיינען אַריבערגעגאַנגען אין די רייען פון פויערים און קוסטאַרן, טיילווייז אָבער זיינען זיי אַרי־בערגעגאַנגען אין ניט־פּראָדוקטיווע גרופּעס — דעקלאַ־סירטע און פערזאָנען מיט ניט־אַרבעטנדיקע פרנסות.

גלייכצייטיק מיט דער ראַשער פאַרקלענערונג פון די ניט־פּראָדוקטיווע (הענדלער), אַפּגעשטאַנענע (פרייע פּראָפעסיעס) און ניט פאַרנומענע (אַרבעטלאָזיקע) גרופּעס פון דער זעלבסטטעטיקער באַפעלקערונג איז פאָרגעקומען אַ שטאַרקער וואוקס פון דער צאָל לוין־אַרבעטער, אַ באַדייטנדיקער וואוקס פון דער צאָל פויערים און אַ געוויסער וואוקס פון דער קוסטאַרן־גרופּע. אין אבסאָלוטע גרויסן איז די גרופּע אָנגע־שטעלטע אויסגעוואַקסן אין אַ גרעסערער מאָס איידער די אַרבעטער־גרופּע, רעלאַטיוו אָבער האָט די לעצטע פאַרגרעסערט איר צאָל כמעט אויף 25 פּראָצענט פאַר איין יאָר, אין דער צייט ווען די אָנגעשטעלטע האָבן פאַרגרעסערט זייער צאָל אויף זיבעצן פּראָצענט. פאַר דעמזעלביקן יאָר איז די צאָל פויערים אויסגעוואַקסן אויף 15,6 פּראָצענט און די צאָל קוסטאַרן אויף 7,5 פּראָצענט. אבסאָלוט האָט זיך אַריינגעגאָסן אין די קוסטאַרן און פויערים־גרופּעס אַ גלייכע צאָל פון זעלבסטטעטיקע (18,6 טויזנט, און 18,1 טויזנט).

אַנאַליזירנדיק די שנויים, וועלכע זיינען פאָרגע־קומען אין דער סאָציאַלער סטרוקטור פון דער אידישער באַפעלקערונג פאַר דער צייט־אָפּשניט צווישן 1928/29 — 1929/30 איבער באַזונדערע טעריטאָריעס, באַ־מערקן מיר, אַז דער וואוקס פון דעם אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט איז פאָרגעקומען אויף אַ מער אינטענ־סיוון אופן אין די ערטער, וועלכע געפינען זיך אויסער די גרעניצן פונם געוועזענעם „תחום". אויב אין אבסאָ־לוטע גרויסן איז דער צופלוס פון אַרבעטער פאַר אַ יאָר פאָרגעקומען אַמשטאַרקסטן אין אוסס"ר (+20,3 טוי־זענט קעגן 6,6 טויזנט אין ווסס"ר און 18 טויזנט אין רספס"ר) איז רעלאַטיוו דערדאָזיקער צואוואוקס גרע־סער פון אומעטום אין רספס"ר, וואו די צאָל פון די אידישע אַרבעטער האָט זיך פאַרגרעסערט אויף 44,7 פּראָצענט, אין דער צייט ווען אין ווסס"ר איז פאָר־געקומען אַ פאַרגרעסערונג מערניט אויף 20,7 פּראָ־צענט און אין אוקראַינע — אויף 18,6 פּראָצענט.

צום ערשטן מאָל פאַרן פעריאָד, וועלכער איז דורכגעגאַנגען פון דעם מאָמענט פון דער ציילונג, האָבן מיר אין דעם 1929/30 יאָר אַ גאַנץ מעסיקן וואוקס פון דער צאָל אידישע קוסטאַרן, אין דער צייט ווען אין די פריערדיקע יאָרן האָט דערדאָזיקער וואוקס ווייט אַריבערגעשטיגן די אויפנאַמספּייאיקייט פונם אַר־

בעטס־מארק אין דערדאזיקער הינזיכט. אזוי, אויב אין 1928/29 יאר איז פארגעקומען אין פארגלייך מיטן 1927/28 יאר א פארגרעסערונג פון דער צאל אידישע קוסטארן אויף 13.2 פראצענט, האט דער 1929/30 יאר געגעבן לגבי דעם 1928/29 א פארגרעסערונג אויף 7.5 פראצענט, ד. ה. דערדאזיקער וואוקס איז געווען עט־וואס העכער איידער א העלפט פונם פאראיארעדיקן וואוקס. ווי מיר וועלן דערנאך זען, וועט די ווייטער־דיקע ענדערונג פון דער סאציאלער סטרוקטור פון דער אידישער באפעלקערונג דארפן נאך מער פארשטארקן די אנגעמערקטע ריכטונג, דערפירנדיק אפילו צו דעם, אז די צאל אידישע קוסטארן זאל אבסאלוט פארקלע־נערט ווערן.

די פארקלענערונג פון דעם וואוקס בא די אידישע קוסטארן האט אן ארט איבער אלע טעריטאריעלע איינסן, אבער, פונקט ווי אין די פארגאנגענע יארן, האט אוסס"ר איינגעהיט א גרעסערן וואוקס פון דער קוס־טארן־גרופע אין פארגלייך מיט די איבריקע רעפובליקן (+9 פראצ. לגבי 5,1 פראצענט אין ווסס"ר און 5 פראצ. אין רספס"ר).

וואס אנבאלאנגט דער באוועגונג פון דער צאל אידישע פויערים, איז איר פאנאנדערטיילונג איבער באזונדערע רעפובליקן פארגעקומען אין דערזעלבער ריכטונג, ווי בא די ארבעטער, ד ה. דעם גרעסטן רע־לאטיוון וואוקס גיט רספס"ר (+42,9 פראצ.), אויפן צווייטן ארט געפינט זיך ווסס"ר (+15 פראצ.) און אויפן לעצטן — אוסס"ר (+10,9 פראצ.). נאטירלעך, ריינען אבסאלוטן וואוקס געפינט זיך אויפן ערשטן ארט אוסס"ר (+8,5 טויזנט קעגן 3,6 טויזנט אין ווסס"ר און 6 טויז. אין רספס"ר). לויט דער פארקלענערונג פון דער צאל הענדלער געפינט זיך אוסס"ר אויפן ערשטן ארט, סיי אבסאלוט סיי רעלאטיוו. פארקערט, די ארבעטלאזיקע האבן פארקלענערט זייער צאל קודם־כל אין רספס"ר (—58 פראצ.) און אין א קלענערער מאס אין אוסס"ר (—50 פראצ.) און אין ווסס"ר (—49.6 פראצענט).

היות ווי דער וואוקס פון דעם זעלבסטטעטיקן טייל פון דער אידישער באפעלקערונג איז פאראורזאכט הויפטזעכלעך מיט דעם וואוקס פון דער פראלעטארי־שער גרופע און די לעצטע איז אויסגעוואקסן אמ־שטארקסטן אין רספס"ר, האט אויך די אלגעמיינע צאל פון זעלבסטטעטיקע*) געגעבן דעם גרעסטן וואוקס אין רספס"ר (+6 פראצ. קעגן 4.6 פראצ. אין ווסס"ר און 2 פראצ. אין אוסס"ר).

אזוי ארום האבן זיך אויך אין 1929/30 יאר, ווען די רעזולטאטן פון דעם סאציאלן געזונטמאכן די אידישע באפעלקערונג זיינען געווארן באזונדערס בא־דייטנדיק, די גינסטיקסטע פאקטארן פון דערדאזיקער אנטוויקלונג (דער וואוקס פון דעם אינדוסטריעלן פרא־לעטאריאט און פון דעם פויערטום, די פארקלענערונג פון ארבעטלאזיקייט) ארויסגעוויזן מיט א באזונדער קראפט, נעמלעך אין די ערטער, וואו עס האט זיך אנגעהויבן נאך דער רעוואלוציע פארגרעסערן די איד. באפעלקערונג, ד. ה. אין רספס"ר און אין די איבריקע (חוץ אוסס"ר און ווסס"ר) טיילן פונם ראטן־פארבאנד.

אין צוזאמענהאנג מיט די אבסאלוטע ענדערונגען, וועלכע זיינען פארגעקומען אין דעם צוזאמענשטעל פון דער זעלבסטעטיקער אידישער באפעלקערונג, האט זיך אויך געענדערט די רעלאטיווע ראלע פון באזונדערע סאציאלע גרופעס, ווי דאס איז צו זען פון די פאלגנ־דיקע אנגאבן:

---

*) לויט דער טערמינאלאגיע פון דער סאוועטישער סטאטיסטיק ווערט אלס א זעלבסטעטיקער אנגערופן יעדערער, וועלכער האט אן אייגענע הכנסה, איינשליסנדיק אהער אויך שטיצע פאר ארבעטלאזיקע און מלוכה־פענסיאנערן.

| סאציאלע גרופעס | אוסס"ר | | ווסס"ר | | רספס"ר | | פסס"ר | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | אין פראצענטן צום סך־הכל | | | | | | | |
| | 28-29 | 29-30 | 28-29 | 29-30 | 28-29 | 29-30 | 28-29 | 29-30 |
| ארבעטער | 16,3 | 18,9 | 19,4 | 22,4 | 12,4 | 17,0 | 15,6 | 18,9 |
| אנגעשטעלטע | 20,4 | 23,7 | 16,7 | 18,3 | 37,3 | 40,3 | 24,6 | 27,8 |
| פרייע פראפעסיעס | 1,4 | 0,7 | 0,7 | 0,3 | 1,9 | 0,9 | 1,4 | 0,7 |
| קוסטארן | 22,9 | 24 5 | 23,7 | 23.9 | 16,6 | 16,5 | 21,2 | 22,1 |
| פויערים | 11,6 | 12,6 | 14,6 | 16,0 | 4,3 | 5,8 | 10,0 | 11,1 |
| הענדלער | 5,8 | 2,3 | 5,2 | 2,5 | 3,8 | 2,1 | 5,1 | 2,3 |
| איבעריקע פארנומענע | 2,8 | 2,7 | 3,2 | 3,0 | 1,1 | 1,1 | 2,5 | 2,3 |
| מלוכה־קעסט־קינדער | 5,1 | 6,0 | 5,8 | 6,5 | 7,3 | 9,0 | 5,8 | 6,9 |
| ניט־ארבעטנדיקע הכנסות | 1,6 | 1,3 | 1,8 | 1,4 | 0,4 | 0,3 | 1,3 | 1,0 |
| דעקלאסירטע | 2,3 | 2,5 | 1,7 | 1,7 | 2,2 | 2,3 | 2,2 | 2,3 |
| ארבעטלאזיגע | 9,8 | 4,8 | 7,2 | 3,5 | 12,7 | 4,7 | 10,3 | 4,6 |
| סך־הכל זעלבסטעטיקע | 100 | 100 | 100 | 100 | 100 | 100 | 100 | 100 |

פאַר איין יאָר האָט זיך דער געוויכט פון לוין־אַרבעטער דערנענטערט צו אַ העלפט פון דער גאַנצער צאָל זעלבסטעטיקע. עס איז אויסגעוואָקסן עטוואָס דער געוויכט פון קוסטאַרן און פויערים באַ דער פאַרקלענערונג מער איידער אין צווייען פון דער באַדייטונג פון די הענדלער. אַ געוויסער וואוקס פון דעם געוויכט פון די דעקלאַסירטע קאָרעספּאָנדירט טיילווייז מיט דעם שטאַרקן פאַלן פון דער ראָלע פון די הענדלער. אַ־שאַרפע פאַרקלענערונג (פון 10,3 ביז 4,6 פּראָצענט) איז פאָרגעקומען אויך אין דעם געוויכט פון די אַרבעטלאָזיקע.

אַזוי ווי באַ דער אבסאָלוטער דינאַמיק פון באַזונדערע סאָציאַלע גרופּעס, האָט זיך די ענדערונג פון זייער רעלאַטיווער באַדייטונג אַמשטאַרקסטן אַרויסגעוויזן אין רספּס"ר, אַזוי, באַטרעפט די לוין־אַרבעט אין דער אָנגעוויזענער רעפּובליק כמעט 60 פּראָצ. פון דער זעלבסטעטיקער אידישער באַפעלקערונג, דער געוויכט פון אַרבעטלאָזיקע האָט זיך פאַרקלענערט פון 12,7 ביז 4,7 פּראָצ. א. א. וו.

סיי די אבסאָלוטע אָנגאַבן, וועלכע כאַראַקטעריזירן די טעמפּן, מיט וועלכע ס'איז פאָרגעקומען די דינאַמיק פון באַזונדערע סאָציאַלע גרופּעס, סיי די ענדערונג פון זייער רעלאַטיווער באַדייטונג, זאָגן עדות וועגן דעם, אַז די וויכטיקסטע שנויים זיינען פאָרגעקומען אין דער ריכטונג פון פאַרשטאַרקן דעם פּראָלעטאַרישן טייל פון דער זעלבסטעטיקער באַפעלקערונג, באַזונדערס בנוגע די אַרבעטער. ס'איז דעריבער אינטערעסאַנט דורכצושפּירן, ווי אַזוי איז פאָרגעקומען די באַוועגונג פון די לעצטע אין באַזונדערע ווירטשאַפט־צווייגן:

| סאָציאַלע גרופּעס | אוסס"ר | | | ווסס"ר | | | רספּס"ר | | | פּסס"ר | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | אבסאָל. (אין טויזנט.) אין 1929/30 | וואוקס פאַרן יאָר | | אבסאָל. (אין טויזנט.) אין 1929/30 | וואוקס פאַרן יאָר | | אבסאָל. (אין טויזנט.) אין 1929/30 | וואוקס פאַרן יאָר | | אבסאָל. (אין טויזנט.) אין 1929/30 | וואוקס פאַרן יאָר | |
| | | אין טויזנט. | אין פּראָצ. | | אין טויזנט. | אין פּראָצ. | | אין טויזנט. | אין פּראָצ. | | אין טויזנט. | אין פּראָצ. |
| לאַנדווירטשאַפט | 3,0 | 1,3 | 76,5 | 0,8 | 0,4 | 100,0 | 1,0 | 0,4 | 66,7 | 4,8 | 2,1 | 17,8 |
| פאַבר־זאַוואָד, אינדוסטריע | 67,4 | 13,6 | 25,3 | 20,8 | 5,2 | 33,3 | 40,8 | 14,3 | 54,0 | 129,0 | 33,1 | 34,6 |
| קליינע אינדוסטריע | 20 2 | - 1,1 | - 5,2 | 5,8 | - 1 5 | - 20,5 | 5,0 | - 0,5 | - 9.1 | 31,0 | - 3,1 | - 9,0 |
| בויאונג | 7,0 | 3,6 | 105,9 | 3,1 | 0,9 | 40,9 | 5,5 | 3,5 | 175,0 | 15,6 | 8,0 | 105,3 |
| אייזנבאַן טראַנספּאָרט | 1,4 | 0,1 | 7,7 | 0,5 | 0,1 | 25,0 | 0,6 | — | — | 2,5 | 0,2 | 8,7 |
| אָרטיגער טראַנספּאָרט | 3,1 | 0,4 | 14,8 | 0,6 | 0,2 | 50,0 | 0,7 | 0,1 | 20,0 | 4,4 | 0,7 | 18,9 |
| האַנדל און קרעדיט | 4,5 | 0,7 | 18,4 | 0,8 | 0,1 | 15,0 | 1,5 | — | — | 6,8 | 0,8 | 13,3 |
| אנשטאַלטן | 1,9 | 0,2 | 11,8 | 0,9 | 0,1 | 5,0 | 0.7 | — | — | 3,5 | 0,3 | 9,4 |
| איבעריקע אַרב. צווייגן | 21,0 | 1,6 | 18,2 | 5,2 | 4,0 | 8,3 | 3,0 | 0,2 | 7,1 | 29,2 | 2,2 | 8,1 |
| סך הכל אידן־אַרבעטער | 129,5 | 20,3 | 18.6 | 38,5 | 7,9 | 18,1 | 58,8 | 18,0 | 44,1 | 226,9 | 44,2 | 24,8 |

פון די 44 טויזנט אידישע אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך אַריינגעגאָסן אין דער סאָוועטישער אינדוסטריע פאַר דעם דורכגעגאַנגענעם יאָר, איז אַליין אין דער פאַבריק - זאַוואָדישער אינדוסטריע אַריינגעטראָטן באַ 33 טויזנט פּערזאָן. אַזוי אַרום איז דער גרונטלעכער וואוקס פון דעם אידישן אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט פאָרגעקומען אויפן חשבון פון שטענדיקע קאַדרען פון דער וויכטיקסטער צווייג אין דער סאָוועטישער ווירטשאַפט. אויב מען זאָל ניט רעכענען די פאַרדאָפּלטע צאָל פון די אידישע אַרבעטער אין דער בויאונג, אַלס אַ צווייג מיט סעזאָן־אַרבעט, איז אויך לויטן רעלאַטיוון וואוקס געפינט זיך די פאַבריק־זאַוואָדישע אינדוסטריע אויפן ערשטן אָרט, פאַרגרעסערנדיק די צאָל פון פאַרנומענע אין איר אַרבעטער אויף 34,5 פּראָצענט.

דער וואוקס פון דעם אידישן אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט איז פאָרגעקומען אויך אין אַנדערע — אַ חוץ פאַבריק־זאַוואָדישע־ווירטשאַפט־צווייגן מיטן אויסנאַם פון דער קליינער אינדוסטריע, אין וועלכע עס איז פאָרגעקומען אַ פאַרקלענערונג. די דאָזיקע דערשיינונג ווערט אינגאַנצן פאַרשטענדלעך, ווען מיר דיסקאָנטירן דעם פאַקט פון אַ מאַסן־איבערגאַנג פון די איינצעלנע קוסטאַרן אין פּראָדוציר־אַרטעלן, וועלכע ברויכן לוין־אַרבעט אין אַ באַגרעניצטער מאָס (מערניט אין דער פאָרם פון מלוכה־שילעריי). אַ חוץ דעם, זיינען די פּערזאָנען, וועלכע האָבן געאַרבעט פאַר לוין אין די קוסטאַרן־וואַרשטאַטן, מאַסנווייז אין גרויסע מלוכה־אונטערנעמונגען אַלס קוואַליפיצירטע און האַלבקוואַליפיצירטע אַרבעטער.

דער וואוקס פון לוין־אַרבעט אין דעם 1929/30 יאָר שטעלט מיט זיך פאָר ווי באַוואוסט, אַ דערשיינונג, וועלכע טראָגט אין פּסס"ר אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער. באַ די אידן איז אָבער דער דאָזיקער וואוקס געווען אַ

באַזונדער באַדייטנדיקער. דאָס האָט געבראַכט צו אַ העכערונג פונם געוויכט, וועלכן די אידן פאַרנעמען צווישן אַלע פאַרנומענע פאַר לוין אין פסס"ר.

| ווירטשאַפט־צווייגן | פּראָצענט אידן צווישן אַלע פאַרנומענע פאַר לוין 18-29 | 29-30 |
|---|---|---|
| לאַנדווירטשאַפט | 3,0 | 0,6 |
| פאַבר.־זאַוו., אינדוסטריע | 4,2 | 4,7 |
| קליינע אינדוסטריע | 10,2 | 9,3 |
| בויאונג | 1,3 | 1,6 |
| אייזנבאַן־טראַנספּ. | 0,5 | 0,5 |
| אָרטיגער טראַנספּ. | 1,7 | 1,4 |
| האַנדל און קרעדיט | 1.5 | 12,3 |
| אַנשטאַלטן | 5.2 | 5,4 |
| איבעריקע צווייגן | 4,1 | 4,0 |
| סך־הכל | 3,8 | 4,1 |

פון די געבראַכטע אָנגאַבן איז צו זען, אַז דער געוויכט פון די אידן צווישן אַלע, וועלכע אַרבעטן פאַר לוין, איז אויסגעוואַקסן פון 3,8 פּראָצ. אין 1928/29 יאָר, ביז 4,1 פּראָצ. אין דעם 1929/30 יאָר. אַזאַ וואוקס איז פאַרגעקומען אויך אין באַזונדערע צווייגן מיטן אויסנאַם פון דעם אָרטיקן טראַנספּאָרט און דער קליינער (קוסטאַרישער) אינדוסטריע.

אַלזאָ: אַ ווייטערדיקער וואוקס פון דעם אידישן פּראָלעטאַריאַט; אַ מעסיקער וואוקס פון דער צאָל קוסטאַרן; אַ שטאַרקער וואוקס פון דער צאָל אַרבעטער און אָנגעשטעלטע; אַ באַדייטנדיקע פאַרקלענערונג פון דער צאָל אַרבעטלאָזיקע פון אײן זייט און הענדלער — פון דער צווייטער, — אָט דאָס זיינען די הויפּטלעכע מאָמענטן, וועלכע כאַראַקטעריזירן די סאָציאַלע דינאַמיק פון דער אידישער באַפעלקערונג אינם 1929/30 יאָר.

2.

אינם יסוד פונם פּערספּעקטיוו־פּלאַן פאַר דער סאָציאַלער רעקאָנסטרוקציע פון דער אידישער באַפעלקערונג זיינען אויסגעלייגט געוואָרן פאָלגנדיקע הויפּט־מאָמענטן:

1 דער סאָציאַלער צוזאַמענשטעל פון דער אידישער באַפעלקערונג דאַרף איבערגעבויט ווערן אויף אַזאַ אופן, אַז די זעלבסטעטיקע אידן זאָלן אין זייער איבערוועגנדיקער מערהייט באַשטיין פון פּערזאָנען, וועלכע אַרבעטן פאַר לוין. צווישן די לעצטע דאַרפן פּרעוואַלירן די אַרבעטער.

2 איינצייטיק מיט דעם ווערט געגומען אַ קורס אויף אַ וויטערדיקן וואוקס פון דער לאַנדווירטשאַפט־לעכער אידישער באַפעלקערונג, פאַראויסזעענדיק דערביי אַ פאַרשטאַרקונג פון דער ראַטווירטישער בויאונג אין בירא־בידזשאַן און אין קרים.

3. דער וואוקס פון דעם אינדוסטריעלן און לאַנדווירטשאַפטלעכן פּראָלעטאַריאַט, פּונקט ווי פון דעם קאָלווירטישן פּויערטום, קומט פאָר אויף דער באַזע פון פאַרגרעסערן דעם געוויכט פון דעם זעלבסטעטיקן טייל פון דער באַפעלקערונג בײַ אַ באַדייטנדיקער אַקטיוויזירונג פון דער ניטזעלבסטעטיקער פרויען־באַפעלקערונג.

4. אַלע ציינגערס בויען זיך אַף דער באַזע פון דעם אַלגעמיינעם פאָלקסווירטשאַפטלעכן פּערספּעקטיוון פּלאַן אויף די נאָענטסטע דריי יאָר מיטן דיסקאָנט פון די שנויים, וועלכע זיינען שוין פאַרגעקומען ביז אַהער אין דער סאָציאַלער סטרוקטור פון דער אידישער באַפעלקערונג. דערביי ווערט גענומען אַ ציל־איינשטעלונג אויף אַ כמעט הונדערט־פּראָצענטיקע אַריינציאונג פון דער זעלבסטעטיקער אידישער באַפעלקערונג אין דעם סאָציאַליסטישן סעקטאָר.

לויט דעם קאָמערדישן פינף־יאָר דאַרף דער סאָציאַלער צוזאַמענשטעל פון דער אידישער באַפעלקערונג באַקומען פאַר די איבערגעבליבענע, ביזן סוף פונם פינף־יאָר, דריי יאָר—פאָלגנדיקע שנויים:

| סאָציאַלע גרופּעס | אַבסאָל. גרויס (אין טויז.) פאַר 1932-33 אוסס"ר | ווסס"ר | רספס"ר | פסס"ר | צואוואוקס אָדער פאַרלוסט לגבי 1929-30 אוסס"ר טויז. | אוסס"ר פּראָצ. | ווסס"ר טויז. | ווסס"ר פּראָצ. | רספס"ר טויז. | רספס"ר פּראָצ. | פסס"ר טויז. | פסס"ר פּראָצ. |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| אַרבעטער | 239,0 | 75,0 | 166,0 | 480,0 | 109,5 | 91,9 | 36,5 | 94,8 | 107,1 | 81,9 | 252,7 | 112,5 |
| אָנגעשטעלטע | 212,0 | 42,0 | 196,0 | 450,0 | 49,6 | 30,4 | 9,6 | 29,4 | 56,1 | 40,5 | 115 3 | 34,4 |
| קוסטאַרן און פורמאַנעס | 135,0 | 35.0 | 30,0 | 200,0 | - 4.6 | - 27,5 | - 11,2 | - 24,2 | - 30,9 | - 50,7 | - 93,6 | - 31,8 |
| פּויערים | 104 0 | 36,0 | 30,0 | 170,0 | 17,5 | 20,0 | 8,4 | 30,0 | 10,0 | 50,0 | 35,9 | 26,5 |
| מלובה־קעסטקינדער | 61,5 | 17,5 | 52,0 | 131,0 | 20,7 | 50,7 | 6,4 | 57,7 | 20,8 | 66,7 | 47,9 | 57,8 |
| איבעריקע ניט פאַרנומענע | 10,5 | 2,0 | 2,5 | 15,0 | - 48 4 | - 82,2 | - 9,4 | - 82,5 | - 23,0 | - 90,0 | - 80,8 | - 84,3 |
| סך־הכל זעלבסטעטיגע | 762,0 | 207,5 | 476,5 | 1446,0 | 77,2 | 11,3 | 35,4 | 20,6 | 129,7 | 37,4 | 241,8 | 20,0 |

די גרעסטע צואוואוקס־טעמפּן ווערן פאַראויסגעזען פאַר לוין־אַרבעט. אַמערסטן זיינען זיי גרויס, בנוגע אַרבעטער און מער מעסיקע פאַר אָנגעשטעלטע. דער צווייטער כאַראַקטעריסטישער מאָמענט פון

דעם פּלאַן איז דער, אַז ניט נאָר עס ווערט ניט פּראָעקטירט אַ צוואוקס פאַר די קוסטאַרן, נאָר, פאַרקערט, עס ווערט אַנגעמערקט אַ פאַרקלענערונג פון זייער צאָל (צוזאַמען מיט דער צאָל פורמאַנעס) אויף אַ דריטל. דער מעסיקער וואוקס פון דער צאָל־פּויערים דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס אַ באַדייטנדיקער טייל איבערוואַנדערער וועט גיין אויף דער ליניע פון ראַטווירטישער בויאונג און וועט אַזוי אַרום פיגורירן אין דער רובריק „אַרבעטער". דעריבער, וועלן אין אמת'ן די טעמפּן פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער איבערוואַנדערונג זיין העכער איידער דער פאַרפּראָעקטירטער צוואוקס פון דער צאָל אידן־פּויערים. די גרופּע פּריוואַטע הענדלער באַגלייך מיט די פרייע פּראָפעסיעס, דאַרף אינגאַנצן ליקווידירט ווערן צום סוף פון דעם פינף־יאָר.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אַנגעמערקטן צוואוקס פאַר לוין־אַרבעט און פאַרן פּויערטום ווערט דערפירט ביז אַ מינימום אויך די צאָל פון די ניט פאַרנומענע גרופּעס פון דער זעלבסטעטיקער באַפעלקערונג (אַ פאַרקלענערונג אויף 84,3 פּראָצ.).

די רעקאָנסטרוקציע פון דעם סאָציאַלן צוזאַמענשטעל פון דער אידישער באַפעלקערונג וועט פאַרקומען אין איין און דערזעלבער ריכטונג איבערן גאַנצן ראַטנפאַרבאַנד. דערביי וועלן אָבער די צוואוקס טעמפּן זיין אַמערסטן באַדייטנדיקע אין רספּס"ר. די אַרבעטער, למשל, דאַרפן פאַר די איבערגעבליבענע דריי יאָר פאַרגרעסערן זייער צאָל: אין אוסס"ר אויף 91.9 פּראָצ., אין ווסס"ר אויף — 94'8 פּראָצענט, אין רספּס"ר — אויף 81.9 פּראָצ. אויך די פּויערים גיבן אַ צוואוקס פאַרהעלטניסמעסיק אויף 20 פּראָצ., 30 פּראָצ. און 50 פּראָצ. רספּס"ר גיט אויך העכערע צוואוקס־טעמפּן פאַר אַנגעשטעלטע, אויף וויפיל זי פאַרמאָגט די גרעסטע אַדמיניסטראַטיוו־קולטורעלע צענטערן. אין דערזעלביקער רעפּובליק קומט פאַר אַ שטאַרקערע פאַרקלענערונג פון דער צאָל קוסטאַרן, וואָס קומט פאַר אויפן חשבון פונם גרויסן צוואוקס פון דער אַרבעטער־גרופּע.

די אַנגעמערקטע דינאַמישע ציינגערס דאַרפן איבעראַנדערשן די סטרוקטור פון דעם זעלבסטעטיקן טייל פון דער אידישער באַפעלקערונג אויף אַ פאָלגנדיקן אופן:

| סאָציאַלע גרופּעס | אוסס"ר 1929/30 | אוסס"ר 1932/33 | ווסס"ר 1929/30 | ווסס"ר 1932/33 | רספּס"ר 1929/30 | רספּס"ר 1932/33 | פּסס"ר 1929/30 | פּסס"ר 1932/33 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | אין פּראָצענט צום סך הכל | | | | | | | |
| אַרבעטער | 18,9 | 31,4 | 22,4 | 36,4 | 17,0 | 34,8 | 18,9 | 33,2 |
| אַנגעשטעלטע | 23,7 | 27,8 | 18,8 | 20,2 | 40,3 | 41,2 | 27,8 | 13,1 |
| פרייע פּראָפעסיעס | 0,7 | — | 0,3 | — | 0,9 | — | 0,7 | — |
| קוסטאַרן און פורמאַנעס | 27,2 | 17,7 | 26,9 | 17,0 | 17,6 | 6,3 | 24,4 | 13,8 |
| פּויערים | 12,6 | 13,6 | 16,0 | 17,3 | 5,8 | 6,3 | 11,1 | 11,8 |
| הענדלער | 2,3 | — | 2,5 | — | 2,1 | — | 2,3 | — |
| מלוכה קעסט־קינדער | 6,0 | 8,1 | 6,5 | 8,4 | 9,0 | 10,9 | 6,9 | 9,1 |
| איבעריקע ניט פאַרנומענע | 8,6 | 1,4 | 6,6 | 1,0 | 7,3 | 0,5 | 7,9 | 1,0 |
| סך־הכל זעלבסטעטיקע | 100 | 100 | 100 | 100 | 100 | 100 | 100 | 100 |

אַ חוץ דעם, וואָס די צאָל פאַרנומענע פאַר לוין וועט דערגרייכן 64 פּראָצ. פון דער גאַנצער זעלבסטעטיקער באַפעלקערונג, וועט פאַרקומען צום ערשטן מאָל פאַר דער גאַנצער צייט אַן איבערוואָג פון די אַרבעטער לגבי די אַנגעשטעלטע (33,2 פּראָצ. קעגן 31,1 פּראָצ.). עס וועט זיך אויך עטוואָס פאַרגרעסערן דער געוויכט פון די פּויערים און באַדייטנדיק פאַרגרעסערן די צאָל מלוכה־קעסטקינדער (די לעצטע — הויפּטזעכלעך אויפן חשבון פון דער סטיפּענדישער לערן־יוגנט). די איבעריקע גרופּעס וועלן געבן אַ פאַרקלענערונג פון זייער געוויכט.

אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז דווקא אין רספּס"ר, וואו די אַרבעטער וועלן געבן דעם גרעסטן צוואוקס, וועלן די סטרוקטור־פאַרהעלטנישן צווישן די אַרבעטער און אַנגעשטעלטע דאָך פאַרבלייבן לטובת די לעצטע. אַזוי, אין ווייסרוסלאַנד וועלן די אַרבעטער באַטרעפן אין דעם 1932/33 יאָר 36,1 פּראָצ. פון דער גאַנצער צאָל זעלבסטעטיקע אידן און די אַנגעשטעלטע מערניט 20,2 פּראָצ., אין אוקראַינע וועלן די ציינגערס באַטרעפן פאַרהעלטניסמעסיק 31,4 און 27,8 פּראָצ. און אין רספּס"ר — 39,8 און 41,7 פּראָצ. אַזאַ פאַרהעלטניש אין רספּס"ר דערקלערט זיך מיט דער שוין אַנגעמערקטער אָנוועזנהייט אין איר פון די גרעסטע אַדמיניסטראַטיוו־קולטורעלע צענטערן, אין וועלכע עס וועט פאַרקומען אַ גרויסער צוואוקס פון דער גרופּע אַנגעשטעלטע.

די פאַרווירקלעכונג פון די אַנגעמערקטע פּערספּעקטיווע ציינגערס דאַרף אַזוי אַרום אין גרונט איבער־

אנדערשן די סאָציאַלע סטרוקטור פון דער אידישער באַפעלקערונג. דער וואוקס פון דעם זעלבסטעטיקן טייל פון דער באַפעלקערונג ביז אַן אבסאָלוטער מערהייט; אַן איבערוואָג פון אַרבעטער לגבי אָנגעשטעלטע; אַ שטאַרקער וואוקס פון דעם אינדוסטריעלן פראָלעטאַריאַט; אַ וואוקס פון דער פויערשער באַפעלקערונג בא דער פאַרקלענערונג פון דער צאָל קוסטאַרן און ליקווידירונג פון דער הענדלער גרופע — דאָס זיינען די גרונט־מאָמענטן פון דעם „אידישן" פינף־יאָר. איצט איז נויטיק צו אַנאַליזירן דעם וואוקס פון דער גרופע אַרבעטער לויט באַזונדערע ווירטשאַפטער־צווייגן.

3.

דער וואוקס פון דער צאָל אידישע אַרבעטער אין באַזונדערע צווייגן ווערט אָנגעמערקט אויף אַ פאָלגנדיקן אופן:

| סאָציאַלע גרופעס | אבסאָר. גרייסן (טויזנט) אין 1932/33: אוסס"ר | ווסס"ר | רספס"ר | פסס"ר | וואוקס אין % לגבי דעם 1929/30: אוסס"ר | ווסס"ר | רספס"ר | פסס"ר |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| לאַנדווירטשאַפט | 15,3 | 2,3 | 36,8 | 18,1 | 419,0 | 187,5 | 2975,0 | 406,0 |
| פאַבר.־זאַוו. אינדוסט | 136,3 | 49,9 | 86,8 | 27,0 | 102,6 | 138,9 | 112,7 | 111,3 |
| קליינע אינדוסטריע — — — — | 13,0 | 3,7 | 2,3 | 19,0 | —33,4 | -36,2 | —54,0 | —38,7 |
| בויאונג | 25,2 | 6,5 | 30,3 | 62,0 | 260,0 | 109,5 | 450,0 | 297,0 |
| אייזנבאַן טראַנספּאָרט — — — | 7,5 | 2,7 | 3,3 | 13,5 | 436,0 | 440,0 | 450,0 | 350,0 |
| אָרטיקער טראַנספּאָרט — — — — | 12,5 | 1,9 | 6,2 | 20,6 | 303.1 | 216,0 | 780,0 | 368,0 |
| האַנדל און קרעדיט | 4,7 | 1,0 | 2,0 | 7,7 | 4,8 | 25,0 | 33,3 | 18,3 |
| אָנגעשטעלטע — — — — — — | 2,0 | 1,0 | 1,0 | 4,0 | 5,3 | 11,1 | 42,9 | 14,3 |
| איבעריקע אַרב.־צווייגן — — — | 22,5 | 6,0 | 3 3 | 31,8 | 7·1 | 15,4 | 10,0 | 8,9 |
| סך הכל אידן־אַרבעטער — — — | 239,0 | 75,0 | 166,0 | 480 0 | 84,6 | 94.8 | 182,3 | 112.0 |

פון אַלע אַרבעטס־צווייגן קומט פאַר נאָר אין דער קליינער (קוסטאַרישער) אינדוסטריע אַ פאַרקלענערונג פון דער צאָל אַרבעטער. דאָס קומט פאַר דערפאַר, ווייל די לוין־אַרבעט אין דעמדאָזיקן געביט וועט באַגרענעצט ווערן בלויז מיט דער שילער־פאַרפאַנצערונג אין די קוסטאַרישע פּראָדוציר־אַרטעלן. די איבערוועגנדיקע מערהייט פון די קוסטאַר־שילער וועט אַריבערגיין אין די גרויס־אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. אגב, אויף וויפיל צום סוף פונם פינף־יאָר וועלן אַלע פאַרנומענע אין דער קוסטאַר־אינדוסטריע אידן זיין קאָאָפּערירט, ווערן אָפּגעשאַפט אויך די פאַר הנחות צו דעם, אַז עס זאָל געברויכט ווערן אין די קוסטאַר־ווארשטאַטן לוין־אַרבעט.

מיטן אויסנאַם פון דער קליינער אינדוסטריע קומט פאַר אין אַלע אַרבעט־צווייגן אַ וואוקס פון דער צאָל אַרבעטער, דערביי קומט פאַר דער גרעסטער וואוקס אין אבסאָלוטע גרויסן בא דער פאַבריק־זאַוואָדישער אינדוסטריע און אין רעלאַטיווע — אין דער לאַנדווירטשאַפט און טראַנספּאָרט. מיר מוזן נאָכאַמאָל דערמאָנען, אַז דער וואוקס פונם לאַנדווירטשאַפטלעכן פּראָלעטאַריאַט וועט פאָרקומען הויפּטזעכלעך אין רעזולטאַט פון ראַטווירטישער בויאונג אין בירא־בידזשאַן און אין קרים.

פאַר די פאַרבליבענע, ביזן סוף פונם פינף־יאָר, 3 יאָר — דאַרף דער אידישער אינדוסטריעלער (איינשליסנדיק די בויער) און לאַנדווירטשאַפטלעכער פּראָלעטאַריאַט, פאַרגרעסערן זיין צאָל אויף 253 טויזנט פערזאָן. אזא גראַנדיעזע פּראָגראַם שיינט אויפן ערשטן בליק פאַר אַ ניט קיין איבערבאַרע, באַזונדערס אויב מען פאַרגלייכט עס מיט דעם וואוקס, וועלכער איז פאָרגעקומען אין די ערשטע צוויי יאָר פונם פינף־יאָר. דידאָזיקע צוויי צייט־אָפּשניטן (די ערשטע צוויי און די פאַרבליבענע דריי יאָר פונם פינף־יאָר) זיינען אָבער ניט נאָר פאַרגלייכבאַר צוליב פאָלגנדיקע טעמים.

דער וואוקס פון דער אידישער לוין־אַרבעט פאַר די דורכגעגאַנגענע צוויי יאָר האָט זיך אָנגעהויבן הויפּטזעכלעך אין דעם לעצטן, ד. ה. אין דעם 1929/30 יאָר. דערביי איז די פאַרגרעסערונג פונם אידישן פראָלעטאַריאַט אין דער מאָס פאָרגעקומען הויפּטזעכלעך דורכן אויסנוצונג פון די געוועזענע רעזערוון: עס זיינען אריינגעצויגן געוואָרן אין אַרבעט פאַר לוין אַרבעטלאָזיקע, וועלכע זיינען באַשטאַנען אין זייער גרעסטן טייל פון געוועזענע אָנגעשטעלטע, פרייע פּראָפעסיעס און ענלעכע גרופעס. נאַטירלעך, דידאָזיקע סאָציאַלע גרופעס האָבן געפונען אַ צופּאַסונג פאַר זייער אַרבעט לויט זייערע גרינטלעכע פּראָפעסיעס. דעריבער האָבן מיר אזא באַדייטנדיקן צוואַווקס פון אָנגעשטעלטע אינם 1929/30 יאָר. פונדעסטוועגן — און דאָס מוז באַזונדערס אונטערגעשטרייכט ווערן — אפילו דער יאָר פון אויסנוצן די פאַראַנענע רעזערוון האָט געגעבן אַ וואוקס פון דער צאָל אידישע אַרבעטער אויף 45 טויזנט מאַן. איצט אָבער, אַז די פאַראַנענע רעזערוון האָבן זיך כמעט אויסגעשעפּט, קאָן מען ריידן הויפּטזאכלעך וועגן אונטערוואַקסנדיקער יונגנט און וועגן דעם זיך אַקטיווירנדיקן פרויען־טייל פון דער באַפעלקערונג. דידאָזיקע אָבער גרופּעס קאָנען און דאַרפן גיין

אין דער אַרבעטער־גרופּע, דערביי איז נויטיק צו באַ־מערקן, אַז אַ חוץ דעם וואָס עס קומט פאָר אַ סטיכישע אַריינדרינגונג פון דער אידישער יוגנט אין דער אינ־דוסטריע, העלפט נאָך מיט דעמדאָזיקן פּראָצעס די רעגולירנדיקע מיטהילף פונם קאָמערד.*)

דער וואוקס פונם לאַנדווירטשאַפטלעכן פּראָלע־טאַריאַט, אויף וויפל ער איז צוזאַמענגעבונדן מיט דעם קאָמערדס איבערוואַנדערישער אַרבעט, וועט זיין דער גרעסטער אין רספּס"ר (אין די ראַטווירטן פון בירא־בידזשאַן און קרים). די פאַבריק־זאַוואָדישע גיבן דעם גרעסטן וואוקס אין אוקראַינע. די בוי און די טראַנ־ספּאָרט־אַרבעטער גיבן דעם גרעסטן צווואוקס אין רספּס"ר.

די פאַרווירקליכונג פון די אָנגעמערקטע ציפערן דאַרף העכערן דעם געוויכט פון די אידן צווישן אַלע לוין־אַרבעטער (אַרבעטער און אָנגעשטעלטע צוזאַמען) פון 3,8 פּראָצ. אין דעם 1927/28 יאָר ביז 4,5 פּראָצ., אין דעם 1932/33 יאָר אין דער פאַבריק־זאַוואָדישער אינדוסטריע וועט געהעכערט ווערן דער געוויכט פון 3,9 ביז 7,0 פּראָצ., דערין בײַ די אַרבעטער — פון 3,1 ביז 6,3 פּראָצ. אין דער בויאונג וועט פאָרקומען אַ וואוקס פון 1,3 ביז 2,7 פּראָצ.

*) מיר באַהאַנדלען דאָ ניט די פראגע וועגן דעם בוי פון די אידישע קאדרען, וועלכע דינען אַלס רעזערוון פאַרן אויספילן די אָנגעמערקטע ציפערס. די, וואָס אינטערעסירן זיך מיט דערדאָזיקער פראַגע, קאָנען געפינען אַן ענטפער אויף דעם אין מיין אַרטיקל אין „עמעס" פון דעם 4־טן מאַרטש, 1931.

די אָנגעמערקטע, אויף די נאָענטסטע דריי יאָר, ענדערונגען אין דער סאָציאַלער סטרוקטור פון דער אידישער באַפעלקערונג פאָדערן אַ ווייטערדיקן איבער־גאַנג פון באַוואוסטע טיילן פון דער אידישער באַפעל־קערונג פון דרום און מערב אויף צפון און מזרח, ד. ה. פון אוסס"ר און ווסס"ר אין רספּס"ר. אַזאַ איבערגאַנג וועט פאָרקומען ניט נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס אין רספּס"ר זיינען די וועגן פון אינדוסטריעלער איינאָרד־נונג מער גרענעצלאָז און ניט נאָר צוליב דעם, וואָס אין רספּס"ר געפינען זיך קרים און בירא־בידזשאַן, נאָר אויך דערפאַר, וואָס דער איבערגאַנג פון דער אידישער באַפעלקערונג אין רספּס"ר, וועלכער האָט זיך אָנגע־הויבן שוין אין אָנהויב פון די רעוואָלוציע־יאָרן און האָט זיך פאַרשטאַרקט אין דער לעצטער צייט, באַ־שטימט שוין פאַראויס די ווייטערדיקע מיגראַציע־פּראָצעסן, וועלכע האָבן אין זייער גרונט שוין אויך קרוב'ישע און פריינטלעכע צוזאַמענבינדונגען. ניט נאָר די באַפעלקערונג, וועלכע פאָרט אַריבער אין אָרדנונג פון לאַנדווירטשאַפטלעכער איינאָרדנונג און פירט דערנאָך אַריבער אויף די פאָנדן אירע משפּחות, נאָר אויך דער אידישער יוגנטלעכער, וועלכער קומט אָן אין אַ מאָסקווער פאַבריק אָדער אויף אַ אוראַלער זאַוואָד, ציט נאָך זיך פונם שטעטל זיין ברודער, פריינט, על־טערן א. א. וו. דערדאָזיקער אומפאַרמיידלעכער פּראָ־צעס פון דער ווייטערדיקער טעריטאָריעלער איבערגרו־פּירונג פון דער אידישער באַפעלקערונג איז אָנגעמערקט לויטן פּראָספּעקטיוון פּלאַן אויף אַ פאָלגנדיקן אופן:

| טעריטאָריע | אידישע באַפעלקערונג אין יאָר 1929/30 | איד. באַפעלקערונג אין 1932/33 יאָר (אָן מע־כאַנישער באַוועגונג) | סאַלדאָ פון מעכאַנישער באַוועגונג | אידישע באַפעלקערונג אין דעם 1932/33 יאָר |
|---|---|---|---|---|
| | אין טויזנטער | | | |
| אוסס"ר — — | 1.627 | 1.705 | —113 | 1.592 |
| ווסס"ר — — | 414 | 436 | —27 | 409 |
| רספּס"ר — — | 684 | 712 | +140 | 852 |
| פסס"ר — — | 2.725 | 2.853 | 0 | 2.853 |

אויב די באַוועגונג פון דער אידישער באַפעלקע־רונג איבער באַזונדערע טעריטאָריעס פון פסס"ר וואָלט זיך אונטערוואָרפן מערניט די געזעצן פונם נאַטירלעכן צווואוקס, דאַן וואָלטן מיר געהאַט אין אוסס"ר אַ צווואוקס אויף 73 טויזנט (+4,8 פּראָצ.), אין ווסס"ר — אויף 22 טויזנט (+5,4 פּראָצ.) און אין רספּס"ר — אויף 28 טויזנט (+4,2 פּראָצ.). אין אַזאַ פאַל וואָלטן מיר באַקומען פאַר באַזונדערע טעריטאָריעס די גרויסן, וועלכע געפינען זיך אין דער צווייטער רובריק פון רעכטס. דיסקאָנטירנדיק אָבער, די פאַרשטייענ־דיקע מעכאַנישע באַוועגונג, באַקומען מיר פאַר דעם לעצטן יאָר פונם פינף־יאָר די פּאָנאַנדערטיילונג, וועלכע איז באַוויזן אין דער לעצטער רובריק.

אַלזאָ, די גרונטלעכע ענדערונג פון דעם סאָציאַלן באַשטאַנד פון דער אידישער באַפעלקערונג וועט באַ־גלייט ווערן דורך אַ באַדייטנדיקער ענדערונג פון איר געאָגראַפישער פּאָנאַנדערטיילונג. דידאָזיקע טעריי־טאָריעלע איבערשיכטונג וועט אַליין שטאַרקער אָפּציען באַדייטנדיקע מאַסן פון דער אידישער באַפעלקערונג פון די שטעט און שטעטלעך פונם געוועזענעם „תחום" צו די אינדוסטריעלע צענטערן פון רספּס"ר און צו די דורכאויסיקע מאַסיוון פון דער אידישער ערד אַרבעט, וועלכע געפינען זיך אין דער זעלביקער רעפּובליק.

א. בראָדסקי

# דער צושטאַנד און נאָענטסטע פּערספּעקטיוון אין דער אַנטוויקלונג פון דער געווערב-קאָאָפּעראַציע אין דעם בּיראָ-בּידזשאַנער ראַיאָן

ווען עס שטעלט זיך די פראַגע וועגן אַן עקאָנאָמישער באַזע פאַר דער איבערוואַנדערונג אין ביראָ־בידזשאַן האָט מען געוויינלעך אין זינען די דאָרף־ווירטשאַפטלעכע, פאַרזעענדיק אין גאַנצן דעם גרונט פאַר דער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג וואָס געפינט זיך אין אונזער ראַיאָן.

די גרונט־פאָרמע פון אָרגאַניזירן די קליין־אינדוסטריע איז די געווערב קאָאָפּעראַציע. אין דער אמת'ן דאַרף דער ראַיפּראָמסאָיוז (דער ראַיאָנער אינדוסטריעלער פאַראיין) ניט נאָר נעמען אויף זיך די איניציאַטיווע פון אַנטוויקלען אַ גאַנצע רייע פון נייע אינדוסטריעס, נאָר ער איז אויך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם צושטאַנד פון דער קליין אינדוסטריע אין דעם ראַיאָן. דער ראַיפּראָמסאָיוז האָט זיך ערשט אָרגאַניזירט אין חודש אויגוסט פון דעם ערשט פאַרגאַנגענעם יאָר. דער פּאַרנעם פון זיין אַרבעט איז נאָך דערווייל זייער אומבאַדייטנד, הגם די נאַטירלעכע רייכטימער פון דעם ראַיאָן האָבן געקאָנט באַשאַפן אַ מעכטיקע באַזע פאַר דער היגער אַנטוויקלונג פון אַ גאַנצער רייע אינדוסטריען, וואָס באַאַרבעטן די אָ ר ט י ק ע רוי־מאַטעריאַלן. נעמענדיק אין אַכט, ווי ווייט אונזער ראַיאָן איז פון די צענטראַלע אינדוסט־ריעלע געגנטן קאָן גרייַלעך געמאָלט זיין אַז ס'וואָלט זיך אַפילו געלוינט בּאַ אונז צו אַנטוויקלען אינדוסטריעס מיט אָ ר ט י נ ע פ י ר ט ע דעפיציטנע רוי־מאַטעריאַלן. מ'דאַרף ניט פאַרגעסן די אַלע שוועריקייטן, וואָס מיר האָבן דאָ צו באַציען פּראָדוקטן פאַר'ן אַלגעמיינעם געברויך פון דעם ווייטן צענטער. מעגלעך, אַז אַזעלכע אומבאַדינגט נויטיקע פּראָדוקטן ווי קליידער, שיך, אונטערוועש, טריקאָטאַזש א.א.וו. וואָלט זיך בעסער לוינען אויסצואַרבעטן דאָ אויפן אָרט, איידער צו ברייגנען דאָס פון מרחקים.

עס שטייט נאָר פאַר דעם געווערב־פאַרבאַנד אויסצואַרבעטן גענויע פּלענער און פירן נייע אויספאָרשונגען, די וואָס זיינען געווען זיינען ניט גענוג — איבער נאָך פיל אומבאַקאַנטע און ווייניק באַקאַנטע אומשטענדן. הגם די הויפּט־שטופּן פון דער אַנטוויקלונג פון דער געווערב־קאָאָפּעראַציע אין דעם בירא־בידזשאַנער־ראַיאָן זיינען שוין אין אַלגעמיין אָנגעצייכנט.

**אַ גרופּע אינדוסטריעס וואָס אַרבעטן מיט אַ ניט־דעפיציטנעם, אָרטיקן רוי-מאַטעריאַל**

אויב די פּראָדוקציע פון בוי־מאַטעריאַלן, וואָלט גענומען געוואָרן אַלס די הויפּט־פּראָדוקציע פון דער געווערב־קאָאָפּעראַציע וואָלט זי אין אַ גאַנצן קורצער צייט דערגרייכט זייער הויכע טעמפּן אין דעם ראַיאָן. דערווייל אַרבעטן עטלעכע ציגל און קאַלך אַרטעלן. אויף דעם ערשטן פּלאַן דער קאַלך אַרטעל אויף דער סטאַנציע בירא־בידזשאַן, וואו עס געפינען זיך אומבאַגרעניצטע קאַלך־זאַפּאַסן, וואָס ווערן ביז היינט נאָך באַאַרבעט אויף זייער אַ פּרימיטיוון אופן. ביז איצט ווייסט מען נאָך ניט גענוי דעם כעמישן אַנאַליז פון אָט דעם קאַלך־מאַטעריאַל. ניט לאַנג צוריק האָבן מיר אָוועקגעשיקט מוסטערן אויף אונטערצוזוכן און אַנאַליזירן קיין מאָסקווע און אין דער בירא־פעלדער לאַבאָראַטאָריע. יעדנפאַלס קאָן מען פאָראויס זיכער זיין, אַז דער קאַלך־מאַטעריאַל האָט אַ היבשן, צופרידנשטעלנדיקן פּראָצענט פון קאַלציום־זויער, ווייל די דערווייליקע פּרימיטיווע פּראָבעס האָבן געגעבן אַ גענוגנדיקן קרייד־אָפּזאַץ, וואָס ווייזט אויף אַ פּאָזיטיוו גינסטיקן מאַטעריאַל. צוליב דעם וואָס אויף דער סטאַנציע לאָנדאָקאָ, אין אונזער ראַיאָן, געפינט זיך שוין אַ פּאַראַלעלע מלוכה אינדוסטריע, לייגן מיר פאָר צו פאַרגרעסערן אָט דעם אַרטעל נאָר ביז 350 מענטשן מיט אַ פּראָדוקציע פאַר די יאָרן 1932־3 פון צוואַנציק טויזנט טאָן.

אין דעם פאַרגאַנגענעם יאָר האָבן מיר פאַראייניקט דריי עקזיסטירנדיקע אַרטעלן אין איין גרויסן וואָס לאָזט איצט אַרויס אַרום צוועלף טויזנט טאָן קאַלך. אויסער דעם וואָס מיר וועלן דאַרפן בויען נייע קאַלך־אויוונס מוזן מיר גלייך מעכאַניזירן די טראַנספּאָרט־מיטלען פון דעם אַרטעל. איצט טראַנספּאָרטירט מען דעם קאַלך אויף פורן און אַ סך מאָל שטעלט זיך אָפּ די גאַנצע פּראָדוקציע, ווייל מ'קען ניט אָנלאָדעווען און אָוועקשיקן מחמת ס'איז נישטאָ קיין פיטער פאַר די פערד. די אויוונס פאַרבלייבן פול און מ'מוז אָפּשטעלן אַלע ווייַלע די פּראָדוקציע. די פראַגע וועגן מעכאַנישער טראַנספּאָרטאַציע (אויטאָמאָביל־טראָקס, א. אַ. וו.) איז אַזוי וויכטיק פאַר דער ווייטערדיקער

אַנטוויקלונג פון דער פראָדוקציע, אַז מ'מוז גלייך צוטרעטן צו דעם.

צוליב דעם וואָס דער געגנט איז אויסערגעוויינלעך רייך מיט ליים פון זייער אַ הויכער קוואַליטעט, וועט מען קאָנען אַריינציען אין דער מויער־ליים און פייער־פרואוו־ליים פראָדוקציע אַ גרויסע צאָל קוסטאַרן. אין אונזער איצטיקן באַשטאַנד גייט אויך אַריין אַן אַרטעל פון מזרח־ספעציאַליסטן פאַר ציגל־פראָדוקציע. דער זאַוואָד האָט צוויי אויוונס מיט אַ קאַפאַציטעט פון איין הונדערט טויזנט ציגל. איצט קאָן ער אַרויסגעבן מאָנאַטלעך הונדערט און פופציק טויזנט ציגל. אָבער בויען דאָרט נאָך אויוונס לוינט זיך ניט, ווייל גראַד דער אָרט האָט אַ באַגרעניצטן זאַפאַס ליים, אין גאַנצן פאַר וועלכע ס'איז פיר מיליאָן שטיק. דער פלאַץ פאַר דעם זאַוואָד איז געווען אויסגעקליבן צופיל אין איילעניש און דעריבער איז געמאַכט געוואָרן אַ טעות. אָבער מיר זיינען שוין פאַרבונדן מיט דעם ווייט־מזרח'דיקן געאָלאָגישן אָפטייל וועגן שיקן ספעציאַליסטן., אויף אויסצוגעפינען דעם פאַסענדסטן פלאַץ וואו צו פאַרלייגן דעם נייעם זאַוואָד מיט פיל אויוונס, פאַר דער ציגל און קאַכל אינדוסטריע. מיר טרעטן, הייסט עס, גלייך צו בויען אַ קאַכל־זאַוואָד. אָט די פראָדוקציע פון ציגל און קאַכל וועט אויך געבן אַ געלעגנהייט אונזערע מזרח פאַך ספעציאַליסטן צו קאָאָפערירן צוזאַמען אין דעם געווערב. מיר רעכענען דערווייל צו דערפירן די צאָל אַרבעטער פאַר דער אַרבעט ביז צוויי הונדערט מאַן מיט אַ יערלעכער פראָדוקציע פון צוויי און האַלב מיליאָן ציגל און איין מיליאָן קאַכל. גלייכצייטיק האָבן מיר שוין אָנגעמערקט צו אָרגאַניזירן אַ געווערב פון שטיינהאַקעריי מיט אַ יערלעכער באַאַרבעטונג פון צען טויזנט קוביק־מעטער שטיין־מאַטעריאַלן. דער פאַל וואָס די שטיין־זאַפאַסן געפינען זיך אין שכנות מיט דער באַן־ליניע און ציען זיך גראַד מיט איר לענג, וועט אויך ביישטראָגן דערצו, אַז נישט נאָר א ו נ ז ע ר ראַיאָן אַליין וועט זיך מיט אים קענען באַנוצן, נאָר אויך די ו ו י י ט ע ר ע געגנטן, וואָס ליגן אויף — אונזער באַן־ליניע. אגב האָבן מיר אויך היבשע זאַפאַסן פאָרפיר, פון אַ זייער מאַסיוון סאָרט, נעבן דעם שיידוועג פון סאַגדאַ־ביר.

לויט די אָנגעמערקטע אַנטוויקלונגס־טעמפן אין דער בוי־מאַטעריאַל אינדוסטריע ווערט אויסגערעכנט, אַז מיר זאָלן האָבן אין 1933 זעקס הונדערט מענטשן אין דער געווערב־קאָאָפעראַציע מיט אַ פראָדוקציע פון 1 מיליאָן און 230 טויזנט רובל יערלעך. די אַלגעמיינע סומע, וואָס מיר דאַרפן איצט אויף דעם אויסלייגן איז 250 טויזנט רובל.

## די וואלד-כעמישע און כעמישע אינדוסטריע

אומבאַגרעניצט זיינען די מעגלעכקייטן פון אונזער ראַיאָן פאַר וואַלד־כעמישע און כעמישע אינדוסטריעס, אָבער מיט באַדויערן מוזן מיר צוגעבן, אַז דערווייל איז נאָך אינגאַנצן בא אונז נישטאָ קיין וואַלד־כעמישע אינדוסטריע. אין גאַנצן ראַיאָן עקזיסטירט נאָר אַן אומבאַדייטנדיקער אַרטעל, צוויי פוילישע קעסלען, וואָס מוזן גלייך פאַריכט ווערן, ווייל זיי זיינען אין אַ זייער צוקריפלטן צושטאַנד, אָבער מיר האָבן אַ מאַסע גינסטיקע אומשטענדן אין דעם הינזיכט: גרויסע, מאַסיווע וועלדער נאָענט צו אַרויספיר־פונקטן, אַ נאָענטער אויסלענדישער מאַרק פאַר כעמישע וואַלד־פראָדוקטן, אַ היפשע צאָל דערפאַרענע סמאָלע־רויכערער פון צווישן די אידישע איינגעוואַנדערטע. מיר נעמען זיך גלייך צו דעם כדי אויסצונוצן די אַלע ברייטע מעגלעכקייטן. אויפן ערשטן פלאַן האָבן מיר אָנגעמערקט גלייך צוצוטרעטן צו דער בויאונג פון אַכט נייע פוילישע קעסלען נעבן די סטאַנציעס בירקאַן און בירע, וואו ס'זיינען פאַראַן ריזיקע זאַפאַסן פון צעדער־ביימער, פון וועלכע מ'קאָן ציען גוטע סמאָלע. אַזעלכע גרויסע זאַפאַסן זיינען אויך פאַראַן נעבן דעם דאָרף ראַזדאָלניע. אין די פונקטן וועלן מיר אַנטוויקלען אַ היבשע פראָדוקציע און מיר וועלן דאַרפן אין גיכן האָבן 20 סמאָלע־קעסלען. מיר וועלן דאַרפן האָבן פאַר דער אינדוסטריע און אַלץ וואָס איז מיט איר פאַרבונדן, ניט ווייניקער ווי 300 מענטשן. די פראָדוקציע וועט דאַרפן אָנטרעפן אין 1933 אַרום 560 טויזנט רובל.

גלייכצייטיק וועלן מיר דעם יאָר דאַרפן איינשטעלן צוויי איינריכטונגען צו פראָדוצירן פעך, וואָס יעדע איינע זאָל האָבן די קאַפאַציטעט פאַר איין טאָן פעך. ביז 1933 וועלן אַזעלכע פעך־פלענטס שוין דאַרפן דערגרייכן צען מיט אַ יערלעכער פראָדוקציע פון 75 טאָן פעך אויף אַ סומע פון 110 טויזנט רובל.

אָט די זיינען צוויי צווייגן פון דער וואַלד־כעמישע פראָדוקציע וואָס מיר וועלן אין דער סאַמע נאָענטסטער צייט שענקען אונזער הויפט אויפמערקזאַמקייט. אַרום די צוויי אינדוסטריעס וועלן שוין צופאַלן עטלעכע זייטיקע געווערבן פון דזשעגאַכץ, שוך־קרעם, קינסטלעכע טריקן־אייל, קינסטלעכע פאָליטור און ענלעכע געווערבן צו וועלכע מ'וועט דאַרפן האָבן אַרום הונדערט מענטשן פון די אידישע איינוואַנדערער.

פון דער פעך־פראָדוקציע וועלן מיר נאָך מיט דער צייט אויך קאָנען שאַפן אַ באַדייטנדיקן טייערן פראָדוקט — סינטעטישן, אָדער קינסטלעכן קאַמפאָר. פון די קאַלך־אויוונס אין בירקאַן וועלן מיר נאָך קאָנען אַרויסבאַקומען אַ פראָדוקציע פון דעם קרייד־אָפזאַץ אין וועלכער ס'נייטיקט זיך אַזוי שטאַרק אונזער פאַפיר־אינדוסטריע און מעדיצין. די אָרגאַניזירונג פון די געווערבן וואָלט געהאַט פאַר אונז אַן ערשט־קלאַסיקן

מיטן אָנקומען פון הילכיקן געלעכטער און פון
ארבעט.
וואָס צערייסט דינאַמאָס און שניידט־אויף
דעם ריח פון דער ערד.
מיטן געהירזש פון יונגע פערד.
מיטן מארש פון פּיאָנערן,
וואָס קומען זיין, קומען ווערן.

טרעטן טראַקטאָרס. שניידן, שערן
רייפן ברויט און היי.
טרעטן טראַקטאָרס און פארטרעטן
אַלטן צער און וויי. —

שניידן בייטן ריי נאָך ריי.
קוואַלט און זונט און בויט זיך
שטוב און שייער און פאַבריק.
און אַלין דאָ זאָגט, און אַלין דאָ זינגט:
פארשניטן איז דער וועג צוריק.
אַלין דאָ זאָגט און אַלין דאָ זינגט:
אין ערד און אין ארבעט,
אין זון און אין רעגן,
אין ליכטיקער מאַכט פון די
ראַטן
בויען מיר נאָך אַ שטאָט
פון פויער און־ארבעטער שטאַטן.

אב. וויקטאָר

# איקאָר

(צום אויפבוי פון ערשטן סאָצ־שטעטל „איקאָר" אין בירא־בידזשאַן)

געזאָגט האָט סאָוועטנפארבאַנד:
יעדע נאַציע באַ אונז דאָ אין לאַנד,
ווי גרויס, צי ווי קליין,
זאָל פילן, אַז דאָ איז איר היים;
זאָל וויסן, אַז דער סאָצ־נעבוי
איז אירער און אַלעמענס בונד,
איר בלוט, און איר פלייש, און איר ביין.

און דאָס וואָס געזאָגט, איז געטאָן.
עס וויים ניט פון קיין אויבנאָן
סאָוועטנפארבאַנד.
פראָלעט—איד מיט אַלע באַגלייך
און איז פּיאָנער אויף רוי־ערד,
אין אויפבוי פון בירא־בידזשאַן
מיט אייגענער האַנט.

„איד־פראַגע"! דיין לייזונג אַ וועלט
געזוכט האָט און שטענדיק געפעלט,
געלאָזט דיך אַ פלוך...
און נאָך יעדן זוך אַ פאַגראָם,
ווי „זיצונג פון פרידן" ברייננגט קריג...
דיין לייזונג געקומען איז דאָרט,
און אָן אַ שתדלניש פאַרזוך.

ניט מאַטאָס אויף סאַמעט און זייד, —
אין הערצער לויכט לאָזונג'ס באַטייט,
און פשוט, און קלאָר.
הילך, טאַיגע! הילך, אוראַלטער וואַלד
מיט טראַקטאָר און זעגמיל געזאַנג:
מיר בויען! מיר בויען אָט־דאָ
סאָצ־שטעטל „איקאָר"...!

ניו. יאָרק, יאַנואר, 1932.

מ. שאַץ־אַנין

# די אידן אין בופער־זאָנע צווישן אימפּעריאַליזם און סאָציאַליזם

## 1. די בורזשואַזיע קייקלט זיך באַרג־אַראָפּ

צווישן דעם קאָלעקטיוויסטישן מזרח און אימפּעריאַליסטישן מערב געפינט זיך אַ בופער־שטח. נאָך דער וועלט־מלחמה איז דאָ באַשאַפן געוואָרן אַ ריי קלענערע און גרעסערע בופער־מלוכות. די אימפּעריאַליסטישע וועלט האָט אויסגענוצט דעם נאַציאָנאַליסטישן טשאַד, וואָס די וועלט־מלחמה האָט נאָך זיך געלאָזן, און האָט מיטגעהאָלפן דער אנטשטייאונג פון אַ ריי סוּאווערענע מלוכות, אין וועלכע עס הערשן די בורזשואַזע וואַסאַלן פון די אימפּעריאַליסטישע גרויסמאַכטן. דאָס זיינען: פינלאַנד, עסטלאַנד, לעטלאַנד, ליטע, פוילן, וועלכע גרענעצט זיך מיט רומעניען. דאָס איז די דעמאַרקאַציע־ליניע אין דעם גרויסן וועלט־געפעכט, וואָס קומט איצט פאָר צווישן מזרח און מערב.

אויף אָט דעם בופער־פּאַס לעבט אַ אידישע באַפעלקערונג פון אַן ערך 4½ מיליאָן מענטשן.

אויב די אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע פון די מזרח־אייראָפּעאישע מלוכות איז אין אַלגעמיין זייער קאָמפּליצירט, געפינט זיך די אידישע באַפעלקערונג אין זיי אין אַ טאָפּעלטן קלעם. דאָ הערשט אַן אָפן אָדער פאַרמאַסקירט־פאַשיסטישער רעזשים. די שאָוויניסטישע בורזשואַזיע פון אָט די מלוכות, נאָך גאָר נישט לאַנג אליין אַן אונטערדריקטער מעוט אין דעם צאַרישן רוסלאַנד, שטופּט אָפּ אפילו די בורזשואַזע שיכטן פון דער אידישער באַפעלקערונג פון דעם מלוכה־רודער און מלוכה־ווירטשאַפט. די אידישע בורזשואַזיע, די העכערע און די מיטעלע שיכטן אירע, זיינען באַטייליקט דער עיקר אין די פאַרשיידענע צווייגן פון דעם האַנדל־ און פינאַנס־קאַפּיטאַליזם. אַ סך ווייניקער אויפן אינדוסטריעלן געביט, כמעט גאָרנישט אין מלוכה־ און מוניציפּאַל־ווירטשאַפט. דער סאָציאַל־פּאָליטישער געוויכט פון דער אידישער בורזשואַזיע איז על־פּי ערך און אומבאַדייטנדיקער, איר פּאָליטישער איינפלוס אויפן גאַנג פון מלוכה־ ענינים — אַ נישטיקער. ווייטער פון יחיד׳ישער שתדלנות אין סטיל פון אַלטע גבאים גייט נישט דער איינפלוס פון די אידישע „מלוכה־לייט” און פאַרלאַמענטאַריער.

די געזעלשאַפטלעכע אַטמאָספערע אין אָט די בורזשואַזיע קרייזן איז דורך און דורך אָנגעזאַפּט מיט רעאַקציאָנערע שטימונגען. פון איין זייט, זוכט מען וואָס מער זיך צוצופּאַסן און אונטערצוחנפ׳ענען אונטער דער בורזשואַזיע פון דער הערשנדיקער נאַציאָנאַלער מערהייט, וועלכע מען שטרעבט איבערצויאָגן אין פּאַטריאָטיזם. פון דער אַנדער זייט, לגבי צו די אידישע מאַסן, קולטיווירט די אידישע בורזשואַזיע כל־ערליי אגודיסטיש־קלעריקאַלע, ציוניסטישע און סתם נאַציאָנאַליסטישע רודימענטן — שיריים פון דעם טויטן עבר.

דער קריזיס פון די לעצטע יאָרן האָט אינגאַנצן אונטערגעגראָבן די סאָציאַלע פּאָזיציעס פון דער אידישער בורזשואַזיע, אָפּגעדעקט איר פּולשטענדיק געזעלשאַפטלעכן באַנקראָט און אַרויסגעריסן פון אונטער איר איינפלוס די ברייטע שיכטן פון דער אידישער באַפעלקערונג.

## 2. דער קליינבירגער גייט אויס שעמעוודיק־אידישלעך

די גרויסע מערהייט פון דער אידישער באַפעלקערונג אין מזרח־אייראָפּע באַשטייט פון קליינבירגערלעכע שיכטן און פון דעקלאַסירטער אָרעמשאַפט.

בופער־קאַפּיטאַליזם, פאַשיסטישער שאָוויניזם, קרינגערישער אַנטיסעמיטיזם, — דאָס אַלץ האָט אַראָפּגעדריקט די ברייטע אידישע מאַסע אויף דער נידעריקסטער סאָציאַל־עקאָנאָמישער מדרגה. די לעצטע קריזיס־יאָרן האָבן זי געפירט צום אָפּגרונט פון אומגעהויערער עקאָנאָמישער נויט, פיזישער דעגענעראַציע — ביזן שוועל פון הונגער־טויט. די ירושה פון דער הונדערט־יאָריקער גבאיש־תקיפישער הערשאַפט דריקט זיך אויס אין דעם, וואָס הונדערטער טויזנטער גייען אויס פון הונגער און נויט, אָן סאָציאַלן פּראָטעסט, אָן אויפברויז פון פּראָלעטאַרישער מרידה, אויפן שעמעוודיק־אידישלעכן שטייגער.

די אַנטוויקלונג פון די מלוכה־מאָנאָפּאָליעס, דער וואוקס פון דער קאָאָפּעראַציע, די דעפּרעסיע אויפן אַגראַרישן געביט, די פאַרקלענערטע קויף־קראַפט פון די ברייטע מאַסן, ווי אַ רעזולטאַט פון זייער עקאָנאָמישער פאַראָרעמונג, די אומדערהערטע צעטרייסלונג פון דעם גאַנצן קרעדיט־סיסטעם און דער וואַלוטע־פאַראַליטש, — דאָס אַלץ טרייבט דעם מיטעלן און קליינעם אידישן הענדלער און בעל־מלאכה צו דעקלאַ־

סירונג און פּאוּפּעריזאַציע. עס קומט נאָך צו אַ ריי ספּעציפישע מאָמענטן. אין דעם קלעם פון דעם אומ׳ברחמנות׳דיקן קריזיס ברענגען זיך פאַנאַנדער די שאָוויניסטישע רייסעניש. די הערשנדיקע קליקעס שטרעבן ווידער אַמאָל אָפּצולענקן פון זיך דעם כעס פון די פאַרצווייפלטע מאַסן און שטויסן זיי אויפן וועג פון אנטי־אידישע פּראָגראָמען. איבער גאַנץ פּוילן און רומעניע בושעווען אין דער לעצטער צייט שאָוויניסטיש אנטיסעמיטישע עקסצעסן, אָנגעפירט דורך די בורזשואַזע אָרגאַניזאַציעס און ברייט טאָלערירטע — אויב נישט אונטערשטיצט — דורך דער רעגירונג. אונטער דעם יאָך פונם צאַריזם האָט דער אידישער המון נישט איבערגעלעבט אַזוינע ציניש רדיפות, ווי אויף דעם בופער־שטח צווישן קאַפּיטאַליזם און סאָציאַליזם. און אויב פריער פלעגן גאַנצע אידישע שטעטלעך טיילווייז אויסגעהאַלטן ווערן דורך רייכע אַמעריקאַנער קרובים, האָט דער קריזיס אין אַמעריקע פאַרשאָטן אויך דעם מקור פון זייער חיונה.

אויף אָט דעם יסוד פון אומאויפהערלעכן סאָציאַל־עקאָנאָמישן באַרג־אַראָפּ וואַקסן אַלץ מער צווישן דעם אידישן קליינבירגערטום כאַציאַל־פּאָליטישע ירידה־שטימונגען, נעזעלשאַפטלעכע אָפּהענטיקייט און קלעריקאַל־נאַציאָנאַליסטישע רעצידיוו־סענטימענטן.

דער אומדערהערטער קריזיס איז צוזאַמענגעפאַלן מיט דעם ענטגילטיקן באַנקראָט פון דער ציוניסטישער בלאָפער־פּאָליטיק, וואָס האָט אָנגעפילט די פוסטקייט פונם קליינבירגערלעכן לעבן מיט די רעגנבויגנפאַרבן פון אַ זייפן־בלאָז.

יאוש׳דיק־שטיל און מורא׳דיק־פינצטער איז איצט אין די געסלעך פון דער אידישער אָרעמשאַפט אויפן ווייטן שטח פון דעם דניעסטער ביז צו דער דווינע. שטיל, ווי פאַר אַ נאָענטן געוויטער. אָבער שוין מערקן זיך בולט אָן סימנים פון אויפהעלונג. דאָס עפענען נייע האָריזאָנטן און נייע פּערספּעקטיוון. זיי ווייזן אַלע אויף מזרח.

דער גראַנדיעזער פּראָצעס פון אומשיכטן די אידישע אָרעמשאַפט אויף פּראָדוקטיווע יסודות אין שטאָט און דאָרף, וואָס קומט פאָר אין ראַטנפאַרבאַנד, איז דורך דער בירגערלעכער פּרעסע פון די בופער־מלוכות נישט נאָר פאַרשוויגן געוואָרן. דאָס לעבן און שאַפן פון די אידישע מאַסן אין ראַטנפאַרבאַנד שפּיגלט זיך אָפּ אין אָט דער פּרעסע אויפן משונה׳דיקן אופן, פול מיט פאַלסיפיקאַציעס, זלזולים און בלבולים. די פּראָלעטאַרישע פּרעסע, וואָס פּרואוט אויפקלערן די אידישע אָרעמשאַפט וועגן דעם אמת׳ן פאַרנעם און באַדייטונג פונם סאָציאַלן אויפבוי און אידישער פּראָדוקטיווירונג אין ראַטנפאַרבאַנד, ווערט אומ׳ברחמנות׳דיק נע׳רודפ׳ט.

נישט געקוקט אויף אַלע די מניעות, דרינגט אין דער לעצטער צייט אַלץ טיפער אַריין אין דער אונטערדריקטער אידישער מאַסע דאָס באַוואוסטזיין אַז פון די באַנקראָטירטע קאַפּיטאַליסטישע רעדלפירער קאָנען זיי קיין ישועה ניט דערוואַרטן און אַז נאָר די מעטאָדן פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־פּויערים־פּאָליטיק עפענען פאַר זיי ברייט דעם וועג צו אַ פרייען מענטשן־ווירדיקן לעבן.

די שלאָג־ווערטער „קרים" און „בירא־בידזשאַן" טראָגן זיך פון מויל צו מויל, ווי אָן אָנזאָג פון אַ נייער תקופה אין דעם לעבן פון דער אידישער אָרעמשאַפט. די סאָציאַל־פּאָליטישע גלייכבאַרעכטיקונג און די אומגעשטערטע קולטורעלע אַנטוויקלונג, פריי פון נאַציאָנאַלע רדיפות, פאַראייניקן זיך פאַרן אידישן מאַסנמענטש אין אָט די שלאָגווערטער.

דער קאַמף פאַר דער העגעמאָניע איבער דער ברייטער אידישער מאַסע, וואָס ווערט זינט צענדליקער יאָרן עקשנות׳דיק געפירט צווישן דער אַרבעטערשאַפט און דער בורזשואַזיע, האַלט זיך שוין באַם פאַרענדיקן. די קליינבירגערלעכע מאַסע ווערט דורך דעם אומקום־קריזיס אַלץ מער פאַרפּעסטיקט אין דער איבערצייגונג, אַז פון קאַפּיטאַליסטישן מערב לויערן אויף אים אַלע ווייטאָקן פון גיהנום אויף דער וועלט. און אַז דער איינציקער ליכטיקער אויסבליק אין דער צוקונפט עפנט זיך פאַר אים אין מזרח, וואו דער אַרבעטער־קלאַס בויט פאַר אים דאָס לעבן אויף סאָלעקטיוויסטישע יסודות. די העגעמאָניע איבער דער אידישער מאַסע גייט אַריבער צום אַרבעטער־קלאַס.

### 3. די אַרבעטערשאַפט קעמפט פאַרן באַרג־אַרויף

אויך די אידישע אַרבעטערשאַפט לעבט איבער אין די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער אַ קריטישע צייט. איינע פון די שווערסטע באַגלייט־דערשיינונגען פון דעם קריזיס איז די מורא׳דיקסטע אַרבעטלאָזיקייט. צו דער מלוכה׳שער און מוניציפּאַלער ווירטשאַפט האָט דאָ דער שאָוויניזם פון שטענדיק אָן דעם אידישן אַרבעטער נישט דערלאָזן. אין דער גרויס־אינדוסטריע האָט דער אידישער אַרבעטער קיין איינטייל נישט געקאָנט נעמען. און גראָד די מיטעלע־ און קליין־אינדוסטריע, אין וועלכע דער אידישער אַרבעטער איז נאָך געווען באַשעפטיקט, האָבן שטאַרקער פון אַלע אַנדערע ווירטשאַפט־צווייגן געליטן פון דעם שווערן קריזיס. די צאָל באַשעפטיקטע קוואַליפיצירטע אַרבעטער ווערט פון טאָג צו טאָג אַלץ קלענער. דער פּראָצעס פון דעקלאַסירונג און פּאוּפּעריזירונג פון די אידישע האָרעפּאַשניקעס נעמט אָן אַלץ בולט׳ערע פאָרמען. דער נאָך־מלחמה־קאַפּיטאַליזם האָט פאַר דער אידישער אַרבעטערשאַפט באַוויזן זיין אכזריות׳דיקסטן פּנים.

אָט די אומדערטרעגלעכע לאַגע האָט פאַרשטאַרקט צווישן דער אידישער אַרבעטערשאַפט דעם רעוואָלו־

ציאָנערן אימפעט און זי געשטעלט אין די פאָדערשטע רייען אין דעם פאַרשאַרפטן געראַנגל צווישן קאַפיטאַל און אַרבעט. דאָס האָט באַוועגט די פאַשיסטישע רעאַקציע אין די בופער־מלוכות, צוזאַמען מיט די פאַרשאַרפטע רדיפות קעגן דער אַרבעטערשאַפט, ווידער אַמאָל אַרויסצוואַרפן דעם לאָזונג: „שלאָגט אידן! אידן זיינען קאָמוניסטן און קאָמוניסטן זיינען אידן!" אויף אָט דער טייוולאָנישער סטרונקע שפילט אין דער לעצטער צייט אַלץ ווילדער די שאָוויניסטישע בורזשואַזיע פון די בופער־מלוכות.

די לאַגע פון די האָרעפּאַשנע אידישע מאַסן איז אַ פאַרצווייפלטע, די סיטואַציע אָבער איז אַ קלאָרע: די בונדיסטישע און די פועלי־ציוניסטישע פשרות־מאַכעריי פאַרלירט פון טאָג צו טאָג אַלץ מער דעם באָדן אונטער די פיס. די פאָדערונג „רעכט אויף אַרבעט" אין די באַדינגונגען פונם פאַשיסטישן רעזשים קלינגט איצט פונקט אַזוי צבועות'דיק, ווי די אַמאָליקע בונדישע פאָדערונגען: „רעכט אויף שבת־רו" דער קאַמף צווישן דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטערשאַפט און די קליינבירגערלעכע באַהעלפער פון דער פאַשיסטישער בורזשואַזיע האָט אָנגענומען די שאַרפסטע פאָרם און איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן אויף דער גאַס. די דערפאָלגן פון דער קאָלעקטיוויסטישער רעקאָנסטרוקציע, וואָס דערטראָגן זיך איבער אַלע גרענעץ־סלופעס צו דער פאַרצווייפלטער אידישער האָרעפּאַשנער מאַסע, גיבן איר צו נייעם מוט צום קאַמף און אַ קלאָרע ציל־איינשטעלונג.

דער איצטיקער קריזיס איז דער אנזאָג פון אַ גרויסן היסטאָרישן שיידוועג: אימפּעריאַליסטישע מלחמות אָדער סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע. אויב דער קריזיס וועט, לויט דעם וואונטש פון דער בורזשואַזיע, זיך אויסלאָזן אין אַן אימפּעריאַליסטישער מלחמה, וועט זיך די שחיטה אין דער ערשטער ריי און אויפן שווערסטן אופן זיך אָפּרופן אויף דער אידישער מאַסע פון דער דעמאַרקאַציע־זאָנע. און נאָר דער איבערגאַנג פון דער היסטאָרישער איניציאַטיוו צו דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטערשאַפט קאָן באַפרייען די אידישע מאַסן פון דער דראָענדיקער מלחמה־פיין.

---

צווישן דער אָפגייענדיקער תקופה פון אימפּעריאַליזם ליגט אַ בופער־צייט. גרויסע נסיונות האָט די צייט צוגעגרייט פאַר אונזער דור, און טאָפּלט זיינען די נסיונות פון אָט דער בופער־צייט פאַר דער אידישער באַפעלקערונג פון דעם מזרח־אייראָפּעאישן בופער־שטח. אויף אירע פּלייצעס פאַלן די ערשטע און שווערסטע קלעפּ אין דעם געראַנגל. דער אויסגאַנג פון דעם געראַנגל איז פון דער געשיכטע פעסט און קלאָר פאָראויסבאַשטימט. דער גייסט פון דעם זיגנדיקן קאָלעקטיוויזם טראָגט זיך איבער דער גאַנצער וועלט און גיט דעם אַרבעטנדיקן און ליידנדיקן טייל פון דער מענטשהייט דעם שטאַרקסטן סטימול צום באַפרייאונג־קאַמף.

מער פון אַלעמען איז פאַראינטערעסירט צו פאַרקירצן די געבורטס־ווייען פון דער נייער געזעלשאַפט די געפּלאָגטע אידישע מאַסע, דאַריבער געהערן אירע סימפּאַטיעס וואָס ווייטער אַלץ מער דעם פּראָלעטאַרישן אַוואַנגאַרד, וואָס וואַרפט אַריבער מיט אַ מעכטיקער האַנט דעם בריק פון פאַרגאַנגנהייט צו דער צוקונפט, פון מערב קיין מזרח.



רעכטס: מ. ראַשקעס, פון געזערד
לינקס: י. מערעזשין, פון קאָמזעט.

מ. ז. גאלדשטיין

# פון אַרגענטינע ביז בירא-בידזשאַן

(בלעטלעך פון א רייזע־נאָטיץ).

דער „אָרגאַניזאַטאָר", דאָס שיפל פון דער קאָמונע איקאר, האָט אונז געפירט א גאַנצן טאָג איבער דער טונגוזקע. ס'האָט זיך אביסל צוגעפוילט דאָס שיפל, און ס'האָט געגרימאַשעט ווי א צעפּיעסטעט קינד. האָט זיך דער טאָג אויף דער טונגוזקע געצויגן א לאַנגער און האָט אונז מיד געמאַכט, אונז די מידע פון אונזער זעקס וואָכעדיקער רייזע פון אַרגענטינע קיין בירא־בידזשאַן.

אין כאַבאַראָווסק האָט זיך דער טאָג אָנגעכמורעט. באַלד אין פרימאָרגן האָט ער, דער טאָג, אַראָפּגעלאָזט די נאָז, נאָר צום מיטגטאָג איז דער הימל געוואָרן לויטער און א ליכטיקער ווייט־מזרח'דיקע זון האָט באַ־שיינט דעם וועג. דעם סוף פון אונזער וועג וואָס האָט זיך געצויגן אויף העכער צוויי צענדליק טויזנט קילאָמעטער און האָט נעהאַט פאַרשיידענע מינע־מאָרגנע איבערגאַנג; ווי פאַרשיידן עס איז דער לעבנס־שטייגער פון די מענטשן פון דעם שקאַפּן־לאַנד אַרגענטינע און אַלע פאַרביינעפאָרענע לענדער ביז צום לאַנד פון פרייהייט, צום לאַנד פון די סאָוועטן.

מיט יעדער מינוט, מיט יעדן שלונג וואַסער, וואָס עס האָט געטאָן אונזער „אָרגאַניזאַטאָר", זיינען יאַטן געוואָרן אומרואיקער: עטוואָס נערוועזעס האָט זיך גע־מערקט אין די אויגן, אויף די פּנים'ער, און אין די באַוועגונגען. נאָר א אומרואיקייט און א נערוועזקייט איז עס געווען א לויטערע, ווי אין מאָמענטן פון גע־שפּאַנטער דערוואַרטונג מיט צעזונגענע בלוטן צו לאַנג אויסגעקוקטער באַהעפטונג. האָט מען אויסגעצויגן די הענט, איינגערודערט די שטייף־געוואָרענע גלידער און דערפילנדיק דעם שטאַרקן לויף פון בלוט אין די אָדערן האָט מען זיך צעזונגען, און געזונגען האָט מען:

„היי ערדעלע דו ערדעלע,<br>
שוואַרץ ערדעלע דו מיין,<br>
וואָס ווערסטו דאָ מיין ערדעלע<br>
וואָס ווערסטו דאָ מיר זיין.

האָט זיך ווייט און ברייט איבער וואַסער און פעלדער צעשאָטן א מעכטיק געזאַנג, א געזאַנג, וואָס האָט אָנ־געזאָגט דער פאַרשלאָפענער טייגע, אז עס קומט דער סוף צום שלאָף.

---

דעם טאָג האָט מען פאַרבראַכט אין פאַרשיידענע שמועסן, פאַרשטעלונגען און נאָכפרעגענישן. די שמועסן האָבן אַלע געהאַט א שייכות מיטן אָפּגעזאַגנעם. פאַרגעשטעלט האָט זיך יעדער פאַר זיך אָדער אַלע צו־זאַמען, אז דאָרט וואוהין מען פאָרט וועט פאָרט ניט זיין אזוי טונקל ווי מען האָט געשילדערט דאָס לעבן אין בירא־בידזשאַן דאָרט אין אַרגענטינע. אין דעם האָט געמאַכט גלויבן דער אַמעריקאַנער חבר, וואָס איז געשיקט געוואָרן אָנפירן מיט אַרבעט באַם בויען דעם סאָצ.־מוסטער ישוב איקאָר. אָט דער חבר אַמראַן דערציילנדיק פון דעם גרויסן פּלאַן, וואָס וואַרט אויף אונזערע הענט, האָט אויסגעווישט די טונקעלע פלעקן אויף די פאַרשטעלונגס־אַפּאַראַטן באַ פיל איבער־וואַנדערער.

— אויף אייך, חברים, פאַלט אויס דער גורל צו מאַכן דעם אָנהייב פון סאָצ.־שטעטל, איר וועט דאַרפן שטעלן דעם ערשטן טריט אויף דעם אָרט וואו אין 2½ יאָר אַרום וועט זיין א מוסטער־ישוב פאַר פינף טויזנט מענטשן.

נו, האָט יעדער איינער שוין צום וויפילסטן מאָל איבערדערציילט פון אויפשטיין אין האַלבע נאַכט און לויפן צו רעדאַקציעס נאָך פרישע צייטונגען און זוכן מיט פיבערדיקע בליקן אין די שורה'לעך וואו „עס פאָדערט זיך" און געזוכט און געגישטערט מיט די אומ־רואיקע אויגן א שורה'לע פון זיין פאַך „אפשר", „טאָמער". און האָט זיך באַוויזן א פאָדערונגל אזא קליינס, אזא מאָגערס, זיינען דריי הונדערט מענטשן געקומען מיט זעקס הונדערט הענט צו לויפן און — שטענדיק פאַרשפּעטיקט...

און אזוי איינס, נאָך איינס. דערציילונגען פון אַרבעטלאָזיקייט, פון הונגער, פון געטראָטענע מענטש־לעכע ווערדע, פון בלוטיקע פאַרביסענע קאַמפן, וואָס האָבן דאָ אויף דער טונגוזקע, באַם ברעג פון א ניי לעבן, וואו עס וואַרט א סאָציאַליסטישע אויפבוי־אַר־בעט אויף די הענט. וואָס האָבן שוין דאָרט אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער גאָר קיין ווערט ניט געהאַט. דאָ, האָבן די דערציילונגען פאַרשטייפט די מוסקולן באַ די דערציילער און געמאַכט פאַרזיכערן, אז — מיר וועלן מיט אונזערע אַרבעטס־כחות בויען דאָס נייע סאָ־ציאַליסטישע לעבן פאַר די אידישע האָרעפּאַשנע מאַסן אין בירא־בידזשאַן.

---

ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט. אונזער „אָרגאַניזאַ־טאָר" האָט ווי א פערד, וואָס דערפילט די שטאַל, פאַרגיכערט דעם גאַנג. לויט דער נאָרמאַלער צייט, וואָלטן מיר אָנגעקומען פאַרנאַכט, נאָר אזוי ווי אונזער שיפל איז דעם טאָג געווען קאַפּריזנע, ווי א קראַנק

קינד, האָט עס צוגעפירט צום ברעג זייגער צען באַנאַכט, לויט דאָרפישער צייט — אין טיפער נאַכט.

א נאַכט האָט זיך אַראָפּגעזעצט א טיף בלויע, א אויסגעשטערנטע. די לופט אויף דער טונגנוזקע איז גע־ווען א שמעקעווריקע, א מחיה'דיקע, דאָס שיפל האָט זיך צוגעאיילט, געשניטן דעם שמאָלן איינגאנג, וואָס האָט זיך מאָרנע ווילד געשלענגלט ווי א פאַרפּלאָנטער־טער זיג־זאַג. אונזער גרופּע איז געשטאַנען גרייט צום אויסשטייגן, ס'איז געווען שטיל, קיינער האָט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. אונזערע זעקס פּיאָנערן זיי־נען געשטאַנען אין א באַזונדער גרופּקעלע און שטיל געשעפּטשעט. די פּנים'ער זיינען בא זיי געווען מאָרנע בלאַס...

דער חבר אמראַן האָט אָנגעזאָגט — שוין נאָר נאָענט, חברים — האָט אויפגעפּלאַצט בא יעדן איינעם דאָס שווייגן און אַכט און פּרעציק מיילער האָבן אזינג ארויס געטאָן — „שטייט אויף איר אַלע וועד ווי שקלאַפן, אין הונגער לעבן מוז, אין נויט“...

א ציטער איז אַדורך דורך יעדער לייב, די טענער פון אינטערנאַציאָנאַל האָבן אין דער טיפער נאַכט־בלויקייט אויף דער טונגנוזקע געקלונגען מיט שטאָלענער פעסטקייט.

דאָס שיפל האָט זיך דערנענטערט צום „פּאָרט“... ניינציק פּראָצענט פון אונזער גרופּע האָט מינימום צוויי מאָל דורכגעשניטן דעם אַטלאַנטיק. גרויסע מעכטיקע שיפן האָבן אונז געפירט איבער ים'ען, געאַנקערט בא די פּאָרטן פון שערבורג, באָלאָן, ווינגא, ריא־דעזשאַ־נייראַ, מאָנטעווידעאָ, בוענאָס־איירעס און בא פיל אַנ־דערע פּאָרטן פון פאַרשיידענע לענדער אויף פאַרשיי־דענע שיפן, נאָר בא קיינעם פון אונז איז קיינמאָל ניט געווען דער געפיל, ווי אָט איצט באַם „פּאָרט“, באַם ברעג פון טייך בא דער אוקראַינישער קאָמונע. בא קיינעם האָט קיינמאָל אזוי ניט געפּיבערט די בלוטן ווי איצט, און קיינער איז קיינמאָל בא קיין שום פּאָרט ניט געווען אזוי דערהויבן ווי איצט בא — — — — — —

אַלס ענטפער אויף אונזער געזאַנג, האָט זיך דאָס גאַנצע דאָרף, אַלט און יונג, מאַן און ווייב און קינד, וואָס איז באַם ברעג געשטאַנען צעזונגען. געזונגען אוקראַיניש פעסט און פריי. מיר זיינען געשטאַנען א לאַנגע צייט באַם ברעג אויפן שיפל און אויסגעהערט אמת'ע רייד; באַגריסונגען פון ראַיפּאַרטקאָם, פון ראַיאיספּאָלקאָם פון פּאָרטקאָמערל פון קאָמונע, פון קאָמסאָמאָל און אין דעם, א יונג קול'כעלע פון א פּיאָ־נער, וואָס האָט באַגריסט די אויסלענדישע אַרבעטער, וואָס קומען העלפן בויען דעם סאָציאַליזם אין פאַר־באַנד פון די סאָוועטן.

דער סוף פון אונזער טריאומף־רייזע איז געווען איבער אַלע דערוואַרטונגען. אַלע אַרבעטער פון סאָ־וועטן־פאַרבאַנד מיט וועלכע מיר האָבן זיך אויף אונזער רייזע באַגעגנט האָבן אונז אויפגענומען ענטוזיאַסטיש. נאָר דער פּיאָנערל האָט איבערגעשטיגן. באַטראַכטנדיק דעם בירא־בידזשאַנער באָדן, קוקנדיק אויף די פשוט'ע מענטשן, אויף די ווייבער און קינדער, וואָס זיינען מיט פרייע אָפענע, ליכטיקע פּנים'ער געשטאַנען מיט גאַנצע בונטן בוימער־בליעכץ (אַנשטאָט בלומען...) אין די הענט, האָבן מיר דערפילט א וואָרעמקייט, מיר האָבן דערפילט דעם טעם פון זיין א פרייער מענטש אין א באַפרייט לאַנד, וואו עס בויעט זיך א סאָציאַליסטיש לעבן.

## א ר ב ע ט.

— היי יאַטן, צעפירט די הענט, גענוג גערוט! דעם געשריי האָט געטאָן חבר לעווין, אַליין א סטאָליאַר, נאָר אז מען דאַרף, גייט ער אַרבעטן שווארצע אַרבעט. זיין געשריי איז געווען אינגאַנצן א איבעריקער, ס'האָט זיך שוין קיינעם ניט געוואָלט מער רוען, פאַרקערט, די הענט וואָס האָבן לאַנגע חדשים זיך אָנגעבאָטן אויפן אַרגענטינער מאַרק, האָבן זיך איצט געבעטן אַרבעט. בא יעדן איינעם האָבן שוין די הענט צוביסלעכווייז אָנ־געהויבן ווייך ווערן, בא א סך זיינען די מאָזאָלעס אַראָפּגעקראָכן און הענטלעך זיינען געוואָרן גלאַטיק, שיר ניט מיט א גבירישן אויסזען — וואָס קיינער האָט עס ניט געוואָלט.

איצט הויבט זיך אָן א לעבן פון פראַצע, פון זי־סער מי.

א ליכטיקער פרימאָרגן האָט אויפגעשיינט אויף בירא־בידזשאַנער ערד. מיר האָבן אָפּגעגעסן דעם ערשטן אָנבייסן אין „סטאָלאָווע“. יאַטן האָבן זיך געוואונדערט — אז אזוי זאָל עס אויסזען, וואָלט עס דאָך געווען גאָרניט שלעכט.

— מסתמא, איז צוליב די געסט.

— מיר דוכט, אז דאָס האָט מען אונז, ווי געסט נעגעבן צו לעקן האָניק — זי האָט עס אַנדערש ניט גע־וואָלט פאַרשטיין, זי האָט זיך אַליין ניט פאַרגינען דאָס ברויט מיט האָניק און מיט שיינע פּאָרציעס איקרא, וואָס מען האָט צום טיש דערלאַנגט. זי, די פּאַר־קרימטע לאה, וואָס האַלט אין איין האָבן טענות צום מאַן, פאַרוואָס ער „פאַרפירט“ איר אין בירא־בידזשאַן, זי האָט איצט נאָכן ערשטן אָנבייסן געלעקט די פינגער פון האָניק און געקלאָגט — מען האָט אונז נעגעבן האָניק צו לעקן...

צו דער אַרבעט זיינען אַלע ארויס באַלד דעם ערשטן טאָג. אַלע האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון די פּאָר טעג אפילו, וואָס מען גיט געוויינלעך די איבערוואַנ־דערער, וואָס קומען אויף אָן אָרט נאָך לאַנגע רייזעס — וואָס פאַר א רוען, שוין גענוג גערוט — איינער האָט געזאָגט און אַלע האָבן איינגעשטימט.

מען האָט פּאַנאַנדערגעשיקט אַרבעטן. ס'האָט

נעוואַרט דער טאַרטאַק אויף הענט, ס'האָט נעוואָרט דאָס פעלד און דער גאָרטן, און עס האָט געוואָרט די „סאָפּקע", דאָס אָרט וואו מען הויבט אָן בויען דעם סאָציאַליסטישן מוסטער־ישוב „איקאר".

און הענט אויסגערוטע, צוגעגרייטע האָבן זיך אָנגעשטייפט. — היי יאַטן, צעפּירט די הענט, גענוג גערוט!...

---

פון קאמונע „טיכאָקעאַנסקי־אָקטיאַבער" צו דער סאָפּקע איז ניט מער ווי אַנדערטהאַלבן קילאָמעטער, נאָר קיין וועג איז ניטאָ. עס גייט א זומפּיק פעלד, וואַרפן מיר אַראָפּ די שיך, מען שאַרט אַרויף די הויזן און מען גייט. דער וועג איז שלעכט, זומפּן, מען דרייט אויס די פיס, נאָר די חברים, די אַלטע קאָמונאַרן טרייסטן אונז, אַז ניט לאַנג וועט עס דויערן און דאָ וועט זיין א גוטער וועג — עפּעס האָבן מיר דאָך שוין הענט, אַמעריקאַנער הענט—אויף אונז הייסט־עס „אַמעריקאַנער"—וואַרט די דאָזיקע וויכטיקע אַרבעט, די אַרבעט פון מאַכן דעם ערשטן וועג צום סאָצ.־שטעטל איקאָר.

אויף דער סאָפּקע, אויף דעם בערגיק־וואַלדיקן פּלאַץ וואו עס דאַרף אויסוואַקסן א שטאָט, איז שטיל. אויסער דאָס זשומען פון פאַרשיידנערליי אינזעקטן איז שטיל ווי פאַר מעשה בראשית... קיין שום וועגל, קיין שום דורכגאַנג איז ניטאָ, קיין סימן פון מענטשלעכע טריט מערקט זיך ניט (ווען ס'זאָל זיין ווינטער, וואָלט מען אַוודאי געפונען די שפּורן פון בערן...), איצט אין זומערדיקן פרימאָרגן איז שטיל אָן שום שפּורן.

די חברים טעכניקער שטעלן אָן די אַפּאַראַטן, נאָר בוימער און קוסטעס האַקן מיר אויס אויף דורכצוציען א ליניע פאַר דער צענטראַלער גאַס. שניידן מיר אַזוי גאַס נאָך גאַס, צייכענען מיר פּלעצער פאַר הייזער און פאַר שטאַלן, האַקן מיר אַריין קלעצלעך ווייסינקע מיט די ערשטע אויפשריפטן „דאַס (הויז) נומער 1". דאָס הייסט עס וועט זיין די ערשטע שטוב. איצט וואַקסן דאָ בוימער, קוסטעס און פאַרשיידענע ווילדע געוויקסן, וואָס פאַר'שיכור'ן מיט זייער ריח.

און, ווען אין פינף טעג אַרום גייען מיר צוריק נאָך דער גאַנצער אָפּגעטאָגענער אַרבעט. איז אונז מאָרגנע גוט, מיר גייען שוין דורך סטעזשקעס, מיר זעען פאַר זיך די אָדערן, וואָס דאַרפן זיך אָנפילן מיט בלוט, און ניט נאָר מיר זיינען מאָרגנע צופרידן, אַז עס ווילט זיך זינגען, נאָר אונזערע חברים טעכניקער, זיינען באַגייסטערט, דער חבר קוזנעצאָוו, זאָגט צו אונז — אָט רעביאַטאַ, איצט איז נאָך גאָרניט, נאָר שפּורן פון „עפּעס" מערקט זיך שוין, אין א יאָר אַרום, וועט שוין זיין א סך אָפּגעטאָן, אין צוויי יאָר אַרום, וועט איר האַלטן באַם סוף און אין דריי יאָר אַרום, וועלן מיר קומען און אייך — די ערשטע אויפזוכן און מיר וועלן אויסטרינקען פאַרן געזונט פונם ערשטן סאָציאַליסטישן מוסטער שטעטל אין בירא־בידזשאַן!

מיט קירקעס און מיט לאָמען, מיט לאָפּאַטעס און מיט העק, זיינען אַלע אַרויס. פאָראויס רייסט אויף די ערד דער חבר טראַקטאָר. ער רייסט מיט קראַפט. נאַסע שטיקער פעטע ערד געמישט מיט גראָז, פאַלן אין דער זייט. וואַסערן שטעלן זיך אָפּ אין די אויפגעריסענע ערטער, וואַסערן, וואָס וועלן דאָ אויך קיין רו ניט האָבן. פון הינטן שפּאַנען נאָך באָרוועסע יאַטן מיט פיס און הענט בלויזע און אָנגעגרייטע. מען רייסט די שטיקער ערד פון אונטערן טראַקטאָר. שווערע נאַסע ערד ווערט געריסן און אָפּגעטראָגן פון וועג וואו עס אַקערט אויך דער ליבער חבר טראַקטאָר.

מיר מאַכן אַוועג! א וועג, צום סאָציאַליסטישן שטעטל, אויף דעם אָ איצטיקן אָנהויב. איצט אונטער דער ברענענדיקער זון, וואו אַרגענטינער יאַטן, גרויסשטאָטישע פאַבריק־אַרבעטער מיט ווייסע הענט רייסן די נעדערים פון זומפּ. אָט אויף דעם־אָ אָרט, מוז אין דער נאָענטסטער צייט, זיין א וועג, וואו טראַקטאָר און פערד וועלן שלעפּן בוי־מאַטעריאַל פאַר דער ערשטער שטוב פאַר מענטשן און פאַר דער ערשטער שטאַל פאַר בהמות און פאַר חזירים. פונם ערשטן מוסטער ישוב איקאָר.

איז געריסן שטאַרקער! געאַרבעט פעסטער, ניט געקוקט וואָס הענט זיינען ביז אַרויף אין בלאָטע. ניט געקוקט, וואָס בלאָטע אויפן פּנים מישט זיך אין שוויים, עס איז זיס דאָס ברויט פון אַרבעט בא סאָציאַליסטישן אויפבוי — — — — — צוויי לאַנגע, לאַנגע קאַנאַוועס האָבן מיר דורכגעשניטן, אויף וואַסער אָפּלויף. די וואַסערן פון וועג האָבן די קאַנאַוועס אָנגעטרונקען, מיט בוימער און צווייגן דעם וועג אויסגעלייגט, און חבר טראַקטאָר זשומט און שלעפּט פיר וועגענער פול געפּאַקט מיט ברעטער און קלעצער — — — — — — —

---

עס וואַקסט, עס וואַקסט א שטוב, עס וואַקסט א שטאַל פאַר בהמות, א שטאַל פאַר חזירים. מען גרייט זיך אויפשטעלן א עלעקטרע־סטאַנציע, סע אַרבעטן אָרגאַניזירטע בריגאַדעס, פון אַלע זייטן פון סאָפּקע, הערט מען קלעפּ, הערט מען זשומען פון טראַקטאָרן, הערט מען קולות פון מענטשן, דורכגעפאָרענע וועגן ציען זיך פון אַלע זייטן, קומט א פרעמדער מיינט ער אַז שוין לאַנגע יאָרן אַזוי ווי דער קאָפּ פון דער סאָפּקע איז אַזוי צושניטן און צושוירן, און מיר אַליין, די אָנהויבער, מיינען אויך טיילמאָל אַז עס איז שוין גאָר לאַנג ווי מען האָט דעם ערשטן טריט דאָ געשטעלט. עס לאָזט זיך קוים גלויבן אַז „ערשט נעכטן" איז עס געוועזן, דאָס איז איצט באַם אָנהויב, און ווען מיר זאָגן זיך וואָס פון דעם אָנהויב וועט אויסוואַקסן, זיינען מיר שטאָלץ, וואָס אויף אונז איז אויסגעפאַלן דער גורל צו אַרבעטן באַם אויפבוי פון סאָציאַליסטישן בירא־בידזשאַן און באַם שענסטן ווינקעלע פון ווייטן מזרח; באַם סאָצ.־מוסטער־ישוב־איקאָר.

ה. בלאָשטיין

# דערציילט זיי

געלייענט אויפן אָפּשייד־אָוונט פאַר דער ערשטער גרופּע איבערוואַנדערער פון לעטלאַנד קיין בירא־בידזשאַן.

כ׳האָב היינט און קיינמאָל ניט געטרונקען קיין שאמפּאַן
נאָר ס׳הערט ניט אויף מיין האַרץ מיט שטיקער פרייד צו האָגלען.
פון ביגאָסאָווע־פּונקט און ביז בירא־בידזשאַן —
אַ גרוס די העלדישע, אַקטיאַברישע שלאָגלער!

דערציילט זיי, אַז דער „פּיאַטילעטקעס” רויטער קלין
צעשפּאַרט דאָס האַרץ פון האַקנקרייצלערשער אייראָפּע,
און ס׳שטינקט די וואונד און אייטערט געל, און רינט,
און קיינער וועט דעם דורכרייס נישט פאַרשטאָפּן!

דערציילט זיי, אַז די אַרבעטלאָזע רו
מאַכט בלייך פון אונזער האַנט מאָזאָליקער — די בראָנזע...
נאָר ס׳קומט די שעה און ס׳מאַכט די האַנט זיך צו,
און אונזער פויסט וועט האַרט זיין און ניט בלאָנדזשען!

דערציילט זיי, אַז ווען ס׳ווערט אונז שווער, גאָר שווער,
אין הונגעריקער שטוב, אין תּפיסות שווארצע פּיינען —
צעצינדן מיר אין האַרץ די פייערן פון פ.ס.ס.ר.
און קלעטערן באַנאַנד מיט אייך אויף רישטאָוואניעס...

און ליכטיק ווערט אין האַרץ, און וואַרעם ווערט אין האַלז
און ס׳לייגט זיך לאַכנדיק די זון אויף פּיין און טרויער.
גיט אָפּ אַ גרוס, דערציילט זיי דאָרט פון אַלץ,
די העלדישע, אַקטיאַברישע בויער!

און נאָכדעם, גליקלעכע, די אַרבל הויך פאַרשאַרצט —
און לאָזט אַראָפּ אין ליים די אָרעמס ביז די אַרבל,
און וואַרפט מיט פרייד די טעג, ווי שטיקער אַרץ,
אין גרויסן פייער־אויוון פון דער אַרבעט! ·
און בויט דעם סאָציאַליסטישן בירא־בידזשאַן,
און זייט געגריסט איר, מאַרגנדיקע שלאָגלער!
אַפּנים, אַז מען דאַרף ניט טרינקען קיין שאַמפּאַן,
עס זאָל אין האַרץ מיט פרייד מיט הייסער האָגלען...

אהרן קורץ

# דער „דריטער אינטערנאַציאָנאַל"

(איינאקטיקע שפיל)

פ ע ר ז א נ ע ן:

מיסטער מאזע („פיינער" איד)

לעווינסאָן (העברייאישער לערער)

ארבעטלאָזער

היים פרעסער (דער „דריטער אינטערנאַציאָנאַל")

דער „קליינער ראקענפעלער" (קליין און פעט)

דער „שטאַרקער" (דאַר און זשוואַוו)

(ראַטגערס־סקווער. הערבסט. א מיטנוואָכיקער פאַרוואָלקנ־טער פרימאָרגן. אויף בענק ליגן צעגויפגעדרייטע אַרבעט־לאָזע. אויף אַ דערבייאיקער באַנק ליגט איינער אויפן בויך, די הענט און פיס הענגען אַראָפּ פון ביידע זייטן באַנק, אַלע ווײַלע כאַפּט זיך איינער אויף און ריקט זיך אַוועק, קראַצנדיק. עס באַווייזן זיך אַנדערע דורכגייער. אַנטקעגן דער דערבייאיקער באַנק זיצט מיסטער מאַזע, אַ איד אין די זיבעציקער, זעט אויס געזונט, נאָר נים יום־טוב'דיק אָנגעטאָן. ער זיצט אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן, און שאָקלט־צו מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט עפּעס באַדויערט, קוקנדיק אויפן שלאָפנדיקן אַנטקעגן אים עס קומט אָן לעווינסאָן, וועלכער לאָזט זיך גלייך דורכן סקווער. מאַזע באַמערקט אים.)

מ א ז ע (רופט): לעווינסאָן! לעווינסאָן!

ל ע ו ו י נ ס אָ ן (קערט זיך אום): העלאָ, העלאָ, מיסטער מאזע! (קומט צו נעענטער) וואָס מאכט אייער זון? (זעצט זיך).

מ א ז ע: מיין זון? וואָס פרעגט איר ניט וואָס איך מאַך?

ל ע ו ו י נ ס אָ ן: אייך? ע, מילא, אייערע געשעפטן ווייס איך דאָך שוין.

מ א ז ע: א, געשעפטן מיינט איר? געשעפ־טען? נו, מ'מעג שוין בייטן דעם קורס: אמאָל ט'מען זיך כסדר נאָכגעפרעגט ביי א באַנעגעניש: „ס'עפּעס דאָ ביזנעס?", „אַרבעטסטו?"—אויף איין פוס, אין איילעניש א פרעג געטאָן, געענטפערט און געלאָפן ווייטער. היינט, מיסטער לעווינסאָן, מעג מען זיך שוין אין אמעריקע פאַרגינען פרעגן אין דער אמת'ן, וואָס מאַכסטו?" — און ניט „אחוצ'ן געזונט"!

ל ע ו ו י נ ס אָ ן: גערעכט זייט איר טאקע, מר. מאַזע, אָבער אַזאַ איד ווי איר דאַרף אויך פאַרלירן דעם גלויבן אין אמעריקע? איר'ט שוין אייער שטעטל באשטיין.

מ א ז ע: וואָס שייך א י ך? מיין משפחה איז קיין עין הרע אליין זיך א קליין שטעטל...

ל ע ו ו י נ ס אָ ן: און דאָס קליינע שטעטל...

מ א ז ע: דאָס קליינע שטעטל ווערט חרוב, גייט אונטער, ווי דאָס קליינע מענטשעלע. ניטאָ קיין אָרט פאַר זיי: די גרויסע שטאָט דערשטיקט דאָס שטעטל און דער גרויסער ביזנעסמאן דערווערגט און שטופּט ארויס אזוינע ווי מיר.

ל ע ו ו י נ ס אָ ן: מע טאָר ניט זיין אזוי פּע־סימיסטיש, מיסטער מאַזע.

מ א ז ע: פריערדיקע יאָרן, איידער איך בין גע־זעסן ביי מיינע זין אף אַלעם פארטינן, איז דאָס גע־ווען אויף מיין אייגענעם חשבון, דרייסיג יאָר לעבן אויף דעם אַוועקגעלייגט. געפעדלט, געדרייט, שפּעטער געפּירט. איצט, אַז איך לעב אויף אַלעם גרייטן — איז עס פרעמדס. נו, ווי לאַנג קען מען לעבן אויף פרעמדס?

(עס קומט אָן אויף די רייד — דער אַרבעטלאָזער)

א ר ב ע ט ל אָ ז ע ר: סע ווענדט זיך ווער, מיסטער מאַזע!

מ א ז ע: רעדסט אזוי, סעם, ווי דו וואָלסט מיך געקענט פאר אַן עקספּלואַטאַטאָר: צוואַנציג יאָר האָסטו פאר מיר געאַרבעט, זאָג, אדרבא...

א ר ב ע ט ל אָ ז ע ר: אָט קוקט טאַקע אָן זיך און קוקט אָן מיך!

מ א ז ע: (לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ. שווייגט).

ל ע ו ו י נ ס אָ ן (צו סעמ'ען): ווי ווייט, דענקט איר, קען מען פאַרפאָרן מיט אַזאַ באַציאונג צו אַן אַר־בעט געבער? (עס קומט אָן חיים פרעסער. לעווינסאָן באַ־מערקט אים) אָ, אָט קומט דער דריטער אינטערנאַציאָ־נאַל!

ח י י ם: פונקט אין צייט, אַ? (צו סעמ'ען) וואָסי, סע פעלט דיר אָטעם צו ענטפערן, אַ? וועסט קיין אַרבעט ביי די זינדלעך שוין אַלץ איינס ניט קריגן!

ס ע ם: ענטפער דו שוין. האָסט אַ קול אַ בע־סערן.

ח י י ם: אודאי וועל איך. זאָלן אַזוינע מלמדים ניט קריכן דעם הונגעריקן אין גרגרת אריין: מיר קע־נען פאַרפאָרן ביז אין די דין־דינטשינקע ביינדעלעך אריין, ביז צוויי הונדערט אכט און פערציקסטן ריפּעלע אריין.

ל ע ו ו י נ ס אָ ן: גלאַט איזדיעקעוען זיך אי־בער אַ מענטשן איז קיין חכמה ניט. מיסטער מאַזע פאָרדינט זיך געוויס ניט אַזאַ באַהאַנדלונג.

ח י י ם: אַ, דעם אַלטן מאַזע'ן ד א ר ף מען שוין ניט שלאָגן!

מ א ז ע: מיינע זין פאַרדינען זיך דאָס אויך ניט!

ס ע ם: אייערע זין, מיסטער מאַזע...

ח י י ם (צו סעמ'ען): לאָז אַ ווײַלע! (צו מאַזע'ן) אייערע זין ווערן אָרעמעלײַט, ווייסט איר? כאָטש איר גייט נאָך אָנגעטאָן בעסער פון אונז. אונזער הויט האָבן זיי פון אונז אַראָפּגעברענט, געריסן, גערויבט און געקליבן און — פאַרגעמבלט! — צו אַנדערע, צו גרע־סערע רויבער דאָס אוועקגעגעבן.

ס ע ם: זאָרג זיך פאַר זיי. איך האָב ניט גע־האַט מיט וואָס אַ טאָג איבערצוקומען, אַז מ'האָט מיך אָפּגעלייגט. און זיי האָבן נאָך אַלץ.

ח י י ם: ניט זייערס! און די גרויסע העכט לאָזן זיך ניט אַרומעסן פון די קלייניקע, זיי זיינען ניט קיין אַרבעטער, פאַרשטייסטו מיך, זיי טוען אַ דערקוועטש און — שוין! אַראָפּ פון מאַרק!

ל ע ו ו י נ ס אָ ן: אָט דאָ ווייזט איר אַרויס אייער קאָמוניזם, ווען עס קומט צו דערשטיקן די שוואַ־כערע.

ס ע ם: וואָס פאַרא שוואַכערע זיינען זיי?

ח י י ם (צו לעווינסאָנען): ווען מען ווילט איר דאָ איינריידן, אַז איר ווייסט ניט, אַז דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל קעמפט געגן דעם שטאַרקסטן כח אין דער וועלט? געגן דער גרעסטער מאַכט? מיר קעמפן מיט די בערן. מיט די בערלעך אויך — אַזוי לאַנג ווי זיי האַלטן זיך לעבן די בערן. אָבער אין דער אמת'ן וועט דער מיטל־קלאַס מוזן קומען צו אונז און זיך פּראָלעטאַריזירן, אויב ער וועט ניט וועלן דעקלאַ־סירט ווערן. צווישן זיי איז אונזער לעבן צעבראָכן גע־וואָרן און אַז מיר שטייען אין קאַמף און זעען ווי זיי פאַלן אַרויס פון זייער ראָלע, פרייט עס אונז אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל מיר זעען זיך נעענטער צום ציל פון דריטן אינטערנאַציאָנאַל. (עס קומט אַן דער קליינער ראַקעפעלער מיט אַ וועגעלע פאַרשיידענע אַרטיקלען) אָ, אָט איז דער קליינער ראַקעפעלער! נו, פרעגט אים! (צו ראַקעפעלער'ן) וויפיל סטאַרקעס, וויפיל שעפלעך האָסטו געהאַט אין אַמעריקע?

ק ל י י נ ע ר ר א ק ע פ.: שייווינג בראַשעס, קעמעלעך, סטאַקינג־גאַרדס, עווריטינג, עווריטינג! (שמייכלט. קראַצט דעם קאָפּ). לאָז אָפּ, טשעפּע ניט! סע קריכט פון האַלז! (צו אַלעמען) דאַרפט עפּעס? ווילט עפּעס? (צו חיים'ען) אָט, זיי אַ גוטער ברודער, ביס־טאָך עפּעס אַ גאַנצער מאַכער דאָ! זע מ'זאָל מיך אַרי־בערשיקן קיין בירא־בידזשאַן!

ח י י ם (לאַכט אויפן קול. סעם לאַכט מיט. דער אַל־טער מאַזע הויבט־אויף די אויגן, און לעווינסאָן ווערט נייגעריג).

ח י י ם: דער סוף איז גוט! זעט איר שוין? דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל, אַ? יע, דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל!

ס ע ם: נאָך אַלע גליקן אין אַמעריקע!

ר א ק ע פ ע ל ע ר: שוין אויס מיט די גליקן!

ל ע ו ו י נ ס אָ ן: ווי לאַנג זייט איר שוין אין אַמעריקע?

ח י י ם: האָ, האָ, מען קען אים שוין ניט צו־ריקשיקן.

ר א ק ע פ ע ל ע ר: הלואי וואָלטן זיי!

ל ע ו ו י נ ס אָ ן: וואוהין וואָלט איר געפאָרן?

ר א ק ע פ ע ל ע ר: כ'וואָלט פאָרן צו מיין ברודער.

ס ע ם: איר האָט אַ ברודער אין סאָוועטן־פאַר־באַנד?

ר א ק ע פ ע ל ע ר: אין בירא־בידזשאַן. די גאַנצע משפחה.

ח י י ם (צו סעמ'ען): נו, האָסט שוין צו וועמען צו ברייננען אַ גרוס.

א ל ע: (קוקן נייגעריג אויף סעמ'ען).

ר א ק ע פ ע ל ע ר: וואָס, ער פאָרט?

ל ע ו ו י נ ס אָ ן: דאָרט דאַרף מען דען שניי־דער?

ח י י ם: מ'וועט שוין באַלד דאַרפן. ער איז שוין גאָר איצט אַ טראַקטאָריסט.

ר א ק ע פ ע ל ע ר: זאָגט מיר נאָר, ווי אַזוי קען מען דאָס אַלץ דורכפירן?

ל ע ו ו י נ ס אָ ן: אָ, דער „דריטער אינטערנאַ־ציאָנאַל" וועט דאָס אייך אַלץ באַזאָרגן!

ח י י ם (צו לעווינסאָנ'ען): באַהאַלט אייערע חכמות — איר האָט ניט צופיל פון זיי!

מ א ז ע: וואָס קאָן אַזאַ ווי ער טאָן דאָרט?

ח י י ם: אַזוינע ווי מיסטער מאַזע זיינען דאָרט אויך דאָ. און זיי טוען.

מ א ז ע: טוען?

ח י י ם: דאָרטן טוען אַלע!

מ א ז ע: וואָס קאָן אַזאַ איד ווי איך דאָרט טאָן?

ח י י ם: ווילט נאָר, וועט איר קאָנען. וואָס האָט דער סאָוועטן־פאַרבאַנד געטאָן מיט אַלע אידן, אַזוינע ווי איר? געוועזן גענוג דעקלאַסירטע, האָט מען זיי באַזעצט אויף ערד אין קרים, אוקראַינע און בירא־בידזשאַן.

ר א ק ע פ ע ל ע ר: מיין ברודער שרייבט, אַז ס'וועט שוין באַלד דאָרט ווערן אַ אידישע רעפּובליק.

ל ע ו ו י נ ס אָ ן: אייער אַן אייגענער ברודער?

ח י י ם: ניין, דער סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט אים אונטערגעוואָרפן!

א ל ע: (לאַכן).

ח י י ם: וואָס פאַר אַ געלעכטער? איר שפּילט זיך מיטן דריטן אינטערנאַציאָנאַל — וואָס ער קאָן אָפּטאָן? פרעגט נאָר לעווינסאָנ'ען! (געלעכטער).

ס ע ם (צו ראַקעפעלער'ן): ווען האָט איר געקראָגן

אייער לעצטן בריוו פונם ברודער?

ראַקעפעלער: ערשט פאַראַכטאָגן.

לעווינסאָן: וואָס שרייבט ער אייך?

ראַקעפעלער: אַז אויב איך קען נאָך מיין ארבעט, ביי מיין טרייד, זאָל איך אריין אין איקאַר און זען צו קומען.

מאַזע: וואָס טוט דאָרט אייער ברודער? גראָבט די ערד, פאַשעט שעפסן?

ראַקעפעלער: ניין, ער ארבעט. שרייבט ער, אויף אַ מעבל־פאַבריק.

לעווינסאָן: פוירניטשור!

ראַקעפעלער (די ערשטע צוויי ווערטער זאָגט מאַזע ארויס צוגלייך מיט אים): און פאַרדינט זעקס רובל אַ טאָג. און דאָס ווייב פאַרדינט, און אַ זון, און אַ טאָכטער.

מאַזע: וואָס טוט דער זון?

ראַקעפעלער: ער שטודירט אויף אינזשינער.

מאַזע: נו?

סעם: דאָרט באַצאָלט מען פאַר שטודירן!

חיים: ס'אַ שפּיצל אַזאַ פונם דריטן אינטערנאַציאָנאַל!

סעם: (לאַכט האַרציג).

לעווינסאָן: נו, און קלענערע קינדער זיינען פאַראַן?

ראַקעפעלער: פיר, צי פינף.

מאַזע: און זיי?

ראַקעפעלער: די גרעסערע צוויי זיינען אין אַ פּאָליטעכנישער שול און די קלענערע לערנען אין אַ אידישער שול.

מאַזע: און זיי שרייבן, אַז ס'איז זיי גוט?

ראַקעפעלער: אַז ניט, וואָס וואָלטן זיי מיר געהייסן קומען?

חיים: עי, קליינער ראַקעפעלער, זייט איר זיכער, אַז איר האָט אַ ברודער אין בירא־בידזשאַן?

אַלע: (לאַכן).

חיים: זעט נאָר צי זיינען די בריוו צו אייך ניט פאַבריצירט פון דריטן אינטערנאַציאָנאַל. (סעם לאַכט הילכיג. אַלע מיט).

ראַקעפעלער (צו סעמ'ען): זאָגט זשע מיר, איר פאָרט טאַקע?

סעם: דעם קומענדיגן מיטוואָך זעץ איך זיך אויף דער שיף.

ראַקעפעלער: טאַקע קיין בירא בידזשאַן?

חיים: קיין בירא בידזשאַן. קיין בירא בידזשאַן!

ראַקעפעלער: איז אַזוי איז עס טאַקע? מען דאַרף גיין צום איקאַר און — וואָס?

סעם: וואָס איז אייער טרייד?

ראַקעפעלער: איצט, זעט איר דאָך. און וואָס בין איך שוין ניט געווען אין אמעריקע. אַ סטאָר־קיפּער, אַ לאַנדרימאַן, אַ מאַנופעקטשורער...

חיים: און איצט האָט איר אַ טרעוולינג דעפּאַרטמענט סטאָר. (געלעכטער).

סעם: אָבער ביי וואָס האָט איר געארבעט, ווען איר זייט געקומען קיין אמעריקע?

ראַקעפעלער: פון דערהיים בין איך אַ סטאָליער.

חיים: גוט. (פּאַטשט אים איבערן פּלייצע) איר פאָרט!

ראַקעפעלער: אָבער כ'האָב שוין אַ 22 יאָר ניט געהאַלטן קיין האַק אין דער האַנט!

חיים: איז נעמט זיך צו דער האַק!

סעם: אויב פאָרן, איז פאַרוואָרפן דעם מאַגאַזין אויף רעדלעך, און מע שטעלט זיך ארבעטן.

מאַזע (חוזקט): ארבעטן!

ראַקעפעלער: וואו ארבעטן? מ'קריגט דען?

חיים: זאָל זיין אומזיסט! איר דאַרפט דאָך נאָר די האַנט איינארבעטן. הוצאות האָט איר?

ראַקעפעלער: כ'וועל ווי ס'איז צענויפשקראַבן: כ'וועל אוועקגעבן אַלץ וואָס איך פאַרמאָג, אַבי פון דער גאָלדענער מדינה זיך צו ראַטעווען. די בעסטע יאָרן דאָ אוועקגעלייגט. ניט געזען ווי די קינדער וואַקסן און ניט געפילט ווי דער הויקער קריכט אויף די פּלייצעס. מ'האָט דען געקענט זיך אומקוקן? אַז מ'האָט נאָר געדאַרפט האַלטן אין איין נאָכיאָגן די „מיליאָנען".

מאַזע: זיינען טאַקע פאַראַן דאָרט שעפער, פאַבריקן...

חיים: אַהאַ! (מיט אַ וואונק אויף לעווינסאָנען) דאָס איז ניט זיין פּאַלעסטינע, להבדיל! מיר האָבן ניט קיין מאַנופעקטשורערס, קיין עקספּלואַטאַטאָרס.

לעווינסאָן: הער נאָר: „מיר" — ער — דער „דריטער אינטערנאַציאָנאַל"!

חיים: יע, מיר! איך! איך בין דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל! אין סאָוועטן־פאַרבאַנד זיינען אַזוינע ווי איך די באַלעבאַטים פון לאַנד! ס'געפעלט אייך ניט, אַ? געפעלט ניט! איר'ט זיך צוגעוואוינען!

סעם: איר האָט שוין גענוג געבאַלעבאַטעוועט!

חיים: באַלעבאַטים — אַזוינע ווי ער? — באַדינער, ביי די טירן, ביי די רויב־שיסלען פון גרעסערע און קלענערע קליקעס. (צו לעווינסאָנען) וואָס זייט איר איצט? וואו האַלט איר מיט אייער ציון? אויס ציון! די מאַסן לאָזן זיך שוין מער ניט ציען ביי די אָדערן און גראָשנס פון די קעשענעס! איר שלעפּט זיך נאָך נאָך די גאַרגלשניידער וואָס פירן די וועלט און פּריידיגט פאַשיזם.

לעווינסאָן: מיר האָבן אויפגעבויט אַ גייסטיגן, אידישן צענטער.

סעם: און אַז יאָ, פאַר וועמען? היינט איז שוין ניטאָ יענער איד, וואָס האָט באַדאַרפט אַזאַ צענטער ווי מיט פופציג יאָר צוריק!

חיים: אַ ליגן! אַ אידישן בית עולם האָט איר דאָרט אויפגעבויט, מיט יונגע, פאַרפירטע קרבנות! וועמען ווילט איר איינריידן, אַז די אידישע מאַסן דאַרפן דעם גייסט פון די „אָבות“ פון אַ פאַרשימלטער וואַנט, וואָס פאַר יעדן שטיין אין איר האָט איר מיט צענדליגער קעפּ פון די מאַסן פאַרלייגט? און ווער וועט אייך געבען דאָס לאַנד? אָט די, וואָס מאַכן חרוב דאָס לעבן פון די אידישע מאַסן אין פוילן, רומעניע, ליטע, לאַטוויע און וואו ניט?! זיצט שוין און שווייגט בעסער. קוקט זיך צו צו דער וועלט, און זעט וואָס עס געשעט, זאָל כאָטש אייער פאַרברעכן באַשטיין בלויז אין דעם, וואָס איר לייגט ניט צו קיין האַנט צו דער אַרבעט פון דער באַפרייאונג פון די מאַסן, אַנשטאַט צ ווּשטיין און העפן דירעקט די רוצחים פון דער וועלט!

לעווינסאָן: אידן האָבן אויך געמעגט האָבן אַן אייגענעם שטאַט.

סעם: און זיי וועלן עס האָבן. די סאָוועטן־מלוכה גיט עס זיי.

חיים: איר ווילט דאָך קיינעם ניט איינשמועסן, אַז די היינטיגע אידישע מאַסן וועלן אָננעמען פון אייך אַ שטאַט אונטער אַ פאַשיסטישער פאָן! איר ווייסט, אַז ניט, נאָר — ס'איז ביי אייך דער ציוניזם אַ רעקעט, אָט וואָס!

מאַזע: הערט אייך אויף קריגן. מיר דאַכט, אַז ס'איז דאָ גאָר אַ גרויסער אמת אין זייערע רייד. איך לייען ניט די קאָמוניסטישע צייטונגען, אָבער, פאָרט, אָט זיינען פּאָגראָמען נאָך דאָ אין אַ סך לענדער, נאָר ניט דאָרט. דאָרט איז עס, ווי ביי דעם פּאָגראָמטשטשיק וואָלטן די הענט אָפּגענומען. עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט גאָר לחלוטין נעלם געוואָרן.

ראַקעפעלער: וואָס רעדט איר! געדיינקט איר ניט אַליין וואָס מ'פלעגט זיך אויסשטיין פון די רשעים? און איצט, אַפילו אין דעם פיינעם דייטשלאַנד שלאָגט מען אידן.

חיים: פאָלגט מיך, הערט אויף אָפּנאַרן די מאַסן, אַניט וועט איר חרטה האָבן. די מאַסן וועלן אייך באַצאָלן!

ראַקעפעלער: יאָ, איר זייט גערעכט. איך ווייס דאָך פון די בריוו. זיי ריידן אויך אַזוי ווי ער (ווייזט אָן אויף חיימ'ען) „מיר, שרייבן זיי, בויען דאָס לאַנד, און אינאיינעם מיטן גאַנצן לאַנד, שרייבן זיי, בויען מיר אויך די אידישע רעפּובליק אין ביראָבידזשאַן“.

סעם: מיט אַ פינף יאָר צוריק האָט איר אָבער אַזוי ניט גערעדט, אמת?

חיים: מ'איז נאָך געזעסן אויפן פערד, געמיינט אַז אַמעריקע איז זיינס. ווי דען? — גרויסקאַפּיטאַל וועט טיילן און טיילן.

סעם: אַי, אַמעריקע! ס'האָט דער'הרג'עט מענטשן. פאַר'סמ'ט, פאַרטעמפּט, פאַרפירט, גענאַרט און נאַרט נאָך אַלץ.

(דער שטאַרקער לויפט־אָן. אין האַנט האַלט ער אַ גרויסע, סאַראַטעגע סומקע).

שטאַרקער: אַ, ס'אַראַ טומל מע מאַכט עס! וואָסי, נאָך אַלץ ניט איינגעטיילט זיך מיט דער וועלט? העלאָ, העלאָ, זע נאָר, אַלע פאַרטייען זיינען דאָ.

מאַזע: אדרבא, צעטיילט.

חיים: טיילט, טיילט. אין זשענעווע זיצן גרעסערע בוטשאַרעס און קענען די חלקים ניט אויסטיילן.

שטאַרקער: וואָס טויג זייער טיילן, אַז מיר גייען אַרום אָן זוילן?

ראַקעפעלער: אָ, אַז דו רעדסט און סע גראַמט זיך, איז אַפילו אַז סע גראַמען זיך ניט אַזוי דיינע רייד, גראַמט זיך עס אַלץ! (געלעכטער).

שטאַרקער: נו, איז שוין צעטיילט? דער ציילט, דערציילט.

סעם: פאַרשפּעטיגט.

חיים: ניטאָ, ניט פאַרבליבן קיין איינציגע לאַנד.

מאַזע: נו, גייט מען אין מלחמה, און מע נעמט זיך וועלכן לאַנד מע וויל.

שטאַרקער: סע ווענדט זיך ווער מיינע שותפים וועלן זיין.

לעווינסאָן: נעמט אייך דעם „דריטן אינטערנאַציאָנאַל!“

שטאַרקער: אַזאַ יאָר אויף מיר! לאָמיך זיך עס נאָר פאַרדינען. דרך ארץ! ניטאָ היינט אויף דער וועלט קיין שענערער שותף. אידן מעגן עס ווּיסן. איך בין אַ קליינבירגער, אַ הו־האַ מענטש, און איך ווייס אַקוראַט וואוהין די וועלט גייט, און כ'ווייס וואוהין זי דאַרף גיין. און אַהין גייט זי טאַקע! און עס וועט זיין אַזוי: די אַרבעטער און פויערים אַלץ, און די כלבים אַ מכה! און איך וועל קיין כלב ניט זיין! (געלעכטער).

חיים: אָבער אַ לאַנד פאַר זיך ווילט זיך דיר!

שטאַרקער: ווי צעטיילט מען דאָס אַלץ און מען לאָזט מיך ביי גאָרנישט? זאָל זיין כאָטש אַ לענדעלע, אַ פּראָווינץ, מיט פּאָגראָמען, טויט־שטראָף און אַ פּרינץ!

סעם: סיידן —

חיים: — סיידן — פּאַלעסטינע!

שטאַרקער (וואַרפט אַן אויג אויף לעווינסאָנען. צו חיימ'ען): אַי, ביסטו אַ דיפּלאָמאַט!

ח י י ם: וואָס איז? דאָרט איז אַלץ פאַראַן.

ס ע ם: פּאַגראָמען, טויט־שטראָף און אַ פּרינץ.

ח י י ם: ניט איינער!

ש ט אַ ר ק ע ר: יאָ, אַ רויך זיי אין די ביינער! אָבער וואו איז די מדינה? (גלעכטער).

ס ע ם: אָט, איך פאָר אַוועק איבעראַכטאָג, וועל איך אונטערזוכן.

ש ט אַ ר ק ע ר: אַ, דו פאָרסט, דו פאָרסט טאַקע! נעם מיך מיט, גוטער ברודער, נעם מיך מיט. אַ, ווען איך זאָל קענען זיך ארויסרייסן! אָט, ביי הערשלען אין רעסטאָראַן זיינען געזעסן אַ חברה ביי אַ טיש און ס'האָט געלייענט בריוו פון סאָוועטן־פאַר־באַנד, פון בירא בידזשאַן און ס'האָט זיך געטאָן — ליהודים! מסתמא רוק איך זיך אונטער און שטעל־אָן אַן אויער. האָב איך דערהערט — מע לייענט נאָר עפעס וואָס גראַמט זיך. וועל איך עס דורכלאָזן? קורץ גערעדט, כ'בין אריין אין רעדל, געלייענט די בריוו, אַי, אַי, אַי, ווענן מאָסקווער געזעערד און ווענן אַמעריקאַנער איקאָר, ווענן קריסטעלעכע אויף די פאַב־ריקן, וואָס פירן אָן מיט דער ארבעט צו באַזעצן אידן אין בירא בידזשאַן און אויפבויען אַ אידישע רעפובליק. יאָ, און איינער אַ בחור, פון אַ שטעטעלע ביי ווי־טעבסק, וואָס איז שוין דאָרט צוויי יאָר, שיקט דאָ צו זיין פעטער די נייע לידלעך, וואָס זיי זינגען דאָרט. בין איך ניט געווען פויל, און האָב זיי דאָרטן אויפן אָרט באַלד אראָפּגעכאַפּט אין נאָטיץ־ביכל אריין. הערן?

א ל ע (מע הערט): נו, נו!

ש ט אַ ר ק ע ר: אָבער מיט קאָפּ. כ'האָב מיר שוין צוגעפּאַסט מוזיק און הערט ווי עס גייט. (ער צענעמט אַ נאָטיץ־ביכל און הויבט אָן זינגען):

רופט אהער די יאַטן,
די יאַטיכעס אהער.
זינגט אַ ליד דעם טראַקטער, —
ד אָ ס א י ז א ו נ ז ע ר ג ע ו ו ע ר.

איצט קומט דער כאָר. זינגט אַלע, זינגט.

(חיים הויבט זיין קול. נאָך אים סעם און ראַקעפעלער. מאַ־זעס פנים ווערט ליכטיגער. לעווינסאָנ'ס פנים איז אַזוי ראָז, איראָניש, נאַריש, באַלעבאַטיש צופרידן און שוויגנ־דיג ווי פריער).

לאַנד און לעבן,
לעבן און לאַנד
האָט אונז געגעבן
סאָוועטן־פאַרבאַנד.

ס'האָט אונזער רעגירונג
פאַרזאָרגט אַלע פאַסן
און אויסגעגלייכט געהירן,
ווי נייאינקע אַפּצאַסן.

ש ט אַ ר ק ע ר: (קוקט זיך אום אויף אַלעמען און רופט): כאָר:

לאַנד און לעבן...

אויס מיט אַלטע פּלויטן,
יאַנקל און יערעם.
עס וואַקסן פריי די קרויטן,
עי, די צאָם צענעם.

לאַנד און לעבן...

אויס מיט שמאָלע בייטן,
מיט הינקענדיגע פערד, —
מיט טראַקטערס אַ פאַרזייטע
זעקסטל פון דער ערד.

לאַנד און לעבן...

פון אַ קו אַן אינזשינער
געוואָרן איז אַ סטאַדע,
פון אַ הון אַ קליינטשיקער —
אַ הינערישע פּלעיאַדע.

לאַנד און לעבן...

פּופּצינ טויזנט שלעפער
טאָג־טעגלעך קומען גרייט.
פון אַמור ביז דניעפּער
אויף קאָלעקטיוון ברויט.

לאַנד און לעבן...

אידן און קאַזאַקן
פון קרים און פון אוראַל,
לעצטע צאָם צעהאַקן
און לעבן קאָמונאַל.

לאַנד און לעבן...

אינאיינעם זייט מען קאָרן,
אינאיינעם שניידט מען גראָז.
אויס מיט הונגער־יאָרן, —
מיר זיינען אַ קאָלכאָז!

לאַנד און לעבן...

ש ט אַ ר ק ע ר: נו, איר הערט, איר הערט עפעס? דאָס זיינען רייד וואָס שמעקן מיט ברויט. און הערט נאָר אַ טאָן, אַ מין פרייהייט, ווי סע זינגט זיך. דאָס איז אַ ליד ווענן אַ נייעם קאָלכאָז. איצט הערט. אָט איז דאָ נאָך איינס. דאָ וועט איר אַלע באַלד קענען זינגען דעם צווינג, ווייל ס'איז געמאַכט אויפן שטייגער פון „בערל מיטן פידל“. אהא, דאָס קענט איר אַלע!

ח י י ם: נו, פאָר, פאָר אריין אין צווייטן.

ש ט אַ ר ק ע ר (זינגט):

געהאַט אַמאָל אַ הינדל, אַ קעלבל,
אַ צעבראָכענעם וואַרשטאַטל, אַ געוועלבל,
אויך מיר אַ וואַרשטאַטל, אַ געוועלבל,

אַ דאָרע, אַ פּאַרמאָרעטע די קעלבל,
אוי, אָן אויסגעצאַנגטע קעלבל.

(שטאַרקער קוקט זיך אַרום, רופט: כ אָ ר! אַ ל ע! ער פירט, חיים, סעם און ראַקפעלער זינגען מיט. מאַזע שמייכלט און קלאַפּט־צו צום טאַקט מיט זיין שטעקן, לעווינסאָן זינגט אויך, נאָר ער זינגט דעם אַמאָליגן אינהאַלט פון פערז:

שמערל מיטן פידל, בערל מיטן באַס.
שפּיל מיר אויף אַ לידל אויפן מיטן גאַס).

כאָר:

בערל מיטן טראַקטאָר,
אינאיינעם מיט זיין קלאַס,
עס וואַקסן קאָלעקטיוון
פון מאַליעוו ביז דאָנבאַס.

(אַלע לאַכן. ס׳געפעלט דער איינפאַל פון נייעם אינהאַלט. שטאַרקער זינגט ווייטער):

איז אַלץ געווען, וואָס ס׳דאַרף אַ איד צום לעבן;
פון ציבעלע ביז ברכות פּונם רבי׳ן!
נאָר, אוי, די קינדער וואָס צו געבן
האָט מען ניט געקראָגן פון דעם רבי׳ן.
האָט מען ניט געקראָגן פון דעם רבי׳ן.

בערל מיטן טראַקטאָר...

איז אָנגעקומען יום טוב אין שטעטל,
איז גרייט געווען סיי האַקמעסער, סיי ברעטל,
נאָר, אוי, — באַטש מאַך זיי אַ קאָטלעטל
פון דעם האַקמעסער און ברעטל,
פון דעם האַקמעסער און ברעטל.

בערל מיטן טראַקטער...

יום טוב אויס, פלעגט אָנקומען די וואָך,
אין הארצן און אין קעשענע אַ לאָך.
אין שול האָט מען געזאָגט די אַ גוט־וואָך,
און דער מאָגן — אָך, אָך, אָך!
און דער מאָגן — אָך, אָך, אָך!

בערל מיטן טראַקטער...

איצטער אָבער, אֵי, אַ לעבן, ברידער.
מע זייט, מע שניידט, מע אַרבעט דאָ מיט לידער,
דאָס לעבן איז שוין מער אונז ניט דערווידער,
און אויס מיט מאַרקיקן האַרמידער,
אויס מיט נעכטיגן האַרמידער!

בערל מיטן טראַקטאָר,
אינאיינעם מיט זיין קלאַס.
עס וואַקסן קאָלעקטיוון
פון מאַליעוו ביז דאָנבאַס.

ש ט אַ ר ק ע ר: געהערט שוין ווען אַזוינע לידער פון אידעלעך?

ח י י ם: אַזוינס קען מער הערן נאָר אין אַ סאָוועטן־לאַנד!

מ אַ ז ע: דאָ איז וואָס מקנא זיין, יאָ, איר האָט לעבן, האָפענונג און...

ש ט אַ ר ק ע ר. און וואָס איר, מיסטער מאַזע — אַ מענטש אַ געזונטער, אָפּגעשפּאָרט געגוג, קענטיג, אַריינצושיסן נאָך אַ צוואַנציג־דרייסיג יאָר.

מ אַ ז ע: אָבער וואָס, אויף וואָס קוקנדיג?

ש ט אַ ר ק ע ר: אַ, די „פּראָספּעריטי“ באַווייגט איר?

מ אַ ז ע: אויס! פּוסט! די יאָרן אַוועק מיט די אויסזיכטן!

ס ע ם: נו, פאָרט מען קיין פּאַלעסטינע און שוין!

מ אַ ז ע: וואָס וועל איך דאָרט טאָן! קיין בעל־תורה בין איך קיינמאָל ניט געווען.

ח י י ם: איר׳ט היטן די „הייליגע“ וואַנט, זיצן אויף מוטער רחל׳ס קבר און שמועסן פּאָליטיק מיט די גייסטער פון די אַמאָליגע, אידישע העלדישע מלחמה־לייט.

ל ע ו ו י נ ס אָ ן: הערט אויף חוזק מאַכן פון מיסטער מאַזע׳ן.

מ אַ ז ע: נישקאָשע, נישקאָשע, לעווינסאָן. איר דאַרפט זיך מיין כבוד ניט אָננעמען. מיר דאַכט, אַז זיי זיינען גערעכט. ווען איך בין אינגער, וואָלט איך מסתמא דעם ענין בעסער געקענט באַנעמען. מיין לעבן איז געווען דער היפוך פון דעם. איצט, ווייזט אויס, וועלן זיי זיין די באַלעבאַטים. ס׳איז טאַקע ביטער, אָבער אַזוי איז דאָס! (שטעלט זיך אויף, גרייט צו גיין) נו, אַ גוטן.

ס ע ם: פאָרט קיין בירא בידזשאַן, מר. מאַזע.

מ אַ ז ע (גלייכט זיך אויס, מיטן פּנים צו סעמ׳ען): דאַכט זיך, אַז די ראָלן בייטן זיך. מיר איז שוין שווער צו מאַכן אַ נייעם אָנהויב, אין אַ נייער סביבה. אַ גוטן.

ח י י ם: מ׳וועט מוזן, ווען ס׳וועט דאָ קומען דערצו!

ל ע ו ו י נ ס אָ ן: אַ, מאַכסט שוין דאָ אויך בירא בידזשאַן? ביים דריטן אינטערנאַציאָנאַל גייט עס איינס, צוויי...

ש ט אַ ר ק ע ר: וואָס זשע, איר האָט אויך בשותפות מיט אַמעריקע?

ח י י ם: אַהאָ, — דעם פּאַשיזם! די לינטשערייי! די גנבה־גזילה, האָקוס־פּאָקוס קולטור און זייאָניזם! האַ־האָ!

ש ט אַ ר ק ע ר: וואָס טויג אים זיין קולטור, מיטן זייאָניזם, סע גייט דאָך אונטער!

ס ע ם: דערווייל שלעפּט ער נאָך אַרויס פון דעם, זעסט: אויף אַ זילבערנעם שטעקן, אויף אַ סטעטסאָן הוט, אויף אַ דריי חדשים אין די קעטסקילס און

אויף אַ דירה וואָס שלינגט איין זעקס אונזערע.

ר א ק ע פ ע ל ע ר: וואָס איז דאָ צו ריידן. ס'איז ניט גוט. אים איז אויך ניט גוט. ער איז אויך אַ פּאַרקויפטער.

ח י י ם: (לאַכט).

ס ע ם: דער סוף איז גוט. רערפאַר טענה'ן מיר דאָך, זיין סוף וועט ניט זיין קיין בעסערער ווי מאַ־זע'ס, פון מאַזע'ס זינדלער, ווייל ער איז אַפּהענגיק אָן זיי. ער איז דען באַלעבאָס איבער זיין לעבן?

ש ט א ר ק ע ר: גיי, זעץ עס אים אריין אין זיין קופּערנעם קאָפּ אריין.

ח י י ם: די צייט וועט עס שוין מאַכן. אָט, אָט, און ער וועט פליען, און נאָך אַזוינע ווי ער. און קלענערע און גרעסערע. זעט איר דען ניט ווי מען רייסט זיך? פאַרן רייסט מען זיך! לויפן, יאָ, לויפן, ס'ווערט זיי דאָ ענג. סע פּליט זיך היינט ניט אַזוי לייכט פון שוך־שנירלעך ביז צו מיליאָנטשיקלעך. און פונם אַרבעטער'ס הויט רייסט זיך היינט אויך ניט אַזוי לייכט. רייסן, רייסן זיי, אָבער עס גייט זיי ארויס מיט דער נאָל. אָט קוקט זיך אָן: דער קליינער ראַקעפעלער, — זיין נעזונט דער'הרג'עט, זיין ווייב, זיינע קינדער — איצט שלעפּט ער זיך אַרום איבער די גאַסן — אָן דעם מינדסטן אָנהאַלט. קיין ביראָ־בידזשאַן וויל ער אַנטלויפן. און דו, שטאַרקער! שוין, מענסט שוין בייטן דיין צונאָמען: אויס שטאַרקער! ביי יעדן קאַמף אונזערן האָסטו געהאַלדערט: „אַמעריקע איז שטאַרקער!" נו, אָט! איז וואָס, אז ש ט א ר ק ע ר! שטאַרקער פון אַמעריקע, פון אייראָפּע, פון דער גאַנצער וועלט איז מאַרקס, איז לענין. נו (צו לע־ווינסאָנען) ווילסט נאָך ניט לויפן ערגעץ? ווערסט שוין וועלן!

ל ע ו ו י נ ס א ן: דער דריטער אינטערנאַציאָ־נאַל רעדט!

ח י י ם: יע, דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל! איך געהער צום דריטן אינטערנאַציאָנאַל. די גאַנצע וועלט געהערט דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל! ווער האָט באַפרייט די 160 מיליאָן אַרבעטער און פּויערים? ווער האָט געלייזט די נאַציאָנאַלע פראַגע? ווער האָט די אידן באַפרייט פון פּאָגראָמען, פון שרעק, פון דלות און אַלע כאָלעריעס? ווער בויט אַ אידישע רעפּוב־ליק? קיינער ניט, אַ חוץ דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד? קיינער ניט, אַ חוץ דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל. אזא ווי איר, לעווינסאָן, האָט געמעגט עפּעס פאַרשטיין און עפּעס אָפּערן פאַר די אידישע מאַסן, ניט פּאַשען זיך אויף אַ דזשאָב ביי די יאַהודים, צי מזרחי'סטן. פאַר־וואָס זייט איר ניט ערלעך גענוג צו זאָגן דעם אמת. גייט, ווערט מיטגלידער אין איקאָר, העלפט מיט וואָרט, מיט מאַשינעס, העלפט מיט אַרבעט, וואָס מוז דאָ געטאָן ווערן צו מאַכן די אַרבעט פון די פּיאָנערן גיכער.

ש ט א ר ק ע ר: זאָג, זאָג, חיים. די בעסקעלעך זיינען אים שוין ווארעם.

ר א ק ע פ ע ל ע ר: און איך, אין דער אמת'ן, בין חולה געווען דאָס צו באַנעמען מיט אַ צוואַנציג יאָר צוריק? (אַלע לאַכן).

ס ע ם: פאַרטומלט האָט מען אייך, פאַרטויבט, מיט ליגן, מיט חניפה און מיט שטענדיגן קלינגען פון שווערע זילבערנע דאָלאַרן.

ח י י ם: פאַרפאַלן, חברה: דאָס שטעטל שטאַרבט. דער מיטלקלאַס ווערט אַרויסגעשטופּט פון זיין ראָלע. מע וועט מוזן זיך נעמען ווערן מענטשן! מע וועט מוזן אריין אין פּראָדוקטיוון קלאַס אריין, אַ ניט וועט איר פאַרשמיסן ווערן קיין באַנדריקעווע. אריבער די גרעניצן פונם נייעם לעבן.

ל ע ו ו י נ ס א ן (שטעלט זיך אויף. גייט): נו, מיר'ן נאָך שמועסן.

ש ט א ר ק ע ר: ניטאָ וואָס צו שמועסן אַזוי לאַנג. איר ווייסט דאָך, אז ער איז גערעכט. קומט בעסער מיט אונז. וואוהין גייען מיר?

ס ע ם: איר ווילט צוגיין מיט מיר אין איקאָר זען וועגן מיין פאָרן?

ש ט א ר ק ע ר: אודאי.

ס ע ם: גייען מיר.

ש ט א ר ק ע ר (צו לעווינסאָנען): נו?

ל ע ו ו י נ ס א ן (גייט אָפּ אין אַנדער זייט): מירן זען.

(חיים און סעם גייען. נאָך זיי — שטאַרקער. ראַקעפעלער בלייבט אויסן).

ח י י ם (טוט אַ קער דעם קאָפּ צו ראַקעפעלער'ן): עי, ראַקעפעלער, קום, ווער אַ מיטגליד אין איקאָר. ווערסטו וויסן, אז דו טוסט עפּעס אויך אויפצובויען די אידישע סאָציאַליסטישע רעפּובליק אין ביראָ־בידזשאַן.

ר א ק ע פ ע ל ע ר: יע, יע, איך גיי, איך גיי מיט אייך.

(אַלע גייען אָפּ. שטאַרקער זינגט, די איבריגע כאַפּן אונטער:)

בערל מיטן טראַקטאָר,
איינאיינעם מיט זיין קלאַס.
עס וואַקסן קאָלעקטיוון
פון מאַליעוו ביז דאַנבאַס!

(סוף)

בצלאל פרידמאַן

# ערד

ארץ זבת חלב ודבש

ניט געאָטעמט מיט ריחות פון פעלד און צעאַקערטער ערד.
נאָר בייזע מלמדים מיט ברודיק פאַרשמאַלצענע, קאַלטענע בערד
האָבן פאַרזשאַווערט די שאַרפקייט און חכמה פון קינדערשע קעפּ,
האָבן געשענדט די פרישקייט פון קינדערשע אברים מיט קלעפּ:

אַ וואָרט — און אַ שניט מיטן רימען אין צאַפּלדיקן לייב;
אַ וואָרט — און אַ זעץ אינם פּנים, אַז מילך־ציינער קלייב. —
זיינען די קינדער פון שוסטער און שניידער געוואַקסן אין שטויב און אין זאַמד
און אַף געלעגערס גע'חלומ'ט חלומות פון „זבת חלב ודבש" לאַנד — — —

טאַטעס געניייט האָבן קליידער און היטלען, און שטיוול, און שיך,
און מאַמעס — פאַר צייט זיך געעלטערט באַם מאַגערן טעפּל אין קיך.
און רבי געלויזט האָט די ראַציקע קאַלטענע באָרד
און שטיקער פון לייב אויסגעריסן פאַר איטלאכן וואָרט:

ארץ — אַ וואונד. זבת — אַ וואונד. חלב ודבש זיינען וואונדן.
און קינדער, ווי עופות אין שטייגן, אין חדר געבונדן.
גומען פאַרטריקנט, און אויגן, ווי קליינינקע פייגל מיט דימענטן־אויגן. —
און דרויסן, ווי פיש צו דער ווענטקע, האָט קינדער געצויגן — — —

---

„אונטער די גרינינקע ביימעלאַך"

„אונטער די גרינינקע ביימעלאַך" — סאַרא זיסער ביאַליקשער ניגון.
ווי דען: אַף שטויביקע געסלעך, אין חושכע הייזער מיט קערבלעך פאַר וויגן? —
עך, אַמאָל, אַמאָל האָבן שטרוי פון די דעכער געגעסן די ציגן — — —
נו, בענקט זיך... כאָטש ס'פירן אין פּאַלאַץ פון ביאַליקן טעראַסן מיט שטיגן...

עך, ס'האָט געדונען און ס'רינט נאָך ביז איצטער דאָס מילך און דער האָניק,
נאָר נישט פאַר די קינדער פון קירזשנער, פון שניידער און שוסטער.
איי, וועט אַ ביטערער טעם זיך צעלייגן אין פרעסערשע מיילער און בייכער:
מיר לערנען זיך איבערצואַנדערשן אַלץ אַף סאָוועטישן מוסטער — — —

---

עס וואַקסן

זיינען אינגלעך געוואַקסן, און מיידלעך געוואַקסן געזונטער און רייפער,
און ס'דרייען שוין הענט די מאַשינען, דעם האַמער — די הענט האַלטן שטייפער.
און דינסט־מיידלעך זינגען „דער געזאַלצענער ים פון די מענטשלעכע טרערן",
און אַלע פאַרטייען פון ציון מיט „לאַנד פונם מילך און האָניק" אונז ווילן באַשערן —

נאָר יונגוואַרג טרעט זיכער אַף שטויביקע שטעטלשע גאַסן
און לערנט אין וועלדער און קעלער, ווי שונא צו האַסן.
און שבת נאָכמיטיק, ווען ס'שלאָפן די טאַטעס און מאַמעס נאָך טשאָלנט,
זינגען פאַרבאָטענע לידער באַהאַלטענע טאָלן.

אין פעלדער ווערן נאָענט, אין וועלדער ווערן אייגן —
די גאַנצע וועלט ווערט אייגענע — פאַר אַלע ברידערס וועגן:
דאָס טייכל דאָ דערביי, די שפּרינגנדיקע פראָש, —
ארויסגעוואָרפן רבינס: ארץ זבת חלב ודבש — — —

און אף מאָרגן לוסטיקע צעלויפן זיך מאַשינען:
אף ליפן — שבועה אינ'ם וואלד — אַ וועלט איז צו געווינען!
זיינען אינגלעך געוואַקסן, און מיידלעך געוואַקסן געזונטער און רייפער,
און ס'דרייען שוין פיס די מאַשינען, און — האמער די הענט האלטן שטייפער — — —

---

### ע ר ד

ריהות פון אָפענער ערד,
רחבות פון זאפטיקע גראָז —
יאָרן פון קינדערשן־וואַקסן
אף דער ערד, און רשית פון באַלעבאָס — — —

יאָרן פון קינדערשן וואַקסן,
צו טראָגן דאָס קערבל פון מאַרק, —
און ס'רופט הינטער שטעטל דער הימל,
און ס'ציט צו דעם גראָזיקן באַרג — — —

און ס'רופן ציונים צו פאָרן
אף „אייגענער ערד" — פאַלעסטינע.
ווי קאָן מען? אַז ערד דאָ אַזויפיל,
און וועלדער אַזויפיל דאָ גרינען —

„ערד איז ניט אונזערע", טענה'ן
דער „אידעס" און משכיל פון שטעטל. —

נאָר יונגוואַרג פון שער און פון נאָדל
אף ערד אַזוי לעבעדיק טרעטן — — —

איז וועמענס זשע ערד דאָ די ריזיקע —
פּויערס, וואָס האָט נאָר ברויט מיט וואסער?!
פאָרן ניט יונגען קיין ציון,
נאָר לערנען געשיכטע פון קלאַסן — — —

ס'איז ערד פאַר'ן פּויער קיין פרייד ניט,
ווי ס'איז ניט פאַר יונגען — וואָרשטאַטן.
ערד האָט דער פריץ גע'גזל'ט,
ווי די פאַבריק — באַלעבאַטים.

בלייבט מען אין שטעטלאַך און שטעט,
בא וואָרשטאַטן גרויע:
ס'איז דאָ אַ וועג אַזאַ ליכטיקער
פאַר דעם ארבעטער און פּויער — — —

---

### ר ו י ט ה י י מ ל אַ נ ד

ס'קומען אָן פון רויטן היימלאנד הייסע גרוסן,
ס'טראָגט פון יעדן וואָרט זיך אַזאַ פרייד:
אף פעלדער זינגט מען רויט־ארמייאישע לידער,
און אַ פערד אַ שטאַלענער — אַ טראַקטאָר — גייט — — —

ס'האָט דער לופט־מענטש אויסגעטאָן די ווייכע שטעק־שיך
און אָנגעטאָן אף ערד די הויכע שטיוול —
ס'פּלאַצט דאָס האַרץ פון פרייד, צו לייענען
פון אַ אידישן פויער אַ בריוול — — —

ווילט זיך שרייען איבער ווייטע מיילן,
זאָל אייך גרייכן ווי אַ ראַדיאָ מיין פרייד־געשריי!
כ'זע פון דאַן דעם טראַקטאָר אף די פעלדער,
כ'פיל פון דאַן דעם ריח פון פרישן היי — — —

עס שיידט אונז, דאַכט זיך, גאָרנישט ניט פאַנאַנדער —
וואָס זיינען דען די מייליקע מרחקים? —
הער איך: רעדער פון דעם טראַקטאָר סקריפּען,
הער איך: העק אין בירא־בידזשאַנער וועלדער האַקן — — —

דאָס גאַנצע לאַנד געלעגן איז אַף אייך אַמאָל ווי אַ באַרג,
ווי ערד אַמאָל געלעגן איז אַף פויערס רוקן...
און היינט: וואו ס׳גיבן נאָר אַ קער זיך אייער אויג און פוס,
אַף רחבות אייגענער איר ווערט ניט זאַט צו קוקן — — —

און היינט: וואו ס׳גיבן נאָר אַ קער זיך אייער אויג און פוס,
דאַרף מען בויען, דאַרף מען אָפּגעבן דעם לאַנד מיט פרייד דעם גאַנצן כח:
ס׳איז קליין, ס׳איז קליין צו פילן און באַנעמען אייער פרייד
דאָס גאַנצע האַרץ, דער גאַנצער מוח — — —

---

אַ גרוס

באַ אייך אַף די ראָגן איז פרייד און אַן אויפבוי,
באַ אונז אַף די ראָגן איז בלוט — — —
ס׳טרעטן אַלץ דרייסטער אַרויס דאָ די מחנות,
ס׳קלייבט זיך, ווי שטורעם, — דער מוט — — —

באַ אונז האָט דער פויער באַלד אַלץ שוין פאַר׳משכונ׳ט,
אין פויערשע היימען זיצט נויט —
דערציילן מיר פויער פון ערד דער באַפרייטער,
הערט פויער אונז אוים און געטרויט — — —

מיר האָבן דאָ אַרבעט ביז איבער די כחות:
ס׳האָט שונא דאָ דורות גע׳סמ׳ט — — —
וואָרט אונזער ערלעכס, וואָרט קאָמוניסטישס
ליגנס פון יאָרן דאָ ראַמט — — —

באַ אונז אין די גאַסן צעלייגט זיך אַ הונגער
און עסט אויף דאָס יונגע געזונט —
נאָר די, וואָס דערהערן דעם לענינשן אָנזאָג,
גרייטן זיך צו שוין צום בונט — — —

פון ברעגן אַטלאַנטיק ביז ברעגן פּאַסיפיק
זאַמלט אָן כחות דער שטורעם —
עך, ווען דאָס לעבן זיך קרעפטיק אַ גאָס טאָן
אין אַ סאָוועטישן פורעם — — —

## פערטע אפטיילונג.

# אידישע בירגערלעכע און קליין-בירגער-לעכע ארגאניזאציעס אין אמעריקע

### פאליטישע, פילאנטראפישע, בילדונגס און רעליגיעזע אינסטיטוציעס.

אבוקה. — א ציוניסטישע סטודענטן־ארגאניזא־ציע, ארגאניזירט אין 1925 מיט דעם ציל צו פאר־שפרייטן די ציוניסטישע אידייען צווישן די אידישע סטודענטן. פארמאגן 34 גרופן מיט 1200 מיטגלידער. באאמטע: ס. מ. בלומענפעלד, שיקאגא. פרעזידענט. רזשארדזש מ. היימאן, עקזעקוטיוו־סעקרעטאר

---

אידישער וויסנשאפטלעכער אינסטיטוט. — (אמעריקאנער אפטייל). א כלל־ישראל גרופן־ארגאניזא־ציע פאר פארשונגען אויפן געביט פון אידישער גע־שיכטע, עטנאגראפיע, פילאלאגיע, ליטעראטור און פאלקלאר, באנוצנדיק זיך מיט דער אלטער „אקסיאמע“, אז וויסנשאפט האט ניט קיין גרעניצן פון קלאס, האבן טאקע די אינסטיטוט ־ „וויסנשאפטלער“ צוזאמענגע־נומען די „חכמי ישראל“ ארום דעם אינסטיטוט, מענ־טשען פון די פארשידנסטע לאגערן און גענומען אויפ־ריען דאס ביסל שמות, וואס האט זיך אנגעקליבן ביי אידן אין די לעצטע עטלעכע הונדערט יאר. צווישן די בירגערלעכע עלעמענטן וואס שטיצן דעם אינסטיטוט געפינען זיך אמעריקאנישע יאהודים און ענלעכע עלע־מענטן אין אייראפא. אדרעס פון אמעריקאנעם אפ־טייל: 1133 בראדוויי, רום 406, ניו יארק. דר. יעקב שאצקי, סעקרעטאר.

---

אידישער לערער סעמינאר. — א קליינבירגער־לעכע, נאציאנאליסטישע, כלומרשט־וועלטלעכע הויך־שולע פאר אידישע לערער, ארגאניזירט אין 1917 פון עטלעכע פועלי ציון.

לעצטנס געפינט זיך דער סעמינאר אונטער דער אפוטרופסות פון ארבעטער־רינג און „עסט ברויט פון זיין טיש“. מיט דעם איז ער אויך געווארן אן אפענער שותף צו דער קאנטער ־ רעוואלוציאנערער כנופיה פון „פארווערטס“, וועלכע דער סעמינאר האט פריער כלומרש'ט באקעמפט.

די הויפט ־ טוער פון סעמינאר זיינען איצט: פ. גיננאלד, י. ענטין און דר. י. קויפמאן. אפיס: 228 איסט בראדוויי, נ. י.

---

אידישע סאציאליסטישע ארבעטער פארטיי פועלי ציון. — א ציוניסטישע אגענטור צווישן די אידישע ארבעטער, וואס רופט צו גיין האנט אין האנט מיט די ציוניסטן, אלס די איינציקע וואס קענען לייזן די אידישע ארבעטער פראגע, ארגא־ניזירט אין 1905. אין די יארן פון דער וועלט־מלחמה האט אט ־ די „סאציאליסטישע“ פארטיי צוגעשטעלט דעם גרעסטן טייל קאנאנען פלייש פארן אידישן לע־גיאן, וואס איז געפארן העלפן די ענגלישע ארמייען צו דעראבערן פאלעסטינע פארן בריטישן אימפעריאליזם. שפעטער, ווען די אקציעס פון דער באלפור דעקלאראציע האבן גענומען פארלירן זייער ארויפגעשרויפטן ווערט האט זיך די „פארטיי“ און אירע פירער ביסלעכווייז דערנענטערט צום „געגנאסנטום“ און סוף־כל־סוף זיך צונויפגעגאסן מיטן „פארווערטס“־עולם. סוף 1931 האט די „פארטיי“ צוזאמענגענומען אירע רעשטלאך צוזאמען מיט די פון „צעירי ציון“ און האט אנגעגעבן אן אפליקאציע אריינצוטרעטן אין דער סאצ. פארטיי. די פועלי ציון זיינען ביטערע געגנער פון דער סאוועטן־הערשאפט בכלל און פון דער אידישער קאלא־ניזאציע אין דעם סאוועטן־פארבאנד און אין ביראָ־בידזשאן בפרט.

די צאל מיטגלידער פון די פועלי ציון אין די פאראייניקטע שטאטן און קאנאדע ווערט פון זיי אליין אפגעשאצט אין דריי טויזנט. הויפט אפיס: 133 2טע עוועניו, ניו יארק.

---

אידישער סאציאליסטישער פארבאנד. — אן אקטיווע, קאנטער־רעוואלוציאנערע פאראייניקונג פון כל המינים רעאקציאנערע יוניאן ־ באאמטע, „פאר־ווערטס“־אגענטן און שרייבער, ביוראקראטן פון ארבעטער רינג און א צומיש פון א הייפל פארפירטע אידישע ארבעטער, געוועזענע פירער פון פוי־לישן „בונד“, א פאר רענעגאטן פון די קאמוניסטישע רייען, געוועזענע „לינקע“ פועלי ־ ציון. איז אנגע־שלאסן דורך דער סאציאליסטישער פארטיי אן דעם צווייטן אינטערנאציאנאל. געגרינדעט אין סוף 1921, צו ראטעווען די אונטערגייענדיקע שיף פון דער ס. פ. און פארווערטס, נאכדעם ווי די לעצטע רעוואלוציאן. עלעמענטן האבן זי פארלאזן. פאר די אלע צען יאר פון זיין עקזיסטענץ האט דער פארבאנד געפראוועט

האַלטן די צעבראָכענע דאַמבעס פון זיין פראַנט מיט די שמוציקסטע און פאַרברעכערישסטע מיטלען. ער האָט אַנגעפירט מיט די אַלע געמיינע טאַטן, וואָס זיינען אָפּגעטאָן געוואָרן קעגן די אַרבעטער אין אַרבעטער־רינג און אין די קאָמפּאַניע יוניאָנס. ער האָט אָרגאַניזירט די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע טורס פון אַבראַמאָוויטש און קאָמפּ. ווי דער אַרבעטער רינג אַזוי האָט ער זיך אויך באַטייליקט אין דער באַרימטער אַנטי־סאָוועטישער קאָנפערענץ אין פּענסילווייניא האָטעל. ער איז דער פאָרמעלער אָרגאַניזאַטאָר פון סאָציאַל־פאַשיזם אויף דער אידישער גאַס אין אַמעריקע.

זיין פינאַנציעלע שטיצע האָט ער מערסטנס געצויגן פון א. ר. און „פאָרווערטס“, ניט פון די 1500 מיטגלידער וואָס ער האָט, לויט זיינע אייגענע ציפערן איבערן גאַנצן לאַנד (אין ניו יאָרק האָט דער פאַרבאַנד 480 מיטגלידער, אַ פערטל פון די גאַנצע מיטגלידערשאַפט פון דער ס. פּ. מיט אַלע אירע פעדעראַציעס אין ניו יאָרק).

דער אָרגאַן פון פאַרבאַנד, „דער וועקער“, דערשיינט צוויי־וועכנטלעך. גענ. סעקרעטאַר פון פאַרבאַנד איז פאַר די גאַנצע צען יאָר נ. כאַנין. אָפיס: 175 איסט בראָדוויי, ניו־יאָרק.

---

אידישע קולטור־געזעלשאַפט. — אַ קליינבירגערלעכע, נאַציאָנאַליסטישע גרופּע, וואָס באַטראַכט דעם אידישיזם פאַר איינעם פון די וויכטיקסטע פּראָבלעמען אין דעם לעבן פון די אידישע מאַסן. פאַר זיי איז די „אידישע קולטור“ אומצעטיילבאַר — מעגן דאָס זיין אַלטע, אָפּגעלעבטע באַגריפן, מעגן דאָס זיין אויסדרוקן און מאַסן פון ב י ר ג ע ר ל ע כ ע אמת׳ן — אַבי דאָס זיינען נאָר א י ד י ש ע איז שוין וואויל און גוט. אָט די געוועזענע „סאָציאַליסטן“ באַנוגענען זיך מיט „קאָכן זיך אין דער אייגענער יויך“ און טומלען וועלטן, אַז זייער גאַנצע אַרבעט איז אין די אינטערעסן פון די אידישע מאַסן. זיי פּרוּוון זיך אויך קהל׳ן מיט אידישע קינדער־שולן און רופן די אַרבעטער צו שיקן אַהין זייערע קינדער. אָבער די אַרבעטער איילן זיך גאָרניט אַזוי אַרויפצופאַלן יעדן „משיח“ אויפן האַלדז — און מעג דאָס זיין אַפילו אַ „משיח“ מיט אַ דאָקטאָר־דיפּלאָם. הויפּט־באַאַמטע: ה. נאָוואַק, סעק. אָפיס: 425 לאַפּאַיעט סט., נ. י.

---

אַמעריקאַן אַקאַדעמי פאַר דזשואיש ריסוירטש. — אַ בירגערלעכע אינסטיטוציע, וואָס גיט זיך אָפּ מיט פאָרשונגס־אַרבעט אין אידישע אַנגעלעגנהייטן. אַלס אַזעלכע מוזן אירע פאָרשונגען זיין איינזייטיק־בורזשואזע און די רעזולטאַטן פון די פאָרשונגען פאַרפירעריש און ווייסנשאַפטלעך ניט אמת׳ע. זי האָט 285 מיטגלידער, אָרגאַניזירט אין 1920.

הויפּט־אָפיס אין פילאַדעלפיע. פּרעזידענט איז לואי גינצבערג און סעק. איז לעאָ יאָנג.

---

אַמעריקאַן דזשואיש דזשאָינט אַגריקולטור קאָרפּאָריישאָן. — אַ פילאַנטראָפּישע גרויס־בורזשואזע געזעלשאַפט, וואָס האָט דורך די יאָרן 1925—1929 פאַרנומען זיך מיט העלפן די אידישע קאָלאָניזאַציע אין דעם סאָוועטישן פאַרבאַנד. פון 1929 אָן האָט די אַרבעט אויפגעהערט און נאָר טיילווייז פאָרגעזעצט אין געוויסע קאָלאָניזיר־געביטן פון קרים און אוקראַינע. דערפאַר האָט דער „דזשאָינט“ אויסגעליען דער סאָוועטן־רעגירונג אַ גרעסערע סומע פאַר אידישע קאָלאָניזיר־צוועקן, וואָס וועט דאַרפן אומגעקערט ווערן מיט 5 פּראָצ. די אַגראָ־דזשאָינט, ווי די אָרגאַניזאַציע רופט זיך פאַרקירצט, האָט צוגעהאָלפן אין אַ געוויסער מאָס די גראַנדיעזע אַרבעט, וואָס דער סאָוועטן־פאַרבאַנד פירט אָן אויף דעם געביט. אָפיס: 7 האַנאָווער סטריט, ניו יאָרק. (זע נאָטיץ וועגן דזשואיש דיסטריביושן קאָמיטע).

---

אַמעריקאַן דזשואיש היסטאָריקעל סאָסייטי. — אַ אידישע בורזשואזע געזעלשאַפט, וואָס גיט זיך אָפּ מיט קלייבן היסטאָרישע מאַטעריאַלן, דאַטעס און פאַקטן פון דער אידישער פאַרגאַנגענהייט. געוויינלעך טוט זי דאָס אויף איר בירגערלעכן אופן, אַרייפהייבנדיק און צעבלאָזנדיק פאַסירונגען פון גרויסע פּערזענלעכקייטן און אונטערשאַצנדיק די ליידן און רעגונגען פון די ברייטע אידישע מאַסן. אָרגאַניזירט אין 1892, צאָל מיטגלידער 500. אָפיס: בראָדוויי און 122סטע סטריט, ניו־יאָרק א. ס. ראָזענבאַך, פּרעזידענט. אַלבערט מ. פרידענבערג, סעק.

---

אַמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע. — אַ גרויס בורזשואזע אידישע גרופּע, וואָס טרייבט „אידישע“ פּאָליטיק. אָרגאַניזירט אין 1906 אַלס די 50־ער קאָמיטע. אין 1920 רעאָרגאַניזירט זיך אויף „מער דעמאָקראַטישע יסודות“, און האָט איצט גאַנצע 200 מיטגלידער. עס איז אָבער געבליבן די זעלבע פּאָליסי — ש ת ד ל נ ו ת; דער זעלבער ציל — האַלטן די אידישע מאַסן אונטער דעם איינפלוס פון דער בורזשואזיע; די זעלבע ק אָ נ ט ר אָ ל י ר נ ד י ק ע אַדלער־גרופּע — אַדלער־מאַרשאַל־סולצבערגער־שיף הויפן. די „טעטיקייט“ פון דער פינאַנציעל־רייכער אינסטיטוציע שפּרייט זיך אויס ווייט איבער די גרעניצן פון אַמעריקע. זי אָפּערירט מיט איר פּאָליטיק אויך אין אייראָפּאַ. אַלס די זעלבסטגעקרוינטע פאָרשטייערין פון דער אידישער געזעלשאַפטלעכער מיינונג. אָפיס: 171 מעדיסאָן עוו., ניו־יאָרק. סיירוס אַדלער פּרעזידענט; מאָריס ד. וואַלדמאַן, סעק.

אמעריקאן דזשואיש קאנגרעס. — א ציוניס־טישע ארגאניזאציע פאר „אלגעמיין ־ אידישע פאלי־טיק". ארגאניזירט אין 1916 מיט דעם ציל „צו באשי־צען די רעכט און די אינטערעסן פון די אידן אין אלע לענדער". דער אמעריקאן דזשואיש קאנגרעס, ווי די אויבנדערמאנטע אמעריקאן דזשואיש קאמיטע שפילט פאליטיק, און גאנץ אפט מיאוסע, שתדלנישע און מה־יפית'דיקע אויפן חשבון פון די אידישע פאלקס־מאסן. דער „קאנגרעס" האט אפגעהאלטן א רייע קאנגרעסן. דער לעצטער איז פארגעקומען אין וואשינגטאן דעם 19טן אקטאבער, 1930, מיט דער באטייליקונג פון 400 דעלעגאטן. הויפט באאמטע: דר. סטיפען ס. ווייז, ערן פרעזידענט און בערנארד ס. דויטש — פרעזידענט. אפיס: 122 וועסט 42טע סט., ניו יארק.

---

„ארט„—(אמעריקאנער קאמיטעט) א בירגערלעכע פילאנטראפישע אינסטיטוציע געגרינדעט אין פעטער־בורג (איצט לענינגראד) נאך אין 1880 מיטן צוועק צו פארשפרייטן צווישן די דעקלאסירטע אידישע מאסן מלאכה און ערד ארבעט. די לעצטע יארן האבן זיך געגרינדעט קאמיטעטן אין אלע לענדער, וואו עס זיינען דא גרעסערע אידישע באפעלקערונגען. די קאמיטעטן גופא באנוגענען זיך מיט ארגאניזירן די געלט־זאמלונ־גען און די יערלעכע מיטגלידער־אפצאלונגען. דער אמעריקאנער קאמיטעט האט זיך ארגאניזירט אין 1922. די הויפט פארוואלטונג געפינט זיך איצט אין בערלין און זי באשטימט די סובסידיע פאר די פארשידענע פראפעסיאנעלע שולן און פאך־ווארשטאטן אין די פאר־שידענע לענדער. די פארוואלטונג פון „ארט" וויים זייער גוט דעם ווערט פון פובליסיטי. זי טרייבט איבער היפשלעך אירע טעטיקייטן און אויפטואונגען און אפטמאל צעבלאזט זי זיי צו פאנטאסטישע גרייסן. דער עצם מהות פון „ארט" איז צדקה, ווען אפילו דאס איז נאר אן הלואה, אדער א סובסידיע פאר א פאלק־שולע — די „גוט־הארציגקייט" פון די מנדבים און ניט די זעלבסט־טעטיקייט און קעגנזייטיגע הילף פון די פאלקס־מאסן. דער אמעריקאנער קאמיטעט האט זיך ארגאניזירט אין 1922. די הויפט באאמטע זיינען: אדאלף לואיסאן, געוועזענער ריכטער דזש. פענקין, דזשאדזש אטא ראזאלסקי, ב. וואלאדעק און אנדערע. אפיס: 13 יוניאן סקווער, ניו־יארק.

---

באראן הירש פאנד. — א גוט־באקאנטע, פי־לאנטראפישע אינסטיטוציע, געגרינדעט פון באראן דע הירש אין 1891, מיט דעם ציל צו העלפן די אידן אין די לענדער פון פארפאלגונגען צו עמיגרירן און באזעצן זיי אין אמעריקע צו פירן אן אגרי־קולטורעלן לעבן. פאר דעם צוועק האט דער באראן געלאזן דריי מיליאן און אכט הונדערט טויזנט דאלער. (זע די נאטיץ איבער די דזשואיש אגריקולטשוראל סאסייעטי). מיט אזא קאפי־טאל וואלט מען מיט ווייניגער ביוראקראטיש־פילאנ־טראפישע דרכים, געקענט אויפטאן פיל מער פאר די צוועקן. פאר די 40 יאר וואס דער פאנד האט געארבעט, זיינען די רעזולטאטן שרייענדיק קליינע: א ישוב אין וואודביין, נ. דזש. מיט עטלעכע צענדליק קאלא־ניסטן; עטלעכע סקאלערשיפס אין אגראנאמישע שולן; הלוואות, דא און דארטן פאר קאלאניזאציאנס־פרואוון און די באראן הירש פאך ־ שולע. באאמטע: ס. ג. ראזענבאום, פרעזידענט און סימאן פ. ראטשילד, ערן־סעקרעטאר. אפיס: 233 בראדוויי, ניו־יארק.

---

ביורא און דזשואיש סאשל ריסוירטש. — א בירגערלעכע אינסטיטוציע צו פארשן די סאציאלע אב־נארמאליטעטן בא אידן אין אמעריקע און אין אנדערע לענדער און געפינען פאר זיי א לייזונג. אן אומזיסטע אוטאפישע און אפילו שעדלעכע ארבעט, באשאפנדיק די אילוזיע, אז ס'איז מעגלעך ארויסצושניידן די אי־דישע סאציאלע עקאנאמיק פון דעם גאנצן קאפיטא־ליסטישן ארגאניזם. ארגאניזירט אין 1919. אפיס: 71 וועסט 47־טע סטריט, ניו־יארק.

---

דזשאינט דיסטריבושן קאמיטע. — א בירגער־לעכע, צענטראלע ארגאניזאציע צו פארטיילן די רעליף־געלטער, וואס זיינען געזאמלט געווארן פון די אידישע נאציאנאלע רעליף ארגאניזאציעס. דער מעטאד וואס די קאמיטע האט אנגעווענדט אין איר ארבעט איז דער־זעלביקער, וואס באהערשט אלע ביוראקראטיש־פילאנ־טראפישע אינסטיטוציעס פון די רייכע יאהודים. די „צדקה און חסד" איז א מיטל איינצושלעפערן די מאסן, אז מ'קאן זיך שוין פארלאזן אויף דער גוט־הארציקייט פון די מנדבים. פון דער צווייטער זייט ניט דאס א מאנדאט, אט די פילאנטראפן צו קרוינען זיך מיט פארשטייעריי. א באשטימטע מאס פאזיטיווע ארבעט האט דער דזשאינט געטאן דורך דעם אגרא־דזשאינט. זע: „אמעריקאן דזשאינט אגריקולטור קארפ". אפיס: 40 עקסטשיינדזש פליים, ניו יארק.

---

דזשואיש אגריקולטור סאסייעטי, אינק. — א גרויס־בורזשואזע, פילאנטראפישע געזעלשאפט, סוב־סידירט טיילווייז פון דעם באראן־הירש פאנד. געגרינ־דעט אין 1900 יאר. די געזעלשאפט האט צווישן אירע פונקציעס: הלוואות צו אידישע פארמערס, וואס ברייטערן אויס זייערע פארם־טעטיקייטן, אדער געפי־נען זיך אין א שווערער לאגע; הלוואות צו נייע קאלא־ניסטן, וואס די געזעלשאפט העלפט באזעצן אויפן לאנד; באהילפיק זיין אין דעם אויפקויפן פארם מאשי־נעריע, זריעות, בהמות און עופות־אינווענטאר פאר די

אידישע פאַרמערס; געבן עצות צו סטודענטן, וואָס ווילן לערנען אַגריקולטור, געבן סקאָלערשיפּס (סטיפּענדיעס) צו פייאיקע סטודענטן פון אַגריקולטור; אָרגאַניזירן אויסשטעלונגען פון אידישע פאַרם־פּראָדוקטן און באַוויליגן מעדאַלן פאַר אויסצייכענונגען אין דעם געביט; באַוויליקן פּרעמיעס פאַר די בעסטע סאַניטאַר־גוּהאַלטענע פאַרמס, פאַר די בעסט־אָרגאַניזירטע פאַרם־באַלעבאַטישקייטן; אינספּעקציע איבער היגיענישע באַדינגונגען פון די פּי־שטאַלן, עופות־ציכטהייזער, וואַסער קוואַלן א. א. וו.; לעקציעס פאַר די אידישע פאַרמערס איבער פראַגן פון היגיענע; געבן אינפאָרמאַציע וועגן גוטסקייט פון באָדן, לאַנד ווערטן, נייע דערפאַרונגען אין אַגראָנאָמיע און פי־צוכט; רופן קאָנפערענצן פון די אידישע פאַרמערס אין פאַרשידענע דיסטריקטן בנוגע די פראַגן פון דער אידישער פאַרם־אָרגאַניזאַציע און נייע מעטאָדן אין דער אַגריקולטור. די פּראָגראַם פון דער געזעלשאַפט בכלל איז זייער אַ ברייטע. אָבער ווי יעדע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציע, אַזוי טאָפּטשעט זיך אויך די אידישע קאָלאָניזאַציאָנס־געזעלשאַפט כמעט אויף איין אָרט אין איר אַרבעט צו שאַפן אַ געזונטן און צאָלרייכן אידישן פאַרם־קלאַס. פאַר די 5 יאָר פון 1926 ביז 1931 האָט די געזעלשאַפט באַזעצט אויף פאַרמס גאַנצע 421 פאַמיליעס, וואָס 69 פון זיי זיינען זיך צעלאָפן. דאָס מיינט אַ נעט־רעזולטאַט פון 350 פאַמיליעס פאַר פינף יאָר צייט! פאַר די גאַנצע צוויי און דרייסיג יאָר פון איר עקזיסטענץ האָט די אידישע אַגריקולטורעלע געזעלשאַפט אַרויסגעגעבן 10,353 פאַרם־הלוואות אין דער סומע פון $6,554,975. אָבער דאָס איז ניט די שולד פון די טוער פון דער געזעלשאַפט. אַזוי איז יעדע קאַפּיטאַליסטישע צדקה אינסטיטוציע. איר אויפגאַבע איז ניט קיין נייער בנין. איר אויפגאַבע איז אונטערצושפּאַרן ווי עס איז דעם אַלטן.

די הויפּט־באַאמטע פון דער געזעלשאַפט זיינען: לואיס ל. סטראַוס, פּרעזידענט. ראובן אַרקוש, סעקרעטאַר, גבריאל דייווידסאָן, גענעראַל־מענעדזשער. חודש־אָרגאַן: „דער אידישער פאַרמער". ב. ס. סטאָון און ב. מילער, רעדאַקטאָרן. דער אַדרעס פון הויפּט אָפיס פון דער געזעלשאַפט איז: 301 איסט 14־טע סטריט, ניו יאָרק. מיט ברענטש אָפיסעס אין שיקאַגאָ, פילאַדעלפיע און קלעוולאַנד, א. י.

---

דזשואיש אַגריקולטור עקספּערימענט סטיישן. — טיילווייז סובסידירט פון באַראָן דע הירש פאָנד. אַן אינסטיטוציע אָרגאַניזירט פון רייכע יאַהודים אין 1910. אָפיס: 356 — 2־טע עוו., ניו יאָרק.

---

דזשואיש אינסטיטוט אָוו רעלידזשאָן. — אַ גרויס־בורזשואזע אינסטיטוציע פון רעפאָרם־יאַהודים צוצוגרייטן גאָט־גוואַרדייער. אָרגאַניזירט אין 1920. אָפיס: וועסט 68טע סט. און סענטראַל פּאַרק, ניו יאָרק.

---

דזשואיש באָארד אָוו גאַרדיענס. — אַ גרויס־בורזשואזע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציע, וואָס באַשעפטיקט זיך מיט העלפן די אידישע פאַמיליעס פון די וועמענס פאָטערס און מוטערס זיינען פאַרשפּאַרט אין די פריזאָנס פאַר קרימענעלע, אָדער ציווילע פאַרברעכנס; מיט העלפן יונגע פאַרברעכער פוןביידע געשלעכטער צו ווערן צוריק נוצלעך פאַר דער געזעלשאַפט און מיט פאַרשן די בעסטע מעטאָדן צו דערציען סאַבנאָרמאַלע קינדער, וואָס געפינען זיך אין אַן אומגינסטיקער און אוממאָראַלער סביבה.

כדי באמת צו דערגרייכן די ציל, וואָס די אויבנדערמאָנטע געזעלשאַפט האָט זיך געשטעלט איז נויטיק אָפּצושאַפן די באַדינגונגען וואָס מאַכן פאַרברעכער, אָדער אַמווייניקסטנס אַרבעטן פאַר דער אָפּשאַפונג פון די באַדינגונגען. קיין איינע פון די צוויי זאַכן טוט ניט די געזעלשאַפט. פאַרקערט: איר אַרבעט און ווי זי טוט זי, העלפט צו פאַרלענגערן די זעלביקע באַדינגונגען און מאַכן דעם איינדרוק, אַז די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט באַזאָרגט אַלע אומגליקלעכע און ליידנדיקע. די שולן אין האָטהאָרן און אין סידאַר־קנאָלס, וואָס די געזעלשאַפט האַלט אויס, קענען נאָר אַריינגעמען אַ באַגרענעצטע צאָל פון אַרום 500. די איבעריקע אינסטיטוציעס וואָס די געזעלשאַפט האַלט אויס, ווי די לייקוויו האָום (פאַר שוואַנגערע מיידלעך) און די „שעלטער" פאַר היימלאָזע אַנטבונדענע מוטערס זיינען אויך פון אַ קליינעם פאַרנעם, אין פאַרגלייך מיט דער סומע פון $433,330, וואָס די געזעלשאַפט האָט אויסגעגעבן פאַרן יאָר 1930. באַאמטע: דז. ז. מעדאַליע, פּרעזידענט; ע. י. קאַהלער, סעק. אָפיס: 230 איסט 19־טע סט., ניו־יאָרק.

---

דזשואיש וועלפער־באָרד. — אַ מיליטעריש־פּאַטריאָטישע און רעליגיעזע אינסטיטוציע. אָרגאַנירט אין 1917, „צו באַזאָרגן די אידישע סאָלדאַטן און מאַטראָזן אויף די מלחמה־פעלדער און אין די איבונגס־קאַזאַרמעס מיט זייערע „סאָציאַלע" און רעליגיעזע באַדערפעניש." אויף אַזאַ אופן איז זי געבאָרן געוואָרן אין אַ פּאַטריאָטישער מזל'דיגער שעה און איז אויטאָריזירט געוואָרן פון דער רעגירונג פאַר די אויבנדערמאָנטע פונקציעס. זומער אין 1921 האָבן זיך מיט איר פאַראייניקט נאָך דריי אידישע פּאַטריאָטישע אינסטיטוציעס — די יאָנג־מענס היברו אַסאָסיאיישאָן; די יאָנג־וואָמענס היברו אַסאָסיאיישאָן און די דזשואיש קאָמיוניטי סענטערס אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע. די דזשואיש וועלפער באָאַרד איז אויסגעוואַקסן אין די גרעסטע און פאַרצווייגטסטע אידישע

פאטריאָטיש־מיליטערישע ארגאניזאציע אין לאנד. דורך די 260 אייגענע געביידעס וואָס זיי קאָנטראָלירן, און וואָס באטרעפן ארום 25 מיליאָן דאָלאר, ציען זיי צו הונדערטער און טויזנטער פון דער יוגנט און פאר־סאמען זיי מיט דעם מיליטעריש־פאטריאָטיש־רעלי־גיעזן סם.

די הויפט־באאמטע זיינען: דזשאָדזש אוירווינג לעהמאן, פרעז.; הערי ל. גלוקסמאן, עקז. דירעקטאָר. צווישן די וויים פרעזידענטן געפינען מיר אויך די נעמען פון פעליקס מ. ווארבורג (ניו־יאָרק) און דזשייקאָב מ. לאָוב (שיקאגאָ). הויפט אָפיס: 71 וועסט 47־טע סט., ניו־יאָרק.

---

דזשואיש וועטעראנס אָוו די וואָרס אָוו די רעפובליק. — א מיליטערישע רעליגיעזע אָרגאניזא־ציע, וואָס באשעפטיקט זיך אויך מיט קעגנזייטיקער הילף. אָרגאניזירט אין 1900, נאָך דער שפאניש־אמערי־קאנער קריג. מערסטנטיילס פון די אידישע פרייווי־ליקע סאָלדאטן אין יענער מלחמה זיינען געווען איבער־פילט מיט אידיש־פאטריאָטישע נקמה־געפילן קעגן שפאניע פאר איר גרויזאמקייט קעגן אידן מיט 400 יאָר פריער. אזוי איז אויך די אָרגאניזאציע פארבליבן ביזן היינטיקן טאָג — א שאוויניסטישע און מילי־טערישע. אָפיס: 15 פארק ראָו, ניו יאָרק.

---

דזשואיש ווימען׳ס נעשיאָנאל קאונסיל. — א בירגערלעכע פרויען־אָרגאניזאציע פון א נאציאָנאל־רעליגיעזן כאראקטער, באשטייט מערסטנס פון יאהו־דימישע קרייזן. אָרגאניזירט אין 1893. די אָרגאני־זאציע האָט איצט איבער 200 סעקציעס און 7 אינגערע הילפס־אָרגאניזאציעס (דזשוניאר אוקזילערים). מיט־גלידערשאפט ארום 50,000. הויפט־אָפיס: 265 מעדיסאָן עוו., ניו־יאָרק. באאמטע: מרס. דזשאָזעף ע. פריענד, פרעזידענט; עסטעל מ. סטערנבערג, סעקרעטאר.

---

דזשואיש טעאַטריקאל גילד אָוו אמעריקא. — א שאוויניסטיש־היפּאָקריטישע אָרגאניזאציע פון אי־דישע אַקטיאָרן אויף דער ענגלישער בינע. דער ציל ווי ער ווערט אויסגעדריקט אין דער קאָנסטיטוציע איז „צו פאראייביקן דעם יודאאיזם (!) אין דעם טעאטער, צוהעלפן די קראנקע און אומגליקלעכע און צו בויען א מעמאָריאל־האָל״. אָרגאניזירט אין 1924. מיט־גלידערשאפט — 2,000. הויפט באאמטע: וויליאם מאָריס, פרעזידענט; הערי קופער, סעקרעטאר. אָפיס: 1560 בראָדוויי, ניו־יאָרק.

---

דזשואיש טעאָלאָדזשיקאל סעמינארי אָוו אמעריקא. — א רעליגיעז־בורזשואזע אינסטיטוציע צוצוגרייטן רעפאָרם־ראבאיס פאר די טעמפלען און סינאגאָגעס. אָרגאניזירט אין 1886. דער סעמינאר איז באוואוסט מיט זיין רייכער ביבליאָטעק — ארום זיבעציק טויזנט ביכער און זעקס טויזנט מאנוסקריפטן. צווישן די באאמטע און מעצענאטן פון דער גרויס־קאפּיטאליסטישער אינסטיטוציע ווארפן זיך אין די אויגן די נעמען פון לואי ס. שטראוס, סיירוס אדלער, פעליקס מ. ווארבורג און די גוגנהיימס. אָפיס: 531 וועסט 123־טע סט., ניו יאָרק.

---

דזשואיש מיניסטער אסאָסיאיישאָן אָוו אמע־ריקא. — רבנים־בונד. אָרגאניזירט אין 1917. אָפיס: 74 איסט 118־טע סט., ניו־יאָרק.

---

דזשואיש מיניסטער ענד קענטארס אסאָסי־איישאָן. — א פאראייניקונג פון פריידיקער און חזנים פאר פראָפעסיאָנעלע און קעגנזייטיקע הילפס־צוועקן. אָרגאניזירט אין 1918. אָפיס: 40 — 2־טע עוועניו, ניו־יאָרק.

---

דזשואיש סאבאטה אליייענס אָוו אמעריקא.— אן אָרגאניזאציע פון גאטס־סטראפּטשעס. ס׳זיינען פאַ־ראַן צווישן זייערע מיטגלידער אזעלכע, וועלכע מאכן ארבעטן זייערע ארבעטער בא זיך אין די קראָמען 15־16 שעה א טאָג. אָרגאניזירט אין יאָר 1905. אָפיס: 302 איסט 14טע סטריט, ניו־יאָרק

---

דזשואיש פּאַבליקיישאָן סאָסייעטי, אָוו אָמעריקא. — א רייכע יאהודימישע אינסטיטוציע. אָרגאניזירט אין 1888. איר ציל איז צו ווייזן דער וועלט די עשירות פון יודנטום, פארעפנטלעכט אין ענגליש אַלטע אידישע ספרים, אידישע אַלטע גע־שיכטע ביכער, פּאָעטן, און רעליגיעזע פילאָזאָפן. קיין איין פעני ניט אויסגעגעבן צו פארשפרייטן וויסן און אויפקלערונג צווישן די ברייטע פּאָלקס־מאסן. הויפט־באאמטע: סיימאָן מילער, פרעזידענט. אדאָלף ס. אקס (ארויסגעבער פון „טיימס״) 1טער וויים־פרעזי־דענט. יוליוס גראדינסקי, סעקרעטאר און איזאאק הוזיק, רעדאקטאר. 6765 מיטגלידער. אָפיס: בראָאד סט. קארנער ספּרינג־גארדען, פילאדעלפיע.

---

דזשואיש קאנסאמפּטיוו רעליף אסאָסיאיישאָן אָוו קאליפאָרניע. — א פילאנטראפישע קליינבירגער־לעכע אינסטיטוציע. אָרגאניזירט אין 1912. האָט א סאניטאריום אין דוארטי, קאליפאָרניע. מיטגלידער־שאפט ארום 75 טויזנט. אָפיס: 404 יוניאָן ליג בלד״ג, לאָס אנדזשעלעס, קאל.

---

דזשואיש קאָנסאָמפּטיוו רעליף סאָסייעטי

אָוו דענווער. — איינע פון די גרעסטע בירגערלעך־פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס אויף דעם געביט. אָרגאַניזירט אין 1904. ציילט אַרום 100 טויזנט מיט־גלידער און האָט נאָך צו זיך 11 הילפס־גרופּן, (אוקזי־לערים) און ניין אָרגאַניזירטע דיסטריקטן. דער סאַנאַ־טאָריום איז פאַר 280 פּאַציענטן. פונדעסטוועגן קומט אויס פיל מאָל דעם סאַניטאַריום, אַזוי גוט ווי דעם קאַליפאָרניער, אָפּצוזאָגן צענדליקער פּאַציענטן, ניט האָבנדיק גענוג אָרט פאַר די קרבנות פון לוין־שקלאַ־פעריי, וואָס ווערן פּראָדוצירט יערלעך אין די טויזנטער. די געזעלשאַפט גיט אַרויס צוויי צייטונגען אין די אינ־טערעסן פון די שווינדזיכטיקע. אָפיס איז אין דענווער קאָלאָראַדאָ.

---

האַיאַס. — („היברו שעלטערינג ענד אימיגראַנט אייד סאָסייעטי אָוו אַמעריקאַ") אַ פּילאַנטראָפּיש־קליין־בירגערלעכע אינסטיטוציע, צו העלפן די איינ־וואַנדערנדיקע אידן, מיט אַ צייטווייליגער גרויסער פּאָ־פולאַריטעט דאָ און אין אייראָפּאַ. אין די גרויסע אימי־גראַציע־יאָרן איז זיין פונקציע געווען אַ וויכ־טיקע, הגם זי האָט געהאַט אויף זיך דעם צדקה־שטעמפּל און דעם אַלטן הכנסת־אורחים גייסט. געגרינדעט אין 1891. זיין טעטיקייט אין יענער צייט האָט זיך נאָר באַצויגן אויף דעם ניו־יאָרקער האַפן, אָבער נאָך דער וועלט־מלחמה, ווען פון איין זייט האָט זיך אַ גאָס געטאָן אַ שטראָם פון איינגעהאַלטענער עמיגראַציע און פון דער צווייטער זייט האָט די „פּריי־הייטלעכע" אַמעריקאַנער רעגירונג מזכה געווען די וועלט מיט אירע קוואָטאַס, האָט זיך די טעטיקייט פון „האַיאַס" אויך איבערגעוואָרפן אין די אייראָפּייאישע אויסוואַנדערונגס־לענדער, הויפּטזעכלעך אין פּוילן, אוקראַינע, ליטע, רומעניע און לעטלאַנד. דעמאָלט האָט דער „האַיאַס" דערגרייכט די העכסטע שטופע פון זיין טעטיקייט. פון דעם יאָר 1925 איז די אויסלענדישע אַרבעט איבערגעגאַנגען אין די הענט פון דער נייער „אידישער אימיגראַציע געזעלשאַפט" און דער „האַיאַס" איז צוריק געוואָרן אַ „הכנסת־אורחים", מיט אַלע טיפּישע ביוראָקראַטישע אייגנשאַפטן, וואָס זיינען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר אַזאַ צדקה־אינסטיטוציע. לעצ־טענס לעבט דער „האַיאַס" איבער אַ טיפן קריזיס. די אידישע אימיגראַציע איז צוליב די נייע קוואָטאַס אַזוי גוט ווי געענדיגט. דערצו נאָך האָבן זיך די קוואַלן פון הכנסה כמעט אין גאַנצן אויסגעטריקנט. הויפּט־אָפיס: 425 לאַפאַיעט סט., ניו־יאָרק. א. הערמאַן, פּרעזידענט. אייזיק אַסאָפסקי, פּאַרוואַלטער.

---

הדסה — אַ בירגערלעכע, ציוניסטישע פרויען אָרגאַניזאַציע, געגרינדעט אין 1912. דאָס איז דער „עזרת־נשים" פון דער אָפיציעלער ציוניסטישער אָרגאַ־ניזאַציע, וואָס באַשעפטיקט זיך מיט דערמוטיקן נייע אינסטיטוציעס אין פּאַלעסטינע און די פאַרשפּרייטונג פון ציוניסטישע סענטימענטן צווישן די אידישע פרויען און מיידלעך אין אַמעריקע. אין אַנדערע ווערטער: אַ פרייוויליקע „ליידיס אקזילערי" צום בריטישן אימפּע־ריאַליזם. די אָרגאַניזאַציע האָט 304 צווייגן מיט 900 ניי ־ קרייזלעך (פּאַקטיש רכילות־קרייזלעך) און 220 יוגנט־גרופּן אונטער איר אויפזיכט. הויפּט־באַ־אַמטע: מרס. עדוואַרד דזשייקאָבס, פּרעזידענט און מרס. מ. פּ. עפּשטיין, סעקרעטאַר. הויפּט־אָפיס: 111־5־טע עוו, ניו־יאָרק

---

היברו טעאָלאָדזשיקעל קאָלעדזש. — אַ רעלי־גיעז בירגערלעכע אינסטיטוציע, צוצושטעלן רבנים און פּריידיגער פאַר די רעליגיעזע „קאָנגרעגיישאָנס". אָר־גאַניזירט אין 1921. אָפיס: 3446 דאַגלאַס בולוואַרד, שיקאַגאָ, איל.

---

היברו־יוניאָן קאָלעדזש. — דער עלטסטער אי־דישער רעליגיעזער קאָלעדזש אין אַמעריקע. אָרגאַני־זירט פון דייטשע רעפאָרם־יאהודים אין 1873. פאַר די קאַרגע 60 יאָר פון זיין עקזיסטענץ האָט דער קאָ־לעדזש אַרויסגעשיקט גענוג גאַטס שלוחים איבער אַמע־ריקע און קאַנאַדע און פאַרשפּרייט „חכמת־ישראל". ווערט אויסגעהאַלטן פון דער „יוניאָן אָוו אַמעריקאַן היברו קאָנגרעגיישאָנס", וואָס באַשטייט פון 278 רעפאָרם־שולן. הויפּט אָפיס געפינט זיך אין סינסינעטי, אָהייאָ.

---

הסתדרות עברית. — אַ העברעאיש־שאָוויניס־טישע אָרגאַניזאַציע, אָרגאַניזירט אין 1916, מיט די צילן צו אַנטוויקלען די העברעאישע קולטור און פאַר־שפּרייטן די העברעאישע שפּראַך. די הסתדרות־אָרגאַניזאַציע איז, פאַרשטייט זיך, ענג פאַרבונדן מיט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. זי האָט 103 צווייגן מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון 3,130. באַאַמטע: פאַר־זיצער פון דער עקזעקוטיוו קאָמ. אַב. גאָלדבערג און סעק. ס. ק. מירסקי. הויפּט אָפיס: 111—5־טע עוו., ניו יאָרק.

---

ווימענס ברענטש אָוו אָרטאָדאָקס דזשואיש קאָנגרעגיישאָנס אָוו אַמעריקאַ — אַ קליינבירגער־לעכע, רעאַקציאָנער־רעליגיעזע פרויען אָרגאַניזאַציע, וואָס קהל'ט זיך אַרום די אָרטאָדאָקסישע שולן און די זונטאָג־שולן פאַר קינדער. אָרגאַניזירט אין 1924. אָפיס: 131 וועסט 86־טע סט., ניו־יאָרק.

---

ווימענס ליג אָוו די יונייטעד סינאַגאָג אָוו אַמעריקאַ. — אַ גרויס־בורזשואזע, רעפאָרם ־ רעלי־

ניעזע פרויען אָרגאַניזאַציע פון די יאַהודימשע קרייזן, וואָס מישט זיך אויך אָפּטמאָל אין פּאָליטיק. זייער „רעפאָרמיזם" שטערט זיי נים צו זיין אין פּאָליטיק אַזוי רעאַקציאָנער ווי זייערע אָרטאָדאָקסישע שוועס־טער. אָרגאַניזירט אין 1918. אָפיס: 551 וועסט 123־טע סט., ניו־יאָרק.

יאַנג דזשודעא. — ציוניסטישע, קליינבירגער־לעכע יוגנט־אָרגאַניזאַציע מיט דעם ציל „צו פאַרווירק־לעכן דעם ציוניסטישן אידעאַל פון אַ אידישע מלוכה אין פאַלעסטינע, און צו אַנטוויקלען די גייסטיקע, מאָ־ראַלע און פיזישע אייגנשאַפטן פון דער אידישער יוגנט". פאַקטיש איז דאָס אַ יונג־נאַציאָנאַל־פאַשיס־טישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האַסט און באַקעמפט די רעוו. אַרבעטער־באַוועגונג. אָרגאַניזירט אין יאָר 1908 באַרימען זיך, אַז זיי האָבן 600 צירקלען מיט טויזנטער מיטגלידער, אָבער דאָס איז ווייט איבערגעטריבן. גיבן אַרויס אַ מאָנאַטלעכן זשורנאַל אין ענגליש „דהי יאַנג דזשודעאַן". אָפיס: 111—5־טע עוו., ניו־יאָרק.

יונגע פּועלי ציון. — אַ סאָציאַל־שאָוויניסטישער יוגנט־פאַרבאַנד. פאַרבונדן מיט די פּועלי־ציון און דורך זיי מיט דער נאַציאָנאַליסטישער ציוניסטישער אָרגאַ־ניזאַציע. אָרגאַניזירט אין 1915. גיבן אָן אַז זיי האָבן 45 ברענטשעס מיט 1500 מיטגלידער. מ. קאַהען, סעק־רעטאַר. אָפיס: 1133 בראָדוויי, ניו־יאָרק.

יאַנג־פּיפּלס־ליג אָוו דהי יונייטעד סינאַגאָג אָוו אַמעריקאַ. — אַ רייכע בירגערלעכע רעפאָרם־רע־ליגיעזע יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון יאַהודימשע דערוואַק־סענע קינדער. אָרגאַניזירט אין 1921. אָפיס: 1931 וועסט 123טע סט., ניו יאָרק.

יוניאָן אָוו אַמעריקאַן היברו קאָנגרעגיישאַנס. — אַ ראַזעוועט־שוואַרצער צענטראַלער פאַרבאַנד פון די יאַהודימשע רעפאָרם־קאָנגרעגיישאַנס, אויפצוהאַלטן די טעמפּלען פון „דזשודאיזם". אָרגאַניזירט אין 1873. הויפּט־אָפיס: סינסינעטי, אָהייאָ.

יוניאָן אָוו אָרטאָדאָקס דזשואיש קאָנגרעגיי־שאַנס אָוו אַמעריקאַ. — דער שוואַרצער בונד פון אַלע אידישע אָרטאָדאָקסישע שולן און בתי־מדרשים. אָר־גאַניזירט אין 1902, לויטן מוסטער פון דער רעפאָרם אָרגאַניזאַציע. אָפיס: 231—86־טע סטריט, ניו־יאָרק.

יוניאָן אָוו אָרטאָדאָקס ראַביים אָוו יונייטעד סטייטס ענד קענעדע. — פאַרבאַנד פון אָרטאָדאָקסי־שע רבנים אין די פאַראייניגטע שטאַטן און קאַנאַדע. אָרגאַניזירט אין 1902. אָפיס: 221 איסט בראָדוויי, ניו יאָרק. מיטגלידערשאַפט: 225.

יונייטעד סינאַגאָג אָוו אַמעריקאַ. — אַ רע־פאָרמיסטיש־רעליגיעזער סינאַגאָגן־פאַרבאַנד. אָרגאַניזירט אין 1913. אָפיס: 531 וועסט 123־טע סט., ניו־יאָרק.

יונייטעד רומעניען דזשוס אָוו אַמעריקאַ. — אַ צענטראַלע, פאַראייניגטע אָרגאַניזאַציע פון די צוויי רומעניש־אידישע גרופּירונגען — „פעדרעיישאָן אָוו רומעניען דזשוס אָוו אַמעריקאַ" און פון דער „אַמערי־קאַן יוניאָן אָוו רומעניען־דזשוס". אַ קליינבירגערלעכע אָרגאַניזאַציע, מיט כאַראַקטעריסטישע שתדלנות־מע־טאָדן. אָפיס: 799 בראָדוויי, ניו יאָרק.

מ ז ר ח י.—(אַמעריקאַנער אָפּטייל) אַ רעליגיעז־שוואַרצע אָפּצווייגונג פון דער אימפּעריאַל־ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע און אַ שותף צו אַלע פאַשיסטישע מעשים פון די ציוניסטן אין פאַלעסטינע. איר ציל איז צו באַזעצן פאַלעסטינע אין דעם גייסט פון תורת־משה. איר לאָזונג איז: „ארץ־ישראל פאַרן פאָלק ישראל און זיין תורה". אָרגאַניזירט אין 1912. מיטגלידער־שאַפט — 20 טויזנט אין 298 ברענטשעס. הויפּט־אָפיס: 31 יוניאָן סקווער, ניו־יאָרק. באַאַמטע: גדליה בובליק, פרעזידענט און מ. נאַדלער, טרעזשורער.

מזרחי הצעיר. — אַ יוגנט אויפלאַגע פון דעם „גרויסן" מזרחי מיט זיינע ציוניסטיש־רעליגיעזע טעטי־קייטן. אָרגאַניזירט אין 1920. אַרום 3,500 מיט־גלידער. באַאַמטע: איזידאָר עפּשטיין, פרעזידענט. דזשעני קאַטלער, סעק. אָפיס: 31 יוניאָן סקווער, ניו־יאָרק.

מענאָרא אינטערקאָלידזשיאייט אַסאָסיאיי־שאָן. — אַ קליינבירגערלעכע אידישע סטודענטן־אָרגאַ־ניזאַציע, וואָס שטעלט זיך די אויפגאַבע צו באַקענען די אידישע סטודענטן „מיט די אידעאַלן פון דער אידישער קולטור און אירע ווערטן". אָרגאַניזירט אין 1913. די אָרגאַניזאַציע האָט שוין געהאַט אין יאָר 1926 אַרום 5000 מיטגלידער אין 73 אָפּטיילונגען. לעצטנס איז די צאָל באַדייטנד פאַרקלענערט. אָפיציעל — 51 אָפּ־טיילונגען. די מיטגלידערשאַפט ווערט איצט אָפּגע־שאַצט אַרום 3000. גיבן אַרויס אַ חודש־זשורנאַל אין ענגליש „מענאָרא" און נאָך צוויי פערטל־יערלעכע אויסגאַבן באַאַמטע: טעאָדאָר ה. גאַרדין, פרעזידענט. אָפיס: 167 וועסט 13־טע סט., ניו־יאָרק.

נעשיאָנאַל דזשואיש האָספּיטאַל פאַר קאָנ־

סאַמפּטיווּם. — אַן אַלטע נאַציאָנאַל - בירגערלעכע, פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציע פאַר שווינדזיכטיקע. אָר־גאַניזירט אין 1899. אָפּיס: 3800 איסט קאָלפיקס עוו. דענווער, קאָלאָראַדאָ.

---

**נעשיאָנאַל פאַרם סקול.** — אַ בירגערלעכע שולע און פאַרם. אָרגאַניזירט אין 1896 מיט דעם ציל צו געבן אַ גרינטלעכע בילדונג און דערפאַרונג אין אַגרי־קולטורעלע ענינים, ווי אויך אין דער מאָדערנער מע־כאַנישער מאַשינעריע, וואָס ווערט געברויכט אויף אַ מאָדערנער פאַרם. די שולע און די פאַרם געפינט זיך אין באָקס קאַונטי, פּענסילווייניאַ. הויפּט־אָפּיס: 1701 וואָלנאַט סט., פילאַדעלפיאַ. די אינסטיטוציע האָט אַרום 10 טויזנט מיטגלידער, מיט יערלעכע אָפּצאָלונגען.

---

**נעשיאָנאַל פעדעריישאָן אָוו אוקראַיניען דזשוס אָוו אַמעריקאַ.** — אַ קליינבירגערלעכע פאַר־אייניקונג פון די אוקראַינישע אידן. רעאָרגאַניזירט זיך אין 1920, אין דער צייט פון די בלוטיקע פּעטלורע פּאָגראָמען אין אוקראַינע. דאָמינירט פון ציוניסטן און פּיינט פון דער ראַטנמאַכט. האַלט אָן פאַרבינדונגען מיט 110 אָרגאַניזאַציעס, אָבער מערסטנס זיינען זיי ניט טעטיק. אָפּיס: 311 איסט 117־טע סט., ניו־יאָרק.

---

**נעשיאָנאַל קאַונסיל פאַר דזשואיש עדיוקיי־שאָן.** — אַ בירגערלעך־נאַציאָנאַליסטישע אָרגאַניזאַ־ציע. אָרגאַניזירט מיט דעם צוועק צו שאַפן לערער־ספּעציאַליסטן צוגעפּאַסט צו די נויטן פון אידישער בילדונג און צו הייבן דעם סטאַנדאַרד פון די וועלכע באַשעפטיקן זיך מיט אידישער בילדונג, ווי אויך צו הייבן די קוואַליטעט פון דעם לימוד. ווי אַזוי די אָר־גאַניזאַציע וועט דערגרייכן די צילן זאָגט זיך ניט אין איר פּראָגראַם. באַאמטע: פּרעזידענט מ. דושקין, שיקאַגאָ. סעקרעטאַר מ. סאַלטים. הויפּט־אָפּיס: 330 סאַוט 9־טע סט., פילאַדעלפיע.

---

**סענטער אָוו דזשואיש סייענס:** אַ בירגערלעך־יאַהודישע רעפאָרם־רעליגיעזע אינסטיטוציע. די הויפּט „וויסנשאַפט" און „רעפאָרם" באַשטייט אין אָפּהאַלטן די „שחרית און מוסף"־צערעמאָניעס אום זונטיק, ניט אום שבת. ווי זיי באַהויפּטן גיבן זיי „גייסטיקע קולטור" צו זייערע מיטגלידער און האָבן אַ קלאַס אין דער זעלבער אידישער „וויסנשאַפט" פאַר יונגע־דער־וואַקסענע. אַרויסגעגעבן דורכ'ן יאָר אַ זאַמלונג פון לעקציעס אין דער „גייסטינער־קולטור" מיטן נאָמען „דהי העלפּפול מאַניועל", אין ענגליש און אין—אידיש. הויפּט־באַאמטע: א. ה. קאַיזער, פּרעזידענט און קליפמאַן הארבי ליוויי, ראַבאַי. אָפּיס: 325 איסט 45טע סט., ניו יאָרק.

---

**סעפאַרדיק בראָדערהוד אָוו אַמעריקאַ, אינ־קאָרפּאָרייטעד.** — אַ בירגערלעך נאַציאָנאַליסטישע אָרגאַניזאַציע פון די ספּרדישע אידן אויף דעם פּראָטער־נאַלן און רעליגיעזן באַדן. אָרגאַניזירט אין 1921. אָפּיס: 83 איסט 116־טע סט., ניו־יאָרק.

---

**עדיוקיישאָן־ליג פאַר דהי ריער עדיוקיישאָן אָוו אָרפאַנס.** — אַ בירגערלעך־פילאַנטראָפּישע אינ־סטיטוציע צו באַזאָרגן יתומים מיט היים און דערצי־אונג. אָרגאַניזירט אין 1896. די יתומים ווערן דערצויגן אין די „היימען", אין דעם בירגערלעכן מה יפית־גייסט און ווערן באַאיינפלוסט פון די „נאָבעלע געפילן" פון דעם רייכן קלאַס, וואָס האַלט אויס אַזעלכע אינסטיטו־ציעס. אָפּיס: 336 ענדזשינירס בילדינג, קליוולאַנד, אָהייאָ.

---

**עקס פּיישענט טובערקולאָז האָום אָוו דענ־ווער.** —אַ פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציע פאַר טובער־קולאָזע עקס־פּאַציענטן. אָרגאַניזירט אין 1908. אָפּיס: 8000 מאָנטוויאו בולוואַרד, דענווער, קאָלאָראַדאָ.

---

**י. ל. פּרץ שרייבער פאַראיין:** אַ צעך פון שרייבער־העגנט אין קליינבירגערלעכע און נאַציאָנאַל־סאָציאַל־פאַשיסטישע, אידישע צייטונגען. געגרינדעט אין 1915 פאַר די צילן פון אחדות און זעלבסט־הילף און האַלטן הויך די פאָן פון אידישער קולטור. דער פאַראיין דערפילט ניט איצט קיין איינע פון די אויפ־גאַבן. זיין באַציאונג מיט די באַלעבאַטים פון דאָ צייטונגען איז אַן אונטערטעניקע, אָפּטמאָל אַפילו אויך אַ קנעכטישע. פיל פון די מיטגלידער נעמען אָן עקסטרא אַרבעט, אין דער צייט, ווען „קאָלעגן" שריי־בער דרייען זיך אַרום אינגאַנצן אָן אַרבעט און ליידן נויט. כדי צו געפעלן די באַלעבאַטים, דולדן אָט די כלומרשטע קולטור־טרעגער די שווידערלעכסטע שונד־וואָקכאַנאַליע אין אַלע אידעש בירגערלעכע צייטונגען, צווישן זיי אַזעלכע פיינשמעקער און פּוריסטן, וואָס קאָנען ניט פאַרטראָגן דעם „לשון" פון דער אידישער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־זשורנאַליסטיק. מיט זיי־ער קליינע אויסנאַמען פאַרהאַלטן זיך די מיטגלידער פון י. ל. פּרץ שרייבער־פאַראיין פיינטלעך צו דער רע־וואָלוציאָנערער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג און מערסטנס פון זיי זיינען אַקטיוו באַשעפטיקט מיט'ן פאַרשפּרייטן די ווילדעסטע שקרים און בלבולים וועגן זייער אַרבעט און קאַמף. ספּעציעל האָבן זיך אויס־געצייכנט די שרייבער מיט זייערע זלזולים און פּאָ־גראָם־אַרטיקלען אין די טעג פון דער ציון־בהלה. כאָטש מיט זייער גאַנצן טעראָר־געקלאַפּער האָבן זיי אויסער עטלעכע שוואַכע „קאָלעגן" זייערע קיינעם ניט איבער־געשראָקן. טאָג־טעגלעך פאַלן אָן אָט די שרייבער אויף

דעם סאָציאַליסטישן ראַטן־פאַרבאַנד און אויף אַלע זיינע אויפטואונגען. זיי האַסן דעם איקאָר. זיי פאַר־ראַמען די בירא־בידזשאַן קאָלאָניזאַציע. זיי באַקעמפן די דערמעגלעכונג צו מאַכן בירא־בידזשאַן פאַר אַ אידי־שער ארבעטנדיקער סאָוועטן־רעפּובליק. ניט קיין וואונדער, וואָס די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן צווישן די אידישע שרייבער האָבן אים שוין לאַנג פאַרלאָזן. דער „פאַראיין" ציילט 150 מיטגלידער. הויפּט־באַאַמטע: דר. א. קאַראַלניק, פּרעזידענט און א. תלוש, סעקרעטאַר. אָפיס: 425 לאַפאַיעט סטריט, ניו יאָרק

**פאַראייניקטע אידישע געווערקשאַפטן.** — אַ סאָציאַל־פאַשיסטישע קערפּערשאַפט. אָרגאַניזירט אין 1888 אַלס אַ צענטראַלע אָרגאַניזאַציע פון עטלעכע אי־דישע ארבעטער יוניאָנס, וואָס האָבן געצאַנקט צווישן לעבן און טויט. אין יענע צייטן, ווען דעם אידישן אַר־בעטער איז נאָך גאָר געווען פרעמד די אידייע פון קאַמף פאַר אַ בעסערן לעבן, איז די ארבעט פון אָרגאַ־ניזירן און אָנהאַלטן אַ יוניאָן געווען אַן אויסערגעוויינ־לעך שווערע. ספּעציעל איז געווען שווער דאָס אָנהאַלטן די יוניאָן, נאָך דעם ווי ס'האָט זיך שוין איינגעגעבן ווי עס איז צו אָרגאַניזירן די ארבעטער און דורכצו־פירן אַ סטרייק. די פאַר. אידישע געווערקשאַפטן האָבן דאָס געדאַרפט צעמענטירן די אידישע יוניאָן־באַוועגונג, וועקן דעם באַוואוסטזיין פון אידישן ארבעטער און לערנען אים אָנצוהאַלטן זיין יוניאָן. זיי האָבן געדאַרפט העלפן אָרגאַניזירן יוניאָנס אין נייע פאַכן און ניט דערלאָזן אונטערגיין די אַלטע. ספּעציעל די וועלכע האָבן זיך געקאָנט שטעלן אויף אייגענע פיס. אָבער די „געווערקשאַפטן" האָבן נאָך אַפילו דעמאָלט דערפילט אַט די אויפגאַבן אויף אַ זייער באַגרעניצטן אופן. עס האָט געפעלט די אויסגעהאַלטענע, וועקנדע און אויפ־קלערנדע ארבעטער־פרעסע. זיי האָט געפעלט אַן אמת באַוואוסטזיניקע פירערשאַפט. זיי האָט געפעלט אַ קלאָר־געצייכנטע פּראָגראַם פון איין זייט און רעוואָלו־ציאָנערע ארבעטער־טראַדיציע פון דער צווייטער זייט. די גרויסע אויפטרייסלונג פון דער וועלט־מלחמה האָט קיין שום רושם ניט געמאַכט אַף די די „לייבאָר־לידער" פון די געווערקשאַפטן. מ'האָט זיך אַליין אויך אריינ־געדרייט אין דעם פּאַטריאָטישן שדים־ראַד און ווייטער באַטריבן דאָס קרעמל. אַפילו די גרויסע באָלשעוויס־טישע רעוואָלוציע איז אויך זיי פאַרביינגעגאַנגען, פאַרקערט, ווי נאָר די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע כוחות פון „פאָרווערטס" און די קאָמפּאַניע־יוניאָנס האָבן זיך אָרגאַניזירט, האָבן די „געווערקשאַפטן" אויך ניט פאַר־פעלט צו באַווייזן אַז זיי האָבן אויף אַזוי פיל נאָך גענוג לעבן אין זיך, אָנצושליסן זיך אַן דער טשאַטע... פון דעמאָלט אַן זיינען די אַזוי גערופענע „פאַראייניקטע אידישע געווערקשאַפטן" פאַקטיש אַ גרופּע סאָציאַל־פאַשיסטן. זיי האָבן דאָס געוויזן שפּעטער מיט זייער אָנשליסן זיך אַן די נאַציאָנאַל־פאַשיסטן פון ציוניזם, מיט זייערע פּאַלעסטינע־קאַמפּאַניעס און מיט זייער טאָג־טעגלעכן פאַרראַט קעגן די רעוואָלוציאָנערע אי־דישע ארבעטער. אָפיס: 175 איסט בראָדוויי. מ. פיינסטאָן, סעק

---

**פאַרבאַנד פון גאַליציאַנער און בוקאָווינער אידן.** — אַ באַלעבאַטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס עקזיס־טירט הויפּטזעכלעך אויפן פּאַפּיר. אָרגאַניזירט אין 1903. אָפיס אין לייבאָר־טעמפּל, 2טע עוועניו און 14טע סטריט, ניו יאָרק.

---

**פעדעריישאָן אָוו דזשואיש טשאַריטיס.** — אַ צענטראַלע, בירגערלעך־פילאַנטראָפּישע קערפּערשאַפט פון אַלע 91 אידישע צדקה־אַנשטאַלטן אין ניו־יאָרק. דער ציל פון דער צענטראַליזירונג פון די פאַרשידענע צדקה־פּושקעס האָט געדאַרפט זיין פון איין זייט — שפּאָרן צענדליקע טויזנטער דאָלאַר דורך דער עקאָ־נאָמיע פון אַ צענטראַלן אַפּאַראַט. פון דער צווייטער זייט צו פאַרגרינגערן די „דאַליע" פון דעם אידישן באַ־לעבאָס, אַז מ'זאָל אים ניט דאַרפן באַלעסטיקן 91 מאָל, מיט יעדער צדקה־האַנט באַזונדער. מ'גיט איינמאָל פאַר דער פעדעראַציע און זי טיילט שוין איין יעדע איינציקע פון זיי לויט איר איינזעעניש און אָפּשאַץ פון זייער וויכטיקייט. אָבער פאַקטיש האָט די צענטראַלי־זירונג פון דער אידישער צדקה אין ניו יאָרק פאַרצענ־פאַכט די ליידן און די נגישות, וואָס די קרבנות פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג האָבן אויסצושטיין ווען זיי זיינען געצוואונגען אָנצוקומען צו זיי. עס איז גע־וואָרן אַ ריין מעכאַנישער אַפּאַראַט, האַרצלאָז און אומ־דערבאַרעמיק. יעדע צדקה־אינסטיטוציע באַזונדער האָט ניט וואָס מורא צו האָבן פאַר קריטיק איבער איר ביוראָקראַטישקייט. מיט אייניקע אויסנאַמען גיט איצט קיינער ניט דירעקט פאַר דער אָדער פאַר יענער אַנשטאַלט. איצט קען מען ביי דער אייזערנער, טעמפּער מאַשין קיין קשיות ניט פרעגן. זי מאָלט דורך מיט אירע ציינערדיקע רעדער יעדן טאָג אַזוי־פיל און אַזוי־פיל אַפּליקאַנטן, מאָלט דורך, צערייבט און דערנידע־ריגט זיי, און רעדוצירט זיי צו בעטלער און האַנט־קוס־שער. דער הויפּט־אָפיס פון דער פעדעראַציע געפינט זיך: 71 וועסט 47־טע סט., ניו־יאָרק.

---

**פעדעריישאָן אָוו הונגאַריען דזשוס אין אַמע־ריקאָ.** — אַ באַלעבאַטישע פעדעראַציע פון די אונגאַ־רישע אידן אין אַמעריקע. אָרגאַניזירט אין 1909. די אָרגאַניזאַציע האָט זיך פאַר דער צייט קנאַפּ־וואָס גע־לאָזט הערן. אַפילו אין דער שטורעם צייט, ווען די

רומענישע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע מיליטערישע פּאָלקן האָבן צוזאמען מיט די האָרטי־באַנדעס צוטראָטן די אונגארישע סאָוועטן רעגירונג און אויפגעשטעלט אַ דיקטאטאָרשיפּ פון אנטיסעמיטיזם און פאשיזם. האָט מען אויך פיל פון דער פעדעראציע ניט געהערט מיט דער אויסנאם פון קאָקעטירן אַ שטיקל צייט מיט דעם ליבעראלן גראף קאראָלי. דער אָפיס געפינט זיך: 132 נאסאו סט., ניו יאָרק.

פעדערײשאָן אָוו פּאָליש דזשוס אָוו אַמעריקאַ: — אַ בירגערלעכע פעדעראציע פון די פוילישע אידן אין אמעריקע. אָרגאניזירט אין 1908, ווען די עמי־גראציע פון פוילישע אידן האָט אנגעהויבן אָנצונעמען אַ מאסן־כאַראַקטער. אין אירע ראַמען און לויט איר סאָציאלן באשטאַנד, האָט די פעדעראציע געקאָנט דורכפירן אייניקע פונקציעס אויפן געביט פון עמיגרא־ציע און רעליף אַ סך דערפאָלגרייכער ווי זי האָט עס געטאָן. איר בירגערלעכער גייסט שוועבט אויף אַלץ וואָס זי טוט. זי האָט זיך קיינמאָל ניט דערהויבן אויף וועלכער עס איז הייך צו זיין אַ פאַרטרעטערין פון דער מאַסע פוילישע אידן. זי האָט קיינמאָל ניט ווי געהעריק רעאגירט אויף די בלוטיקע פּאָסירונגען אין פוילן און האָט מיט אירע שתדלנישע דרכים געוויזן, אַז זי איז ניט מסוגל צו פאַרטרעטן אפילו די קליינביר־גערלעכע מאסן, וואָס ווערן איצט צעשטויבט אין פוילן אונטער דער פאשיסטישער רעגירונג. די פעדעראציע גיט אַרויס אַ מאָנאַטלעכן זשורנאַל „פאַרבאַנד". אָפיס: 32 יוניאָן סקווער, ניו־יאָרק.

ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע. — אַ נאציאָנאַל־פאשיסטישע, בירגערלעכע אָרגאַניזאַציע, אָר־גאניזירט אין 1897 און רעאָרגאניזירט אין 1918. איר ציל איז צו דעראָבערן פּאַלעסטינע מיט דער הילף פון בריטישן אימפּעריאַליזם און שאפן דאָרטן אַ אידישע מלוכה. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע האָט דערצו נאָך די „גרויסע מעלות" פון געוויסנלאָזער פּאָ־ליטיק־טרייבעריי, פון האָבן צווישן זיך פירער, וואָס זע־נען ענג פאַרבונדן מיט דער ברודיגסטער פּאָליטישער מאשין, טעמעני־האָל, פון האָבן הינטער זיך אַ „גאָל־דענע קייט" פון אינטריגעס און שאכער־מאכעריי. דער איינפלוס פון דער ציון־אָרגאַניזאַציע אויף די אידישע מאסן אין אַמעריקע, נאָך אַ טעטיקייט פון 35 יאָר, און אין באַטראַכט, אַז אַלע אידישע בירגערלעכע און קליינ־בירגערלעכע צייטונגען — דער „פאָרווערטס" אריינגע־רעכנט — זיינען גאַנצע, אָדער האַלבע אָפיציאָזן פון ציוניזם — איז זייער קליין. דער ציוניסטישער אָפיס גיט אַליין אָן אַז די צאָל פון זיין מיטגלידערשאַפט — שקל־צאָלער, איז 65,000. פון די מאָנאַטלעכע און צוויי וועכנטלעכע צייט־שריפטן וואָס זי האָט געהאַט מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט זי איצט נאָר איין איינציקע וואָכן־צייטונג אין ענגליש — „דהי ניו פּאַלעסטיין". די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז דער פאַרביסנסטער שונא פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג. זי איז אַ רינג אין דער קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער קייט אַנטקעגן דעם סאָוועטן־פאַר־באַנד. אירע טוער און פירער קלערן אויס אַלע מינים שקרים אויף דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין בירא־בידזשאַן און קעגן דעם איקאָר. הויפּט־באַאַמטע: ערן־פּרעזידענט — דזשאָדזש דזשוליאַן וו. מעק. פּאָרזיצער: ראָבערט סזאָלד; וויצע־פּאָרזיצער: רבי הלל סילווער. הויפּט־אָפיס: 111—5טע עוו., ניו יאָרק.

צעירי־ציון. — „די ציוניסטישע אַרבעטער פּאַרטיי פון אַמעריקאַ", ווי זיי רופן זיך, — אין דער אמת'ן: אַ יונגנט אויפלאַגע פון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אָרגאַניזירט אין 1921. אין סוף 1931 זיך צענויפגעשמאָלצן מיט די פועלי ציון (זע).

שלום־עליכם פאָלקס־אינסטיטוט. — אַ קליינ־בירגערלעכע, נאציאָנאַליסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס גיט זיך אָפּ מערסטנס מיט אידישע קינדער שולן. גע־גרינדעט אין 1916 מיט דעם ציל צו גרינדן אידישע וועלטלעכע שולן און דערציען די קינדער אין אַ ראַדי־קאַלן, „אַרבעטער־פריינטלעכן" גייסט. דער אינסטי־טוט האָט פאַר דעם צוועק קיינמאָל ניט געהאַט קיין שאַרף געצייכנטע פּראָגראַם. די פאַרשידענע עלעמענטן פון אינסטיטוט האָבן בעסער פאַרגעצויגן צו איבערלאָזן די פּראָגראַמען אין די הענט פון די לערער. און זיי, די לערער, זיינען אויך אַליין געווען „נקודים, עקודים וברודים" — אַ דור־הפלגה פון אָפּענע, אויסגעשפּראָ־כענע נאַציאָנאַליסטן, ליבעראַלן און סאָציאַל־דעמאָ־קראַטן פון פועלי־ציוניסטישן שניט און אַפילו אייניקע אויך שוין אָנגעשטעקט מיט קאָמוניסטישע טענדענצן. אייניקע פירער פון אינסטיטוט האָבן נאָך אָט די דאָזיקע פּראָגראַם־און־ריכטונג־לאָזיקייט געמאַכט פאַר אַ טוגנט און געגרויסט זיך מיט טאָלעראַנץ און „ברייטן" בליק. דער רעזולטאַט איז אָבער געווען איינער — אַ באַלע־באַטיש־נאַציאָנאַליסטישע העגעמאָניע. פון די ראַדי־קאַלע פראַזן און „אַרבעטער פריינטלאַכן גייסט" איז געוואָרן אַ דערנענטערונג צו דעם פאַרבאַלעבאַטישטן און סאָציאַל־פאשיסטישן אַרבעטער־רינג, אַזוי, אַז צווישן די ביידע טיפּן שולן איז שוין נאָר קיין חילוק נישטאָ. דער אינסטיטוט האָט אויך צוויי קינדער קעמפּס, אַלט און ניי־בויבעריק פאַר די זומער מאָנאַטן. די שלום עליכם שולן זיינען מערסטנ־טיילס אין ניו־יאָרק. הויפּט אָפיס: 133־2טע עוו. ניו־יאָרק.

# אידישע פראַטערנאַלע אָרדנס אין אַמעריקע

אידישער נאַציאָנאַלער ארבעטער־פאַרבאַנד.—א נאַציאָנאַליסטיש־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין וועלכער עס זיינען אויך דאָ א קליינע צאָל ארבעטער. געגרינדעט אין 1912 יאָר. הויפּט־טעטיקייט פון דעם אָרדן איז אויף דעם פּאַלעסטינע געביט. האַלט אויף א רייע קינדער שולן מיט אַן אויסגעשפּראָכענעם נאַציאָנאַליסטישן כאַראַקטער. פּאָליטיש איז דער „פאַרבאַנד" פאַראייניקט מיט דעם „פּאָרווערטס" און דער ס. פּ. און לאָזט הערן זיין קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן קול, ווען עס איז נאָר פאַראַן די געלעגנהייט. דער אָרדן האָט ארום 139 ברענטשעס מיט א מיטגלידערשאַפט פון 7615. מאָנאַטלעכער זשורנאַל — די „ארבעטער־שטימע. הויפּט אָפיס: 228 איסט בראָדוויי, ניו־יאָרק. נאַציאָנאַלע באַאַמטע: פּרעזידענט, מאיר בראַון. סעקרעטאַר, ל. סיגאַל.

---

אינדעפּענדענט אָרדער ברית אברהם. דער צאָלרייכסטער אידישער באַלעבאַטישער אָרדן. געגרינדעט אין יאָר 1887 אין אָפּאָזיציע צו דעם אַלטן אָרדן ברית־אברהם, מיט זיינע אַלט־מאָדישע פירונגען, אָבער דער אינדעפּענדענט אַליין איז אויך א צדקה־פּושקע אָרגאַניזאַציע. פאַר די לעצטע פינף יאָר האָט דער אָרדן פאַרלאָרן ארום 35 טויזנט מיטגלידער. די צאָל מיטגלידער איז שוין איצט ארום 80 טויזנט. די ארבעטער עלעמענטן וואָס האָבן אַמאָל צו אים באַלאַנגט זיינען אין גאַנצן צערונען געוואָרן. דער אָרדן האָט ארום 350 ברענטשעס. גראַנד־מאַסטער — איזידאָר אַפּעל און סעקרעטאַר — מאַקס ל. האָלענדער.

---

אינדעפּענדענט אָרדער ברית־שלום. א באַלעבאַטישער אָרדן. געגרינדעט אין 1905 יאָר. ארום 25 טויזנט מיטגלידער, די גרעסטע צאָל אין פילאַדעלפיע. גרויסמייסטער איז א. ס. קאָנענגיסער. סעקרעטאַר, מאַרטין א. ליוויי.

---

אינדעפּענדענט ארבעטער רינג. האָט עקזיסטירט פון 1906 ביז סוף 1931, ווען זיינע פירער האָבן באַשלאָסן אים אויפצולייזן. אויף אים האָבן די קלאַסנבאַוואוסטזיניקע א י ד י ש ע ארבעטער געפּרוּווט צו רעוואָלוציאָניזירן און ארויספירן אים אויפן שליאַך פון קלאַסן־קאַמף. די אינדעפּענדענט פירער האָבן אָבער באַשלאָסן בעסער צו פאַרניכטן דעם אָרדן ארום וועלכן זיי האָבן זיך געקהל'ט ארום 20 יאָר, איידער אים לאָזן ארויפניין אויף א רעוואָלוציאָנערן וועג. צום מאָמענט פון זיין אויפלייזונג האָט דער אָרדן אָפיציעל פאַרמאָגט פיר טויזנט מיטגלידער, וועמען די פירערשאַפט זוכט אריינצוגיסן אין ארבעטער רינג.

אינדעפּענדענט וועסטערן סטאַר: א באַלעבאַטישער אָרדן אין וועלכן ס'גייען אריין אויך עלטערע ארבעטער. אָרגאַניזירט אין 1894. טעטיק אויך געזעלשאַפטלעך אויפן געביט פון רעליף און לעצטנס דורכגעפירט א דעמאָנסטראַציע קעגן די פּאָגראָמען אין פּוילן. מיטגלידערשאַפט ארום 20 טויזנט, די גרעסטע צאָל אין שיקאַגאָ און סט. לואיס.

---

ארבעטער רינג. — געגרינדעט אין 1900 יאָר פון סאָציאַליסטיש געשטימטע ארבעטער, מיט א סאָציאַליסטישער פּרינציפּן־דערקלערונג, געשפּילט אין משך פון צוויי צענדליק יאָר א וויכטיקע ראָלע אין דער אָרגאַניזירונג פון די אידישע ארבעטער מאַסן, טראָץ די שטייגנדע קליינבירגערלעכע טענדענצן פון די פירער און זייער אימה צו פאַרלירן זייערע בכבוד'יקע פּלעצער אין דער נאַציאָנאַלער פאַרוואַלטונג. אָבער די סאָציאַלע איבערשיכטונג פון דער מיטגלידערשאַפט און די פאַרמערונג און אקטיוויזירונג פון די באַסישע און ביוראָקראַטישע עלעמענטן האָבן סוף כל סוף פאַר'סמ'ט זיין אָרגאַניזם ביז ער האָט זיך דערקייקלט צו א קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער פּאָזיציע. די רעוואָלוציאָנערע ארבעטער עלעמענטן האָבן צען יאָר געפירט אַן עקשנות'דיקן קאַמף ארויסצורייסן דעם אָרדן פון דער באַסישער אידעאָלאָגיע און פון אונטער דער העגעמאָניע פון „פאָרווערטס" און דער ס. פּ. סוף כל סוף האָבן טויזנטער רעוואָלוציאָנערע ארבעטער פאַרלאָזן דעם אָרדן. זיי האָבן ניט געקאָנט צוזען ווי מיט זייער אייגענע בלוטיקע צאָלונגען ווערן געשטיצט די יוניאָן־רעקעטירס, זייערע ערנסטע שונאים. ווי ס'ווערן געשטיצט די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן פון אבראַמאָוויטש'ס חדר; ווי די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע האָט געשטעלט דעם גאַנצן אַפּאַראַט פון אָרדן אין דינסט פון דעם „פאַרבאַנד" און זיין „וועקער". פון יענער צייט אָן קייקלט זיך דער א. ר. כמעט אויף אַלע געביטן באַרג אַראָפּ. פון א מיטגלידערשאַפט פון 84.477 אין 1924 איז צום סוף 1930 געבליבן 70.638, און דאָס איז נאָך אַלע אָנשטרענגונגען צו פאַרדעקן די מפּלה, דורך אריינעמען די פרויען פון די מיטגלידער.

דער דורכשניטלאַכער עלטער פון דער מיטגלידערשאַפט איז איצט ארום 42 יאָר — נאָר עטלעכע הונדערט זיינען ווייניקער ווי 25 יאָר. וואָס איז דער וואונדער, וואָס די שטערבלאַכקייט אין די רייען פון א. ר. פאַרן יאָר 1930 האָט דערגרייכט צו — 515! דאָס מאַכט אויס 7.3 אויף יעדע טויזנט מיטגלידער. ערשט מיט 10 יאָר צוריק איז די ראַטע געווען 3.6 געשטאָרבענע אויף יעדן טויזנט פון די מיטגלידער. דער באַרג אַראָפּ איז אָבער ניט נאָר קיין פיזישער. קולטורעל איז דער באַדייט פון א. ר. נאָענט צו נול. פון זיין

גאנצער פארלאג־טעטיקייט מיט וועלכער ער האט זיך אין זיינע „גוטע קולטור־יאָרן" געגרויסט, זיינען פאר די לעצטע יאָרן דערשינען נאָר עטלעכע בראשורן, דער זשורנאל „אונזער שול"—אלץ אויפן שול געביט—און דער מאָנאטלעכער „פריינד", וועמען עס איז איצט שווער אפצוטיילן פון זיין לייבלעכן ברודער — דעם „וועקער". זיינע כאָרן און דראמאטישע גרופן — ניט נאָר זיינען זיי ניט פארמערט, אָדער פארגרעסערט געוואָרן, נאָר זיי זיינען געוואָרן פארקלענערט און איינגעדארט. די צאָל פון די קינדער שולן אויף וועלכע ס'ווערט אויסגעגעבן 100 פראצענט מער פון דעם פארגרעסערטן שול־טעקס, איז געבליבן שטיין אויף דעם זעלבן אָרט פאר די לעצטע פינף יאָר. זייער צאָל איז 103, אנדערע פון זיי אין א שווינדזיכטיקן צושטאנד. רי שולן פון א. ר. גופא — נאציאָנאל־באלעבאטיש. די צוואנציג יונגט ברענטשעס וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרן, אין פארלויף פון 2 יאָר, נאָך אזוי פיל אָנשטרענגונגען זיינען ניט זייער געראטן. דער דורכפאל פון דער ארבעט איז אזוי גרויס, לויט די שווערע טויזנטער וואָס זיינען אָפ איר אויסגעגעבן געוואָרן, אז די פראגע שטייט איצט וועגן איינגאנצן אויפגעבן די ארבעט. ניט קיין קלענערער דורכפאל איז די ארבעט אין די יוגנט־קלובן. אין אלע 95 קלובן זיינען אריינגעצויגן געוואָרן 1743 קינדער — אין דורכשניט הייסט עס 18־19 קינדער אין א קלוב. דער סאנאטאָריום האט געהאט אין 1930 — 61 פאציענטן, שוין מיט ניט־מיטגלידער. פונדעסטוועגן זיינען די הוצאות פון סאנאטאָריום געווען פאר דעמזעלבן יאָר $131,409, איבערלאָזנדיק א דעפיציט פון $10,185.31. עס האט זיך שוין דעריבער אויפגעהויבן א פראגע וועגן אויפגעבן איינגאנצן דעם „לוקסוס". פאר א העלפט פון דער סומע וואָלט מען געקענט אויסהאלטן אזא קליינע צאָל מיטגלידער־פאציענטן אין די בעסטע קורערטער. די גרעסטע געפאר פאר'ן א. ר. קומט אָבער פון די ווייטערדיקע שפאלטונג פראָצעסן, וואָס מוזן פאָרקומען אין פארלויף פון דער נאָענטסטער צייט. די ארבעטער־עלעמענטן, וואָס זיינען געבליבן, מוזן זיך צוזאמענשטויסן אלץ אָפטער און אָפטער מיט דער סקעב־פירערשאפט פון די באָסעס־פארוואלטער (מעשה פעטערסאָן) און מוזן בייטראגן צו דער ווייטערדיקער צעשטויבונג פון דעם סאָציאל־פאשיסטיש געפירטן אָרדן. דער פאָנד פאר'ן מושב זקנים האט באטראָפן צום סוף פון 1930 — $153,720. איבער טויזנט זקנים מיטגלידער אין עלטער פון איבער זעכציג יאָר, זיינען שוין געווען לעצטן יאָר אין ארבעטער רינג. הויפט־באאמטע: נ. כאניו, נאציאָנאלער טשערמאן; י. באסקין, גענעראל סעקרעטאר און רעדאקטאָר פון „פריינד". הויפט אָפיס: 175 איסט בראָדוויי, ניו־יאָרק.

אָרדער אָוו טרו סיסטערס: דער עלטסטער אידישער בירגערלאכער פרויען אָרדן אין אמעריקע און אין דער וועלט. געגרינדעט אין 1846. מיטגלידערשאפט עטוואָס איבער 12 טויזנט, די גרעסטע צאָל פון דייטש־אידישע בירגערלעכע הײמען, 27 לאָדזשן. הויפט־טעטיקייט, קעגנזייטיקע הילף און צדקה. די איצטיקע פירערין פון דעם אָרדן איז פעני מארקס. אָפיס: 309 וועסט 109 סט. ניו יאָרק. מאָנאטלעכער אָרגאן „די עקאָ".

---

בני־ברית. דער עלטסטער אידישער בירגערלעכער אָרדן. געגרינדעט אין 1843. געשפילט אמאָל א באדייטנדע ראָלע אין „אָרגאניזירן די געזעלשאפטלעכע מיינונג", געוויינלעך אויפן שתדלניש אופן, קעגן די רדיפות אויף אידן אין די פארשידענע לענדער. ער איז צעטיילט אין 14 דיסטריקטן פון וועלכע 7 געפינען זיך אין אמעריקע און 7 אין אנדערע לענדער פון אייראָפא. זיין סאָציאלער באשטאנד נעמט אריין מעסטנטיילס די אידישע גרויס־בורזשואזיע, א טייל פון די רעפאָרמירטע אידישע רבנים און ארויפגעארבעטע אינטעלעקטואלן. דער אָרדן איז דער טעטיקסטער און איינפלוסרייכסטער פון אלע אנדערע אידישע בירגערלעכע אָרדנס, הגם ער באזירט זיך ניט פיל אויף קעגנזייטיגער הילף. (מערסטנטיילס פון די מיטגלידער זיינען פארזאָרגטע) אָרגאניזירט אין די גרעסטע צאָל אוניווערזיטעטן, כלל־פאונדיישאָנס, פאראייניקונגען פון אידישע סטודענטן, אנטי־בלבולים ליג, א מעקסיקאנער ביוראָ, א. צ. א. — יתומים־הייזער און מושב־זקנים. גיט זיך אָפ מיט „אמעריקאניזאציע" און גיט ארויס דעם „בני־ברית מעגעזין" אין ענגליש. צו דעם אָרדן באלאנגען ארום 50 טויזנט מיטגלידער אין אמעריקע מיט 617 ברענטשעס און ארום 25 טויזנט אין אייראָפא. ס'איז געווען א צייט שוין ווען די מיטגלידערשאפט פון די „בני־ברית" האט דערגרייכט די ציפער פון 150 טויזנט. הויפט־אָפיס: 40 עלעקטריק בלדג., סינסינעטי, א. דר. י. מ. רובינאָוו, סעק. — טרעזשורער, יעקב סינגער, פילאדעלפיע.

---

ברית אברהם: א בירגערלעכער אָרדן, געגרינדעט אין 1859 פון דייטשע און עסטרייכיש־גאליציאנישע באלעבאטישע אידן. אין די לעצטע צוויי צענדליק יאָר גייט ער כסדר בארג אראָפ. פון זיין מיטגלידערשאפט וואָס האט אמאָל דערגרייכט נאָענט צו 150 טויזנט איז שוין איצט נישטאָ אפילו קיין 15 טויזנט. קיין לעבן, קיין טעטיקייט. הויפט־אָפיס: 266 גרענד סט. 60, ניו־יאָרק. מאָריס גרין, גרויסמייסטער און ג. וו. לייזערסאָן סעק.

---

בני ציון: אויסגעשפראָכענער ציוניסטישער אָרדן

און א טייל פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. געגרינדעט אין 1907 יאָר און פאַרמאָגט 3260 מיטגלידער, צעטיילט אין אַרום 50 ברענטשעס. באַשטייט מערסטנס פון ביזנעס לייט, העברייאישע לערער און פּראָפעסיאָנאַלס. הויפּט־אָפיס: 1133 בראָדוויי, ניו־יאָרק.

---

יונייטעד היברו בראָדערס: אָרגאַניזירט אין 1915. טעטיקייט א באַשרענקטע. מיטגלידערשאַפט א באַלעבאַטישע און א קליינע. הויפּט־אָפיס: 174־2טע עוו., ניו יאָרק.

---

נייטס אָוו דזשאָזעף: א באַלעבאַטישער אָרדן פאַר קעגנזייטיקע הילף. אָרגאַניזירט אין 1896. מיטגלידערשאַפט אַריבער 10 טויזנט. צעטיילט אין אַרום 70 לאָדזשעס. הויפּט־אָפיס: 1022 ענזשענירס בילדג. קליוולאַנד, אָהייאָ.

---

פרי סאָנס אָוו איזראעל: א באַלעבאַטיש רעאַקציאָנערער אָרדן. אָרגאַניזירט אין 1849. מיטגלידערשאַפט אַרום 6 טויזנט, צעטיילט אין צוויי דיסטריקטן און אַרום 80 לאָדזשעס. הויפּט־טעטיקייט אַמעריקאַניזאַציע און פּאַטריאָטישע פּראָפּאַגאַנדע. פאַרמאָגט א קאַפּיטאַל פון איבער 2 מיליאָן. גרענד סעקר. הענרי היימאַן. אָפיס: 257 וו. 93טע סט., ניו־יאָרק.

---

פרי סאָנס אָוו בענדזשאַמין: אַן אָרדן ספּעציעל געגרינדעט ווי א מין סוב־איידזשענסי פאַר לעבנס־פאַרזיכערונג. יעדער מיטגלידער איז פאַרזיכערט פון דער מעטראָפּאָליטאַן לאַיף אינשורענס קאָ. געגרינדעט אין 1897 יאָר. אַרום צוויי טויזנט מיטגלידער. קיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אָדער לעבן.

---

פרי סאָנס אָוו דייוויד: א באַלעבאַטישער אָרדן פאַר קעגנזייטיקע הילף. אָרגאַניזירט אין 1905 יאָר. מיטגלידערשאַפט אַרום 1000. אָפיס: 398 מאַרקעט סט., מעקיספּאָרט, פּענסילווייניא.

---

פּראָגרעסיוו אָרדער אָוו די וועסט: א קליינער, אָבער טעטיקער אָרדן פון א באַלעבאַטישן כאַראַקטער, מיט א קענטיקער צאָל צוריקגעשטאַנענע, עלטערע אידישע אַרבעטער. מיטגלידערשאַפט אַרום 20 טויזנט. באַטייליקט זיך אין אַלע אידישע נאַציאָנאַליסטישע קאַמפּאַניעס. לעצטנס אָרגאַניזירט דעמאָנסטראַציעס קעגן פּאָגראָמען אין פּוילן. הויפּט־פעלד מיזורי, אייאָווא, נעבראַסקא און אילינאָי. גרענדמאַסטער איז סעמועל עפּשטיין.

## אידישע אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע

אידישער אַרבעטער אוניווערזיטעט: א פּראָלעטאַרישע קלאַסן שולע פאַר אידישע אַרבעטער. געגרינדעט אין 1926. דער ציל פון דער שולע איז א טאָפּעלטער: ערשטנס — צוגרייטן אינטעליגענטע, קלאַסנבאַוואוסטע טוער פאַר אַלע צווייגן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג; צווייטנס — צוצוגרייטן לערער פאַר די קינדער־שולן פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־אָרדן. דער ערשטער דערמאָנטער קורס ציט צו אין דער שולע א גרויסע גרופּע סטודענטן. די געגנשטאַנד אין דעם קורס זיינען: אידיש, ענגליש, פּאָליטישע עקאָנאָמיע, עקאָנאָמישע געאָגראַפיע און אימפּעריאַליזם, מאַרקסיזם־לעניניזם, פילאָזאָפישע און היסטאָרישער מאַטעריאַליזם, געשיכטע פון די דריי אינטערנאַציאָנאַלן, געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָלוציע, געשיכטע פון די אַמעריקאַנער טרייד־יוניאָנס, אַמעריקאַנער געשיכטע, די אינטערנאַציאָנאַלע טרייד־יוניאָן באַוועגונג, פּראָבלעמען פון די אַמעריקאַנער טרייד־יוניאָנס, די פראַטערנאַלע אַרבעטער־באַוועגונג און איר ראָלע אין דעם קלאַסן־קאַמף. אויסער דעם איז פאַראַן א קורס פאַר אָרגאַניזאַציע סעקרעטאַרן. אין דעם צווייטן קורס — לערער פאַקולטעט קומען צו אָבליגאַטאָריש פאָלגנדיקע געגנשטאַנדן: וועלט־געשיכטע, וועלט־ליטעראַטור, אידישע געשיכטע, אידישע ליטעראַטור, נאַטור־וויסנשאַפט, דערציאונג און קינדער־פּסיכאָלאָגיע און שולפּראַגן. עס איז א שולע, ווי דער פּראָספּעקט פון דעם אוניווערזיטעט דריקט זיך אויס, „וואָס גרייט צו קלאַסנבאַוואוסטע קעמפערישע טוער און פירער, וואָס קומען אַליין פון די פאַבריקן און ווארשטאַטן און זיינען דורכגעדרונגען מיט דער פּראָלעטאַרישער קלאַסן־אידעאָלאָגיע"... דער א. א. א. האָט צוויי הונדערט רעגולערע סטודענטן און צוויי און צוואַנציק לערער. א חוץ דעם באַזוכן דעם אוניווערזיטעט 120 צוהערער פאַרן קורס פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן, ווי אויך דריי קורסן אין אידישע אַרבעטער קלובן אין „גרונט פּרינציפּן פון קאָמוניזם" און „מאַרקסיזם־לעניניזם". בכלל איז דער עלעמענט פון די צוהערער אין דער שולע א יונגער, דאַרשטיקער נאָך וויסן און רעוואָלוציאָנערער. עס זיינען אין גאַנצן אַפּוועזנד די ריין־אַקאַדעמישע טיפּן אָדער בוך־וואָרעמס. אין דעם אידישן אַרבעטער אוניווערזיטעט קומט דער אַרבעטער גלייך פון שאַפּ, אָדער פון פּיקעט־ליין, אָדער גאָר פון דעם אַרבעטער־מיטינג, אָדער דעמאָנסטראַציע. דאָס לערנען איז ניט אָפּגעריסן פון דעם טאָג־טעגלעכן קאַמף, נאָר פאַרקערט —

ענג פֿאַרבונדן מיט אים. הויפּט־באַאַמטע: וו. באום, דירעקטאָר. פּ. טשערנער, סעקרעטאַר. אַדרעס: 108 איסט 14־טע סט., ניו יאָרק.

---

די אידישע אַרבעטער־קלובן אָרגאַניזאַציע: אַ לינקע, רעוואָלוציאָנער געשטימטע און זייער אַקטיווע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, פֿאַרשפּרייט אין אַלע גרעסערע שטעט אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, וואו עס זיינען נאָר דאָ אידישע אַרבעטער. די פֿירערשאַפט פֿון די אידישע אַרבעטער־קלובן איז שטאָלץ מיט דעם פֿאַקט, וואָס זי שטייט אידעאָלאָגיש אונטער דער פֿאָן פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און באַטייליקט זיך דאַריבער אין אַלע קאַמפּן און קאַמפּאַניעס וואָס די פּאַרטיי נעמט אונטער. די קלובן האָבן זיך גענומען גרינדן אין 1927, נאָך אין סאַמע רעכטן ברען פֿון דער „קולידזש־פּראָספּעריטי“. זייער אויפֿגאַבע איז צו זיין זאַמל־צענטערס פֿאַר אידישע אַרבעטער, וואו זיי קאָנען אַריינקומען און לייענען אַ בוך, אַ צייטונג, הערן אַ לעקציע, באַטייליקן זיך אין אַ דיסקוסיע, שפּילן שאָך, דאַמקע, דאָמינאַ, פֿאַרברייננגען באַ אַ גלעזל טיי און הויפּטזעכלעך רעקרוטירונגס־פּלעצער פֿאַר די רעוואָלוציאָנערע יוניאָנס און פֿאַר דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. ניט קיין וואונדער וואָס די קלובן זיינען פֿול אין די אָוונטן און קאָכן מיט יוגנט און אַקטיוויטעט. דער הויפּט איז דאָס דער פֿאַל מיט די בראָנקסער קלובן אין ניו־יאָרק. זיי זיינען ווי די בינשטאָקן. אַן אומאויפֿהערלעכער שפּרודל. פֿאַרשידענע אַקטיווע סעקציעס האָבן זייערע מיטינגען. אַרבעטער דערציילן זייערע דערפֿאַרונגען. דאָ און דאָרטן גייען אָן לעבעדיקע דיסקוסיעס. אין איין ווינקל אָרגאַניזירט זיך אַ נייע סעקציע, אין אַ צווייטן — מאַכט די דראַמגרופּע אַ שטילע פּראָבע, אַרבעטער זינגען, אַרבעטער שפּילן. די ניו־יאָרקער אידישע אַרבעטער קלובן רעכענען זיך בכלל פֿאַר די בעסט־אַוועקגעשטעלטע און צאָלרייכסטע. זיי זיינען פֿאַרטראָטן אין דעם שטאָטישן קלובן־קאָמיטעט, וואָס פֿירט אָן מיט דער אַלגעמיינער טעטיקייט פֿון די קלובן. דער ניו־יאָרקער שטאָטישער קלובן־קאָמיטעט איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין 1928 און האָט איצט אונטער זיך 24 קלובן מיט אַ מיטגלידערשאַפֿט פֿון 3.500. כמעט יעדער קלוב האָט אַ רייע אַקטיווע סעקציעס אויף פֿאַרשידענע געביטן. די סעקציעס זיינען פֿאָלגנדיקע: פּ אָ ל י ט־ס ע ק צ י ע — די אויפֿגאַבע פֿון די מיטגלידער אין דער סעקציע איז צו זאַמלען מאַטעריאַלן, אינפֿאָרמאַציעס און אָריענטירונגען אין פֿאַרשידענע סאָציאַלע און פּאָליטישע פֿראַגן. זיי דאַרפֿן דאָס טאָן די אויפֿקלערערישע אַרבעט צווישן די איבעריקע מיטגלידער פֿון קלוב. די טענדענץ אין די קלובן איז אויסצומיידן אין אַ סך פֿאַלן דעם פּראָפֿעסיאָנעלן לעקטאָר און צוגרייטן פֿון צווישן די מיטגלידער גענוג פֿייאיקע אַרבעטער, וואָס זאָלן געבן אַ טאָן אין פּאָליטישע און סאָציאַלע פֿראַגן, איינלייטן דיסקוסיעס, עפֿענען אָפּן־פֿאָרומס, אָרגאַניזירן קעסטל אָוונטן, אָנפֿירן דעבאַטן און הויפּטזעכלעך פּראָפּאַגאַנדירן די קאָמוניסטישע אידייען סיי אין קלוב גופֿא און סיי אויסער דעם קלוב — אויף „אָפּן־עיר“־מיטינגען (גאַסן־פֿאַרזאַמלונגען.) ניט אין יעדער קלוב פֿונקציאָנירט אַזאַ פּאָליט. סעקצע און ניט יעדע פּאָליט.־סעקציע איז אויף דער סאַמע הייך פֿון איר אויפֿגאַבע, אָבער אין גאַנצן און אין גרויסן לאָזן זיך שוין די פּאָליט.־סעקציעס פֿילן אין די פֿאַרשידענע קאַמפּאַניעס, וואָס די קאָמוניסטישע פּאַרטיי נעמט אונטער און וואָס די קלובן אַליין טוען פֿאַר פֿאַרגרעסערן זייער מיטגלידערשאַפֿט. טיילווייז אַ דאַנק דער אַרבעט פֿון די פּאָליט.־סעקציעס האָבן די ניו־יאָרקער קלובן דורכ׳ן יאָר אַריינגענומען איבער טויזנט נייע מיטגלידער און דורך די קלובן אַכציק מיטגלידער אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. די פּאָליט.־סעקציעס האָבן אויך פֿיל מיטגעהאָלפֿן אין דער קריסטאַליזירונג פֿון דער אַקטיווער רעוואָלוציאָנערער אידעע אין די קלובן. אויף אַזאַ אופֿן האָבן זיך די אידישע אַרבעטער־קלובן באַטייליקט אויף אַן אָרגאַניזירטן אופֿן אין דער אַנטי־ציון קאַמפּאַנע און אָפּגעשלאָגן אַלע פֿאַשיסטישע אַטאַקעס פֿון די אימפּעריאַל־ציוניסטן. זיי האָבן מאָביליזירט זייערע מיטגלידער אין די באַרימטע הונגער־מאַרש־צוגן קיין וואַשינגטאָן און אָלבאַני. זיי האָבן געזאַמלט זעקס טויזנט אונטערשריפֿטן פֿאַר דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין די ניו־יאָרקער שטאָט־וואַלן פֿון 1931. אַזעלכע פּאָליט.־סעקציעס אין די ניו־יאָרקער קלובן זיינען פֿאַראַן פֿערציק מיט אַן אַקטיוו פֿון אַרום הונדערט באַטייליקער. ד ר א מ ס ע ק צ י ע: די גרעסטע צאָל פֿון די קלובן האָבן אַזאַ סעקציע. איר אויפֿגאַבע איז אויסצונוצן די טאַלענטירטע מיטגלידער אויפֿן געביט פֿון דעקלאַמאַטאָרישע און שוישפּילערישע קונסטן און אָרגאַניזירן זיי פֿאַרן קאָלעקטיוון שפּיל. דער מאַנגל אין ספּעציעלע אַרבעטער שפּילן, צוגעפּאַסט פֿאַר אַזעלכע דילעטאַנטישע פּערסאָנאַלן איז נאָך דערווייל זייער גרויס און עס שטערט אַ סך אָט די דראַמסעקציעס אין זייער אַרבעט. מעגלעך אויך, אַז די קוואַליטעט פֿון דעם שפּילן און פֿון דעם מאַטעריאַל איז נאָך ווייט פֿון זיין צופֿרידנשטעלנדיק אין אַ סך פּרטים, אָבער קוואַנטיטאַטיוו האָבן די דראַמסעקציעס פֿאַרן פֿאַרגאַנגענעם יאָר אויפֿגעטאָן פֿאַרהעלטנismעסיק פֿיל. זיי האָבן געהאַט איבער צ ו ו י י ה ו נ ד ע ר ט א ו י פֿ ט ר י ט ן, מיט אַן אוידיטאָריע פֿון 17,800 צושויער. די רעזשי פֿון די אַלע שפּילן איז אַ קאָלעקטיווע. עס ווערט אויסגעמיטן דער פּראָפֿעסיאָנעלער רעזשיסאָר, ניט נאָר דערפֿאַר, ווייל ס׳איז מאַטעריעל שווער פֿאַר די דראַמסעקציע אויסצוהאַלטן אַ רעזשיסאַר, נאָר אויך דערפֿאַר, וואָס די קאָלעקטיווע רעזשי ד ע ר צ י ט

מערער די מיטגלידער־שפּילער. אנטוויקלט בּאַ זיי אַ טיפערן אחריות־געפיל און איז טאַקע מער פּראָדוקטיווי אין דער אַרבעט. אין יעדן פאַל איז דאָס אַן אינטערעסאַנטער עקספּערימענט. פופצן אַזעלכע דראַמסעקציעס זיינען פאַראַן אין די ניו־יאָרקער קלובן, מיט אַ מיטגלידער אַקטיוו פון הונדערט און פופציק. ס פּ אָ ר ט־סעקציעס: די זיינען נאָך דערווייל ניט גענוג פּאָפּולער אין אַלע קלובן. עס זיינען פאַראַן אַרבעטער, וואָס קוקן קרום אויף דעם ספּאָרט ענין און האַלטן דאָס פאַר אַ בורזשואַזע עובדא. דאָס איז אָבער אַ טעות. פאַרוויילונגען זיינען נייטיק פאַר יעדן מענטשן, ספּעציעל פּ י ז י ש ע פאַרוויילונגען זיינען זייער נייטיק פאַר דעם אַרבעטער, וואָס אַנטוויקלט אייניקע אָרגאַנען פון זיין קערפּער צ ו פ י ל, אויפן חשבון פון אַנדערע אָרגאַנען, וואָס ווערן בּאַ אים פאַרלאָזן און אַטראָפירט. אַכט ספּאָרט־סעקציעס פאַרמאָגן די נ. י. אַרבעטער קלובן מיט אַן אַקטיווער באַטייליקונג פון איבער 100 מיטגלידער. מ אַ נ ד אָ ל י ן־ס ע ק צ י ע: דריי אַזעלכע זיינען נאָר דאָ אין די ניו־יאָרקער קלובן, מיט אַ באַטייליקונג פון 20 מיטגלידער. די סעקציע איז נאָך גאָר יונג און שטעלט נאָך די ערשטע טריט. אַזוי איז אויך די כ אָ ר־ס ע ק צ י ע נאָך גאַנץ יונג. אָט די כאָרן זיינען ניט קיין קאָנקורענטן מיט די פּרייהייטס־געזאַנגס־פאַראיינען. פאַרקערט — דער אידישער מוזיקאַלישער אַרב. פאַרבאַנד ניט פון צייט צו צייט הילף מיט ראַט און טאַט אָט די נייע אַרבעטער־כאָרן, פון וועלכע די פרייהייטס־געזאַנגס־פאַראיינען וועלן מיט דער צייט רעקרוטירן אַ היבשע צאָל מיטגלידער. פינף אַזעלכע כאָר־סעקציעס זיינען שוין אָרגאַניזירט מיט אַן אַקטיווער מיטגלידערשאַפט פון אַ הונדערט און פופצק. אָט די סעקציע האָט אַ גרויסע מעגלעכקייט צו פאַרבּרייטערן זיך אין יעדן קלוב און מאַכן זיין אַרבעט און גאַנצע אַטמאָספערע פיל פאַרביקער און אינטערעסאַנטער. אַ זייער וויכטיקע סעקציע אין די קלובן איז די „פּ ר ע ס ע א ו ן ל י ט ע ר א ט ו ר ס ע ק צ י ע". פופצן אַזעלכע סעקציעס מיט פינף און זיבעציק אַקטיווע מיטגלידער האָבן דורכגעפירט אַ גוט שטיקל אַרבעט פאַר דעם פאַרגאַנגענעם יאָר. זיי האָבן איינגעשטעלט רויטע ווינקלען, צו פאַרשפּרייטן די פּראָלעטאַרישע פּרעסע און ליטעראַטור. ניט אומזיסט האָט דער שטאָטישער קלובן קאָמיטעט באַקומען פון דעם „דעילי־וואָירקער" אַ פאָן, ווי אַ סימן פון אויסצייכענונג אויף דעם געביט. די מערסטע צאָל קלובן האָבן אויך ט י. י ו. י ו. ע ל.־ק אָ מ י ט ע ט ן, וואָס פּראָפּאַגאַנדירן די אידייען פון רעוואָלוציאָנערן יוניאָניזם. אַנדערע פון זיי (בראָנקסער אַרב. קלובן) אָרגאַניזירן אַליין גרופּן אַרבעטער און שליסן זיי אָן אָן דער „טרייד יוניאָן יוניטי ליג". בכלל אָבער טוען נאָך די קלובן ניט גענוג אויף דעם געביט, וואָס האָט געדאַרפט זיין איינער פון די וויכטיקסטע טעטיקייטן פון די אידישע אַרבעטער קלובן. פיל מערער טוען אויף די ר ע ל י ף ק אָ מ י ט ע ט ן פון די קלובן. עס איז ניטאָ קיין איין אַרבעטער־קלוב, וואָס זאָל ניט האָבן אַזאַ קאָמיטעט. מיט דער הילף פון די קאָמיטעטן זיינען געשאַפן געוואָרן באַדייטנדיקע סומעס (נעמענדיק אין אַכט דעם ביטערן קריזיס) פאַר די פאַרשידענע קאַמפּאַניעס פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער באַוועגונג. אַזוי, איז פאַר'ן יאָר 1931 געשאַפן געוואָרן פון די נ. י. קלובן אַליין $7.500. פאַר'ן „דעילי וואָירקער" — $2.000. גרעסערע סומעס זיינען אויך געזאַמלט געוואָרן פאַר די פאַרשידענע סטרייקן בכלל און פאַר דעם מיינערס סטרייק בפרט. דער ניו־יאָרקער שטאָטישער קאָמיטעט האָט אַ שעפטום איבער אַ קאָמוניסטישן בולעטין אין דער סאַוט. בכלל איז די רעליף־אַרבעט אַוועקגעשטעלט צופרידנשטעלנדיק. הגם אין דער אַרבעט פאַר'ן איקאָר האָבן נאָך די אַרבעטער־קלובן ווייט ניט אַנטוויקלט דעם געהעריקן באַלשעוויסטישן טעמפּ. די אַרבעטער־קלובן פירן אָן מיט אַ גרויסער אויפקלערונגס־אַרבעט, וואָס נעמט אַרום טויזנטער אַרבעטער. אין ניו־יאָרק אַליין איז דורכן יאָר דורכגעפירט געוואָרן פון די קלובן נאָענט צו טויזנט לעקציעס און דיסקוסיעס, אויף וועלכע טויזנטער אַרבעטער זיינען געוועזן אַנוועזנדיק. די נ. י. קלובן האָבן 12 ביבליאָטעקן און 53 וואַנט־צייטונגען. דער נ. י. שטאָטישער קלובן קאָמיטעט האָט איצט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַן אָרגאַן „דער אַרבעטער קלוב" (העקטאָגראַפירט) מיט אַ רייע ערנסטע אַרטיקלען, אין וועלכע די קלובן אַרבעט ווערט קריטיש אַנאַליזירט און אויסגעפאָרשט. דער אידישער אַרבעטער קלוב איז נאָך אַ יונגע אינסטיטוציע און האָט נאָך כמעט ניט אָנגערירט די הויז־פרוי פון אַרבעטער, וואָס מ ו ז ווערן אַריינגעצויגן אין קלוב־לעבן. ער האָט נאָך ניט קיין סעקציעס פאַר אַקטועלע ג ע ג נ ט־קאַמפּן קעגן י ק ר ו ת, פאַר רענט־רעדוצירונגען. ער דאַרף אויפוועקן יעדן ווינקל פון זיין געגנט אין וועלכן ער אָפּערירט פאַר סאָציאַלער פאַרזיכערונג און טאָר ניט דורכלאָזן קיין געלעגנהייט צו אָרגאַניזירן בלאָק און הויז־קאָמיטעטן, אָרגאַניזירן אַלע אַרבעטער פון געגנט דורך הויז־צו־הויז באַזוכן. דאָס זיינען אַלץ אויפגאַבן פאַר דער נאָענטער צוקונפט. די מיטגלידערשאַפט איבערן לאַנד איז 5,000 אין 35 קלובן. הויפּט אָפיס: 108 איסט 14טע סטריט, ניו יאָרק.

---

## אידישער מוזיקאַלישער אַרבעטער פאַרבאַנד.

— אַ פּראָלעטאַרישע און רעוואָלוציאָנערע פאַראייניקונג פון מוזיקאַלישע אינסטיטוציעס. אָרגאַניזירט אין 1924. ביז יענער צייט זיינען די עקזיסטירנדיקע פּראָלעטאַרישע כאָרן געווען אָפּגעריסן איינע פון די אַנ־

דערע, געבלאָנדזשעט יעדער איינער אויף באַזונדערע וועגן. אָרגאַניזירט זיך, עקזיסטירט עטלאָכע יאָר, אַנ־דערע האָבן אפילו געבליט אַ געוויסע צייט אום אין גיכן צו פאַרבליען און אפילו אָפּשטאַרבן. פאַר די לעצטע פינף און צוואַנציק יאָר האָבן זיך געגרינדעט צענדליקער ארבעטער־כאָרן אין אַמעריקע, אָבער זייער לעבן איז געווען קורץ. זייער אנטשטיין איז מערסטנס געווען פון אַ צופעליקן כאַראַקטער: ס'האָט זיך געיאַוועט פון ערגעץ אַ דירגענט, אַ געוויזענער משורר, אָפּטמאָל אפילו אַ באַהאַלטענער חזן, אַ פּיאַנאָ־לערער און אַמאָל טאַקע אַ באַגאַבטער מוזיקער מיט דירעקטאָרישע פייאַ־קייטן, האָט ער פאַראינטערעסירט אייניקע ארבעטער זינגער מיט וועלכע ער האָט זיך פאַרבונדן און אויפ־געבויט אַן „ארבעטער" כאָר. ס'איז אָבער געווען אַן ארבעטער־כאָר נאָר אין נאָמען און לויט דעם באַשטאַנד־טייל פון אַ טייל פון זיינע מיטגלידער. ס'איז אָבער ניט געווען קיין פ ר אָ ל ע ט אַ ר י ש ע ר כאָר, מיט אַ פּראָלעטאַרישן פּראָגראַמאַטישן ת ו ך, מיט אַ פּראָ־לעטאַרישן פּאַרמעסט און ציל. מ'האָט געזונגען „אַלץ אין דער וועלט", מערסטנס בורזשואַזע, אָדער נאַציאָ־נאַליסטישע לידער און גע'כשר'ט זיי מיט זינגען אויך די „מאַרסעליעזע", אָדער אפילו דעם אינטערנאַציאָנאַל, מיט נאָך עטלעכע עדעלשטאַט לידער צו פאַרבייסן. זעלטן ווען ס'איז אַנטשטאַנען אַן „ארבעטער" כאָר פון אונטן, פון די סאַמע טיפעניש פון ארבעטער־קאַמף און ארבעטער אויסדרוק, וואָס האָט זיך געקאָנט איינ־וואָרצלען אין דעם ארבעטער'ס לעבן און שטרעבן. אַזאַ זעלטנהייט איז געווען דער סאָציאַליסטישער ארבעטער־כאָר אין שיקאַגאָ, וואָס האָט זיך געגרינדעט נאָך אין 1914 פון פּראָלעטאַריער, ניט פון קיין דירגענט. הינטער אים זיינען געשטאַנען עטלעכע הונדערטער ארבעטער, באַוואוסטזיניקע פּראָלעטאַריער. ארום אים האָבן זיך פאַרבראַנירט עטלעכע צענדליק ציל־באַוואוסטע טוער, וואָס האָבן אים געבויט אויף אַזאַ אופן, אַז אַלע זיינע טרעפּ, וועגן און שטעגן זאָלן פירן צו דער רעוואָלוציאָנערער ארבעטער גאַס. דער צופאַל האָט נאָך געוואָלט, אַז גראַד ד ע ר ארבעטער־כאָר זאָל קריגן אַ פייאיקן, איבערגעגעבענעם דירגענט, וואָס איז אַליין אַן ארבעטער און איז דורכגעזאַפּט מיט דער ארבעטער־פּסיכאָלאָגיע און מיט זיינע אידייען. י ע ק ב ש י י פ ע ר, דער ערשטער, עכטער ארבעטער מוזיקער און דירגענט אין אַמעריקע איז געווען טאַקע דער ער־שטער דירגענט פון דעם אידישן סאָציאַליסטישן כאָר אין שיקאַגאָ. אויף אַזאַ אופן איז אַנטשטאַנען דער ערשטער אמת'ער אידישער ארבעטער־כאָר אין אַמע־ריקע, וואָס איז געקומען צו לעבן און צו פאַרבינדן זיך אויף שטענדיק מיט דער רעוואָלוציאָנערער ארבעטער־באַוועגונג. דער כאָר איז געשטיגן אין אַנטוויקלונג און איינפלוס און צוזאַמען מיט אים אויך זיין דירגענט, יעקב שייפער. אַ גאַנצע רייע גרעסערע און קלענערע קאָמפּאָזיציעס זיינען פון אים געשאַפן געוואָרן אין יענער פעריאָדע, קאָמפּאָזיציעס פון רעוואָלוציאָנערן שוואונג און סטיל, וואָס האָבן שייפערן ארייננגעפירט אין דער פּראָלעטאַריש־מוזיקאַלישער וועלט. דער כאָר האָט אויסגעהאַלטן זיין רעוואָלוציאָנערן עקזאַמען אין דער גאַנצער צייט פון דער וועלט־מלחמה. ער איז פאַר דער גאַנצער צייט געווען פיינטליך געשטימט צו די הורא־פּאַטריאָטן פון „פאָרווערטס" און דער ס"פ און ווי ס'איז נאָר פאַרגעקומען די ערשטע באַדייטנדיקע שפּאַל־טונג אין דער ס"פ און אַלע רעוואָלוציאָנערע ארבעטער עלעמענטן האָבן איר פאַרלאָזן, האָט אויך דער שיקאַ־גאָער ארבעטער־כאָר, זיך אָנגעשלאָסן אָן דער קאָמו־ניסטישער באַוועגונג. אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָר האָט שוין דער שיקאַגאָער פרייהייטס־געזאַנגס פאַראיין דערוואָרבן זיך אַ גאַנצע רייע ברידער־אָרגאַניזאַציעס, פרייהייטס־געזאַנגס־פאַראיינען, רעוואָלוציאָנערע אינ־סטיטוציעס פון ארבעטער־קלאַס. אָט די מוזיקאַלישע אינסטיטוציעס, מיט אַ פּראָלעטאַרישער נשמה זיינען אָבער געווען אָנפאַנגער, אָן דערפאַרונג, אָן אַ פּראָלע־טאַרישן רעפּערטואַר, אָן אַן אַלגעמיינעם פּלאַן פון אַר־בעט, אָן אַ פּראָגראַם און ריכט־שנור. די עקזיסטירנ־דיקע פּראָלעטאַרישע מוזיק־אינסטיטוציעס האָבן צווישן זיך ניט געהאַט קיין שום פאַרבינדונגען, אין בעסטן פאַל זיינען פאַרבינדונגען געווען פון אַ צופעליקן כאַ־ראַקטער. כדי צו באַזייטיקן אָט די אומשטענדן, האָט זיך אין 1924 געגרינדעט דער אידישער מוזיקאַלישער ארבעטער־פאַרבאַנד. זיין ציל איז צו פאַראייניקן אַלע עקזיסטירנדיקע אידישע ארבעטער־כאָרן און אָרקעס־טערס אין איין פאַרבאַנד, מיט איין רעוואָלוציאָנערן פּראָגראַם און ציל, מיט אַן אויסגעהאַלטענעם און שטענדיק־אָפּפרישנדיקן רעפּערטואַר, פאַר דעם צוועק צו פאַרשפּרייטן דאָס פּראָלעטאַריש ליד צווישן די פּראָלעטאַרישע מאַסן. דער קוק פון די ערשטע „אַר־בעטער"־כאָרן מיט דעם באַלעבאַטישן גאווה־שטאַנד־פּונקט פון „קונסט לשם קונסט" איז פון דעם אידישן מוזיקאַלישן ארבעטער פאַרבאַנד אינגאַנצן פאַרוואָרפן געוואָרן. געוויינלעך זיינען נאָך דאָ און דאָרטן פאַר־ראַן שיריים, רעשטלעך פון די פריערדיקע „ארבעטער"־כאָרן, אָדער גאָר פון באַלעבאַטישע געזאַנג פאַראיינען, אָבער ניט זיי גיבן דעם טאָן, ניט זיי האָבן וועלכן ס'איז אָנהאַלט אין די פרייהייטס־געזאַנגס־פאַראיינען פון דעם פאַרבאַנד. מיט דער צייט וועלן אַזעלכע עלעמענטן ווערן ארויסגעזיפּט. עס איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז דער פאַרבאַנד זאָל האָבן זיינע שטאַרקסטע מוזיקאַלישע אינסטיטוציעס אין נ י ו־י אָ ר ק, וואו ער האָט כאָר־אָפּטיילן אין בראָנקס, אין קאָאָפּעראַטיוו־געגנט און „דאַון־טאַון", מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון 270 ארבעטער־זינגער. יעקב שייפער דירגירט מיט אַלע דריי כאָרן אין ניו־יאָרק, ווי אויך מיט דעם כאָר אין נ ו א ר ק, וועלכער האָט 65 מיטגלידער. די איבריקע

„פרייהייט"־כאָרן וואָס זיינען אָנגעשלאָסן אָן דעם פאַרבאַנד געפינען זיך אין פּעטערסאָן — 50 מיטגלידער, דיריגענט — ל. מאַלאַמוט; פּאַסייק — 25 מיטגלידער, דיריגענט — ל. מאַלאַמוט; ניו־הייווען — 45 מיטגלידער, דיריגענט — ל. מאַלאַמוט; באָסטאָן — 70 מיטגלידער, דיריגענט ס. ציוּוקין; פאָל־ריווער — 40 מיטגלידער, דיריגענט — סאָרקין; פילאַדעלפיאַ — 60 מיטגלידער, דיריגענט מ. שיין; קליוולאנד — 60 מיטגלידער, דיריגענט — ה. העריק; טרענטאָ; — 30 מיטגלידער, דיריגענט — מ. שיין; מאָנטרעאַל — 40 מיטגלידער; דעטראָיט — 80 מיטגלידער, דיריגענט — נ. סאַמאַראָף. שיקאַגאָ — 60 מיטגלידער, דיריגענט — ז. נאַטפּריד; מילוואָקי — 50 מיטגלידער, דיריגענט — מיס ל. מילער; טאָראָנטאָ—60מיטגלידער, דיריגענט י. רינגהויפּט. לאָס־אַנדזשעלאָס — 60 מיטגלידער, דיריגענט י. וויינשטאָק. עס זיינען אויך אָנגעשלאָסן אָן דעם פאַרבאַנד זעקס פרייהייט מענדאָלין אָרקעסטערס. זיי געפינען זיך: אין ניו יאָרק—75 מיטגלידער, דיריגענט—י. שייפער; נוארק—25, דיריגענט — א. קריינים; לאָס אנדזשעלעס — 55 מיטגלידער; קליוולאנד — 25; טאָראָנטאָ — 25; שיקאַגאָ — 30 מיטגלידער. עס זיינען אויך אָנגעשלאָסן אָן פאַרבאַנד צוויי פרייהייט מוזיק שולעס — ניו יאָרק — 40 שילער (לערער ס. פּוירסטמאַן און ט. סאָקאָלאָוו) און לאָס אנדזשעלעס — 20 שילער (דירעקטאָר א. קענזער). ווען די שורות ווערן געשריבן גרייטן זיך אָט די אַלע געזאַנג־אינסטיטוציעס צו א צוזאַמענפאַל־קאָנפערענץ און צו א געמיינשאַפטלעכן ריזן־קאָנצערט פון 700 זינגער. די הויפּט־טוער פון דעם פאַרבאַנד קוקן אויף דעם צוזאַמענפאַל ווי אויף א וויכטיקן עטאַפּ אין דער אַנטוויקלונג פון די פרייהייטס־געזאַנג־פאַראיין. דער אידישער מוזיקאַלישער ארבעטער פאַרבאַנד האָט פאַר דער צייט פון זיין עקזיסטענץ ארויסגעגעבן צען קלענערע ארבעטער־קאָמפּאָזיציעס — זיבן פון זיי י. שייפער'ס שאַפונגען, די איבעריגע דריי — פאָלקס־מאָטיוון אראַנזשירט פון שייפער'ן. אָבער א דאַנק חבר שייפער'ס טעטיגקייט אין דער ארבעטער מוזיק־באַוועגונג און זיין לעבן אין דער אַטמאָספערע פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף איז אים געלונגען צו שאַפן גרויסע וויכטיגע פּראָלעטארישע אָראַטאָריעס פאַר „משיח בן־יוסף", פון ב. שטיימאַן, „די צוויי ברידער" פון י. ל. פּרץ, „צוועלף" פון אַלעקסאַנדער בלאָק, „קיין איינציקער שפּאַן", פון פּרץ מאַרקיש און פאַר דער „פּאָפּורי" פון „אָקטאָבער", וואָס אָטעמען מיט א מעכטיגן, רעוואָלוציאָנערן פּאַטאָס. יעדער קאָנצערט, וואו עס זיינען געזונגען געוואָרן אָט די באַדייטנדיגע שאַפונגען, איז געווען א פאַרבינער יום־טוב פאַר די רעוואָלוציאָנערע אידישע ארבעטער, און אָן איינדרוקספולע דעמאָנסטראַציע פאַר דער פּראָלעטאַרישער קונסט. צענדליגע טויזנטער אידישע ארבעטער האָבן באַזוכט אָט־די רעוואָלוציאָנערע קאָנצערטן און אריינגעזאַפּט אין זיך די נייע טענער פון קאַמף און דראַנג.

עס זיינען אויך א היבשע עטלעכע מאָל געזונגען געוואָרן פאַר טויזנטער ארבעטער־צוהערער שייפער'ס פריערדיגע גרעסערע ווערק — „מאַרטירער ־ בלוט", „בין השמשות" און „קירכן־גלאָקן". בכלל איז די ארבעט פון „פאַרבאַנד" ניט נאָר באַגרעניצט אויף די פרייהייט־געזאַנגס פאַראיינען און אָרקעסטערס. ער העלפט אויך די אידישע ארבעטער־קלובן אין דער אָרגאַניזירונג פון די קלובן־כאָרן אין זייערע רעפּערטואַרן. דאָס כאַפּט ארום א חוץ די איבער טויזנט מיטגלידער פון פאַרבאַנד נאָך עטלעכע הונדערט ארבעטער איבערן לאַנד, אויף וועלכע דער פאַרבאַנד איבט אויס אָן אָרגאַניזירטע השפּעה. אָבער דאָס איז נאָך אַלץ ניט גענוג. עס פילט זיך, אַז ס'איז געקומען די צייט, ווען דער מיזיראַרישער ארבעטער־פאַרבאַנד און אַלע זיינע אָפּטייקן זאָלן ערשטנס, מער צוזאַמענגיסן זייערע טעטיקייטן מיט די טאָג־טעגלעכע קאַמפן און קאַמפּאַניעס פון די קלאַסנבאַוואוסטע ארבעטער. צווייטנס — ניט פאַרשטאַרקן די אַמאָליקע טענדענצן אויפצופירן נאָר גרויסע, פאַרכאַפּנדיקע אָראַטאָריעס, וואָס גיבן טאַקע גענוג כבוד און גענוג זעלבסטבאַפרידיקונג אונזערע זינגער־חברים. אַזעלכע יום־טובים דאַרף מען געווים האָבן פון צייט צו צייט. אָבער די הויפּט־אויפגאַבע פון א רעוואָלוציאָנערע מוזיקאַלישע אָרגאַניזאַציע דאַרף זיין אָנצעגליען פּשוט מיטן רעוואָלוציאָנערן געזאַנג די ווענט פון די פּראָלעטארישע הייזער. אין א נאָך טיפערע שיכט דאַרף זיך אַראָפּלאָזן אָט די וויכטיקע ארבעט. יעדער ארבעטער־קלוב, בר. פון ארבעטער־אָרדן, פרויען קאונסיל־אָפּטייל מוז האָבן א געזאַנג־אָפּטייל, און קאַמפּס־לידער מיט פאַרכאַפּנדיק, לייכטע מעלאָדיעס מוזן זיך פאַרשפּרייטן, דורך אָט די אָפּטיילן איבער אַלע ארבעטער אָרגאַניזאַציעס. די מער געשולטע, שוין פון פריער אָרגאַניזירטע כאָרן, מוזן אָנפירן מיט דער ארבעט אין אַלע געזאַנג־סעקציעס. דאָס וועט ערשטנס, מער אַקטיוויזירן די מיטגלידער פון דעם מוזיקאַלישן ארבעטער־פאַרבאַנד. צווייטנס וועט דער פאַרבאַנד האָבן דערגרייכט די העכסטע שטופע פון רעוואָלוציאָנערער אַקטיוויטעט — אָרגאַנישע באַהעפטונג מיט דעם טאָג־טעגלעכן קאַמף און מיט אַלע אָרגאַניזאַציעס פון באַוואוסזיניקן ארבעטער־קלאַס. די הויפּט־באַאַמטע פון פאַרבאַנד זיינען: י. יפה, י. גאַרעליק און מ. שעק, סעקרעטאַריאַט. הויפּט־אָפיס: 106 איסט 14טע סטריט, ניו יאָרק.

**דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבעטער אָרדן.** — אַ פּראָלעטאַרישע פראַטערנאַלע אָרגאַניזאציע, וואָס שטייט אויפן שטאַנדפּונקט פון רעוואָלוציאָנערן קלאַסנקאַמף. געגרינדעט אין 1930 פון די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער עלעמענטן, וואָס האָבן פאַרלאָזן דעם אַרבעטער־רינג און דעם „אינדעפּענדענט" א. ר. און אין אַ קורצער צייט באַוויזן צו פאַרקניפּן זיך מיט אַלע אַקטיוויטעטן פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג און ווערן פון איר אַן אינטעגראַלער טייל. אין זיין פראַטערנאַלן טייל איז ער געגרינדעט אויף די סאַמע מאָדערנסטע יסודות פון לעבנס־פאַרזיכערונג, פון קראַנקן־פאַרזיכערונג און פון אַלגעמיינער קעגנזייטיקער הילף. צוליב דעם, וואָס זיין עלעמענט איז אין דורכשניט אַ יונגער, האָט ער די פּאָטענציעלע מעגלעכקייט איבערצוּיאָגן אין גיכן אַלע אידישע אָרדנס, אפילו די סאַמע איינגעפונדעוועטע. אַלע אידישע בירגערלעכע און קליינבירגערלעכע אָרדנס, אַריינגערעכנט אויך דעם אַרבעטער־רינג, פאַרלירן מיטגלידער יאָר, נאָך יאָר, ניט קוקנדיק אויף די גרעסטע אָנשטרענגונגען און אָרגאַניזאַציאָנס קאַמפּאַניעס, וואָס זיי האָבן אונטערגענומען. דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן איז דער איינציקער, וואָס האַלט אָן אַ כסדר'דיקן וואוקס. אָבער צוליב דעם וואָס ער איז אַן א י נ ט ע ר נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר אָרדן, און יעדע נאַציאָנאַלע אָפּטיילונג האָט איר פולשטענדיקע גלייכבאַרעכטיקונג און אויטאָנאָמע אַנטוויקלונגס־מעגלעכקייטן, שטייט דעם אָרדן פאָר צו ווערן בכלל אַן אָרגאַניזאציע מיט אַ מיטגלידערשאַפט אין די הונדערטער־טויזנטער. אָט די באַשיינפּערלעכע מעגלעכקייטן פון אומגעהויערן וואוקס איז טיילווייז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם סטיכישן אימפּעט מיט וועלכן ער טראָגט זיך אויף אַלע געביטן פון זיין טעטיקייט. אין זיין פּראָלעטאַרישן טייל אָריענטירט זיך דער אָרדן אויף דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער אידעאָלאָגיע, וואָס קעמפט קעגן קאַפּיטאַליזם און אַלע זיינע דערשיינונגען. אַלס אַזעלכער באַטייליקט ער זיך אין אַלע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־קאַמפן, צי דאָס איז אין צייט פון מאַסנסטרייקס פאַר בעסערע באַדינגונגען, צי דאָס איז אַ גאַסן־דעמאָנסטראציע קעגן אַרבעטלאָזיקייט, קעגן פּאָליטישע רדיפות, קעגן אויסנאַמסגעזעצן אויף פרעמד־געבאָרענע אַרבעטער, קעגן אימפּעריאַליסטישע מלחמות, קעגן פאַשיסטישע פּאָגראָמען, קעגן יקרות אויף ברויט און פלייש, קעגן הויכער רענט, אָדער קעגן פּאָליציייאישן טעראָר. דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן איז איינער פון די הויפּט איניציאַטאָרס, וואָס פירן אָן אַ ברייטע אויפקלערונגס־קאַמפּאַניע וועגן סאָציאַלער פאַרזיכערונג און וועקט דעם באַוואוסטזיין פון זיינע אייגענע מיטגלידער, ווי אויך פון דער גאַנצער אַרבעטערשאַפט מיט זיינע אָפן־פאָרומס און ליטעראַטור וועגן דער און אַנדערע וויכטיקע פראַגן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. דער אָרדן שטייט אויך אין די פאָדערשטע רייען, אין דער אויפהאַלטונג פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער פרעסע. אין דער לעצטער קאַמפּאַניע פון 1931 האָט דער אָרדן געזאַמלט פאַר דער „פרייהייט" אַרום 16 טויזנט דאָלער, וואָס דאָס מיינט אַ ריזיקע סומע אין אַ צייט פון אַזאַ שאַרפן קריזיס, ווען די גרעסטע צאָל פון די אַגרעסיווע אַרבעטער זיינען שוין אָן אַרבעט פאַר מאָנאַטן און מאָנאַטן. אין דער זעלבער צייט האָבן די ברענטשעס פון אָרדן געזאַמלט פאַרן מיינער סטרייק — $6,000. אַזוי האָט אויך דער אָרדן געשאַפן 7 טויזנט דאָלער אין 1931 פאַר דעם דרעס־מאַכער סטרייק. פון דער צווייטער זייט זעט דער אָרדן צו טאָן פאַר זיינע מיטגלידער אַלץ וואָס איז מעגלעך צו פאַרלייכטערן אין דעם איצטיקן מאָמענט דעם שווערן לעבן. עס פונקציאָנירן שוין אַ מעדיצינישער דעפּאַרטמענט, אַ מעדיצינישער צענטער. עס זיינען איינגעשטעלט געוואָרן אין פיל ברענטשעס אַרבעטלאָזע פאָנדן, גוט צו מאַכן די חובות פון אַרבעטלאָזע מיטגלידער, וואָס זיינען ניט ביכולת צו צאָלן זייערע מיטגלידס אָפּצאָלונגען. באַזונדערס האָט דער אָרדן באַוויזן אין אַ קורצער צייט אויפצוטאָן פאַר זיינע מיטגלידער, אין אַ באַדייטנדיגער מאָס, אָפן געביט פון קולטור. אָט דאָס פעלד איז געווען אינגאַנצן לייִדיג. די אַלע פאַרשידענע „קולטור" אָרגאַניזאציעס און „בילדונגס"־דעפּאַרטמענטס פון די בירגערלעכע און האַלב בירגערלעכע קרייזן האָבן דאָס ביסל קולטור און בילדונג, וואָס האָבן באַוויליגט צו געבן קאָמפּלאַזשירט מיט „אומפּאַרטייאישקייט", מיט „אייביקע ווערטן", און אַנדערע פאַרפירערשע עפּיטעטן. דערוויילי האָט מען פאַרפלאָנטערט פיל אידישע אַרבעטער, וואָס הגם אין זינען פון עקאָנאָמיק און פּאָליטיק באַזיצן זיי אַ געזונטן קלאַסנאינסטינקט, ניט צו לאָזן זיך פאַרפירן פון דעמאַגאָגן, פונדעסטוועגן לאָזן זיי זיך נאָך פאַרבלענדן פון די פאַרפירערישע פייערלעך פון „קולטור". דער אָרדן האָט אין אַן אויסערגעוויינלעך קורצער צייט איינגעשטעלט אַן אייגענעם קולטור־דעפּאַרטמענט מיט פאַרצווייגונגען אין פאַרשידענע ריכטונגען. ער האָט פאַרוואַנדלט כמעט יעדן ברענטש־מיטינג אין אַ קולטור־ אָוונט. יעדער ברענטש האָט זיך זיין קולטור־דירעקטאָר, וואָס פאַרבינדט אים מיטן נאַציאָנאַלן קולטור־דעפּאַרטמענט. די מיטגלידער איבערן לאַנד ווערן באַזאָרגט יעדן מאָנאַט מיט אַ גענוי אויסגעאַרבעטן קאָנספּעקט וועגן אַ באַשטימטער אַקטועלער פראַגע. טויזנטער מיטגלידער האָבן אַ מעגלעכקייט צו סיסטעמאַטיזירן זייער וויסן אין דער פראַגע דורך אַ רייע לאָגישע טעזיסן. פאַר די אַכצן מאָנאַטן פון זיין עקזיסטענץ האָט דער אָרדן דורכגעפירט זיבן לעקציע־טורס, דריי פון זיי איבער דער גאַנצער לענג און ברייט פון אַמעריקע. אַזעלכע לעקציעס ווערן געגעבן אין אַלע ברענטשעס פאַר זייער ביליקע פרייזן.

הויפטזעכלעך אין די גרויסע שטעט, וואו עס ווערן אויך דורכגעפירט רעגלמעסיק פאָרומס, איינלייטונגען און דעבאַטן איבער פאַרשידענע וויכטיקע פראַגן, צוזאַמען מיט ליטעראַרישע און מוזיקאַלישע פּראָגראַמען, אָפטמאָל אויך מיט אַ סאָוועטישער „מואווי", א. א. וו. דער קולטור־דעפּאַרטמענט פון אָרדן איז אויך פאַרבונדן מיטן אידישן אַרבעטער אוניווערזיטעט אין ניו־יאָרק, וואו דער אָרדן האָט ספּעציעל פאַר זיינע מיטגלידער פערטל־יערלעכע קורסן אין אָרגאַניזאַציאָנס געגנשטאַנדן און אין די אַרבעטער פראַטערנאַלע געגנשטאַנדן. אַזוי גרויס איז דער דערפאָלג פון די קורסן, אַז עס איז שוין נישטאָ גענוג פּלאַץ אין דעם איד. אַרב. אוניווערסיטעט אַריינצונעמען אַזויפיל צוהערער. זייער טעטיק איז אויך דער בילדונגס דעפּאַרטמענט פון אָרדן אויפן געביט פון בילדן די מיטגלידער דורך שריפטלעכער פּראָפּאַגאַנדע. ביז איצט האָט שוין דער אָרדן אַרויסגעגעבן איבער אַ האַלבן מיליאָן פלוג־בלעטער, פּאַמפלעטן, בראָשורן און ביכער. דערפון אין אידיש 300 טויזנט עקזעמפּליאַרן. דער כאַראַקטער פון די אַלע אויסגאַבן איז אַ פּראָלעטאַרישער און טראָגט אַ שטרענגן קלאַסן־כאַראַקטער. זייער ציל איז צו פאַרזייען די אידייען פון דער פּראָלעטאַרישער אויפוואַכונג אַלץ ברייטער און טיפער. זייער אויפגאַבע איז, אַז דער אַרבעטער זאָל אַלע זיינע אַקציעס דורכפירן מיט קלאָרע צילן און מיט אַ ברייטן פאַרנעם אויף דעם גאַנצן אינטערנאַציאָנאַלן פראָנט פון זיין קאַמף. אַ רעגלמעסיקן קוואַל פון פּראָפּאַגאַנדע און מיטל פאַר אָרגאַניזאַציע, האָט אויך דער אָרדן אין זיין צענטראַלן אָרגאַן „דער פונק", וואָס דערשיינט חודש'לעך. (זע די אָפּטיילונג אידישע צייטונגען און זשורנאַלן) די טעטיקייט פונ'ם אָרדן אויפן קולטורעלן געביט דערגרייכט אָבער זיין העכסטן קולמינאַציע־פּונקט אין זיין נעץ פון קינדער־שולן, וואָס איז צעוואָרפן איבערן גאַנצן לאַנד. הונדערט און זעקס שולן מיט אַרום 5000 קינדער נעמט אַרום די טעטיקייט אויף דעם געביט. פון זיי זיינען פינף מיטל־שולן, צוויי פּראָ־מיטל שולן און איין קינדער־גאַרטן. אָט די קינדער שולן טיילן זיך שאַרף אויס פון די אַלע פאַרשידענע אַזוי־גערופענע „וועלטלעכע" שולן, אַרבעטער־רינג און שלום־עליכם שולן, אָדער פאָלקס שולן. יענע זיינען פון אַ באַלעבאַטיש־נאַציאָנאַליסטישן כאַראַקטער, אָפטמאָל אפילו פון דעם סאַמע שאָוויניסטישן סאָרט. די שולן פון דעם אָרדן שטייען אויפן זעלבן באָדן, ווי דער אָרדן אַליין — אויפן באָדן פון אויסגעהאַלטענעם קלאַסן־קאַמף. די קינדער ווערן דאָרט צוגעגרייט, ניט נאָר צו „פאַרשטיין" די עלטערן און זייער קאַמף, נאָר אויך צו באַטייליקן זיך אַליין אין די קאַמפן פון אַרבעטער־קלאַס. אויף אַזאַ אופן איז יעדע קינדער־שול פון אָרדן אַ קאַמפס־באַזע אויפן קולטורעלן געביט. די לערער פון די שולן ברייטערן נאָך אויס די באַזע אין פיל ערטער מיטן אָרגאַניזירן אָוונט קורסן, (דעטראָיט) אָדער אָפּטיילונגען פון אידישן אַרבעטער אוניווערסיטעט, ווי אין לאָס־אַנדזשעלאַס, סט. לואיס, פילאַדעלפיע און שיקאַגאָ, וואָס ס'ווערן באַזוכט פון צענדליקער אידישע אַרבעטער, דאָרשטיקע צו לערנען און צו וויסן פאַרוואָס צו קעמפן און ווי אַזוי. אויך אויף דעם אָרגאַניזאַציאָנס־געביט מאַכט דער אָרדן דורך אַ רייע דערפאָלגרייכע קאַמפּאַניעס. ווען די שורות ווערן געשריבן גייט אָן אַ שלאָגלערישער געיועט צווישן די ברענטשעס פאַר אַריינגעמען וואָס אַ גרעסערע צאָל מיטגלידער. די פינף וועלכע וועלן אַריינגעמען די גרעסטע צאָל מיטגלידער וועלן פאָרמירן אַ דעלעגאַציע אין סאָוועטן־פאַרבאַנד אויף די הוצאות פונם אָרדן. אָבער אַזוי ווי דער אָרדן איז אַן אינטערנאַציאָנאַלער וועט ער נאָך ערשט קריגן דעם ריכטיקן שוואונג אין פאַנאַנדערוויקלען מיטגלידערשאַפטס קאַמפּאַניעס ווען די אינטערנאַציאָנאַליזירונג פון אָרדן וועט דורכגעפירט ווערן אויף אַ ברייטן מאַסשטאַב. דערווייל געהערן צום אָרדן אַ רייע אינטערנאַציאָנאַלע ב ר ע נ ט ש ע ס פון פאָלגנדיקע פעלקער: אוקראַינישע, איטאַליענישע, ענגלישע, גריכישע, רומענישע, לעטישע, מעקסיקאַנשע, דייטשע, אַרמענישע און טשעכאָסלאָוואַקישע. עס דאַרף אָבער אין גיכן דורכגעפירט ווערן פאַראייניקונגען מיט פאָלגענדיקע פראַטערנאַלע פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס: (עס דאַרפן נאָר דורכגעפירט ווערן די פאָרמאַלע לעגאַליטעטן) אונגאַרישע מיט 96 ברענטשעס און אַ מיטגלידערשאַפט פון 5400. סלאָוואַקישע, מיט 121 ברענטשעס און 5,600 מיטגלידער און רוסישע מיט 92 ברענטשעס און 5,100 מיטגלידער. צוזאַמען מיט דער שוין נאָענט צו 16,000 מיטגלידערשאַפט און 332 בר. וועט דאָס שוין אויסמאַכן אַ היבשע אַרמיי פון איבער 31 טויזנט מיטגלידער. דער אָרדן פירט אָבער אָן אַ גרויסע קאַמפּאַניע פאַר דער פאַראייניקונג פון אַלע פּראָלעטאַרישע פראַטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס. פאַר דעם צוועק פאַרשפּרייט דער אָרדן פלוג־בלעטער און פּאַמפלעטן אין די אַלע אויבנדערמאָנטע שפּראַכן און גיט אויך אַרויס אַ בולעטין אין ענגליש. דער אָרדן איז מיט לייב און לעבן פאַר דער אַרבעט וואָס דער איקאָר פירט אָן, בכלל פאַר דעם סאָציאַליסטישן אויפבוי אין די פאַראייניקטע סאָוועטן רעפּובליקן. הויפּט־באַאַמטע: ר. זאַלצמאַן, סעקרעטאַר. ק. מרמר, קולטור־דירעקטאָר און רעדאַקטאָר. הויפּט־אָפיס: 32 יוניאָן סקווער, ניו־יאָרק.

---

א י ק אָ ר. — געגרינדעט דעם 12טן דעצעמבער, 1924, עטלעכע מאָנאַטן נאָכדעם, ווי עס איז, דורך אַ דעקרעט פון דער סאָוועטן־רעגירונג באַשאַפן געוואָרן דער קאָמיטעט פאַר איינאָרדענען אויף ערד די אַרבעטנדיקע אידן, אָדער ווי מ'רופט

אים בקיצור—„ק אָ מ ז ע ט", אָדער „ק אָ מ ע ר ד". דער איקאָר איז אָרגאַניזירט געוואָרן ניט נאָר צו אָרגאַנייזרן די מ אַ ט ע ר י ע ל ע הילף פאַר אָט דער ארבעט צווישן די ארבעטנדיקע פאָלקס־מאַסן אין אַמעריקע, נאָר אויך זיי אידייאיש אָנשטעקן מיט דעם ווידער אויפלעב און בוי־פיבער, וואָס עס קומט פאָר אויף דער גאַנצער לענג און ברייט פון דעם סאָוועטן פאַרבאַנד. דער א י ק אָ ר האָט אָרגאַניזירט באַדייטנדיקע קאָנטיגענטן טוער אין יעדער שטאָט און שטעטל, וואו עס זיינען נאָר פאַראַן אידישע ארבעטנדיקע גרופן. ספּעציעל האָט זיין טעטיקייט אָנגענומען אַ אימפּעטיקערן טעמפּא, ווען עס איז דעם 28טן מערץ 1928 פאַרעפנטלעכט געוואָרן די סאָוועטישע רעגירונגס דעקלאַראַציע וואָס גיט אָפּ ב י ר אָ ־ ב י ד ז ש א ן, אַ קאָלאָסאַלער אומבאַוואוינטער לאַנד שטח, אין רשות פון דעם קאָמזעט פאַר אַ אידישער, קאָנצענטרירטער מאַסן־קאָלאָניזאַציע מיטן אויסזיכט צו בילדן דאָרט אַ אידיש אויטאָנאָמען, אַדמיניסטראַטיוון איינס. דאָ האָבן זיך פאַרן איקאָר געעפנט פיל ברייטערע פּערספּעקטיוון און זיין גאַנצע אַרבעט האָט זיך גענומען קאָנצענטרירן אויף צו העלפן אין דער ריזיקער ענערגיע־פאַרשלינגענדיגער פּיאָנערן־אַרבעט. דער איקאָר האָט דעמאָלט אויסגעפירט אַ טאָפּלטע אויפגאַבע — פון איין זייט דערקלערט צווישן די אידישע אַרבעטער די אמת'ע זאַכלאַגע אין בירא־בידזשאַן, לויט די גענויע באַריכטן, וואָס ער האָט געהאַט פון די ערשטע סאָוו. רעגירונגס־עקספּעדיציעס. פון דער צווייטער זייט האָט ער מיט אַ שלאָגלערישן טעמפּ ארויסגעאיילט, גלייך אינם ערשטן יאָר פון דער בירא־בידזשאַנער אַרבעט, אַ רייע פון טראַקטערס, אַקער־מאַשינען, גראָבמאַשינען, אויטאָמאָבילן, משא־אויטאָמאָבילן, מאָטאָרציקלען און אַנדערע נויטיגע מאַשינען. אָט־די הילף פון טויזנטער פערד־קראַפט, פאַרקערפּערט אין די מאַשינען, האָט זייער פיל ארויסגעהאָלפן אין דער ארבעט. דאָס האָט געשטאָלט און פאַרהאַרטעוועט די פּיאָנערן, וואָס האָבן געלייגט די פונדאַמענטן פאַרן ערשטן אידישן ישוב אין בירא־בידזשאַן. דער ווערט פון די מאַשינען וואָס זיינען געשיקט געוואָרן דורך דעם ערשטן יאָר בירא־בידזשאַן־ישוב פון א י ק אָ ר, האָט באַטראָפן ה ו נ ד ע ר ט א ו ן פ ו פ צ י ק ט ו י ז נ ט דאָלאַר. דאָס איז געזאַמלט געוואָרן טראָץ די פּאַניק־קלאַנגען, וואָס די שונאים האָבן צוטראָגן, אַז בירא־בידזשאַן איז אַ דורכפאַל. כדי אויף שטענדיק צו ליקווידירן אָט די פאַרשפּרייטע גוזמות און שקרים וועגן בירא־בידזשאַן און כדי גענויער קלאָר צו מאַכן פאַר די אַמעריקאַנער אידישע ארבעטער די דאָרטיקע לאַגע ווי זי איז אין אמת'ן האָט דער א י ק אָ ר אויסגעוויילט אַ קאָמפּעטענטע קאָמיסיע פון אַ מ ע ר י ק אַ נ ע ר געלערטע אַגראָנאָמען, אינזשינערן און סאָציאָלאָגן אויסצופאָרשן בירא־בידזשאַן און ברענגען אַן אומפּאַרטייאישן און אומלייידנשאַפטלעכן באַריכט פאַרן א י ק אָ ר, ווי פאַר דער אַמעריקאַנער עפנטלעכקייט. די עקספּעדיציע איז באַשטאַנען פון די פאָלגנדיקע: דר. פ ר ע נ ק ל י ן ס. ה ע ר י ס, באַוואוסטער געלערנטער אין אגראָנאָמיע, פּרעזידענט פון בריגהעם יאָנג אוניווערזיטעט — פאָרזיצער פון דער עקספּעדיציע; ב נ י מ י ן ב ר א ו ן, אַ באַקאַנטער פאַרמער־טוער, ספּעציאַליסט אין אַגריקולטורעלע קאָאָפּעראַציע; ד. ב. ד י י ו ו י ד ס אָ ן, אַגריקולטורעלער אינזשעניר, פּראָפעסאָר פון אייאָווא סטייט קאָלעדזש; ד ר. ט ש א ר ל ז ק ו נ ץ, סאָציאָלאָג און אַגריקולטור־געלערטער; ק. ב. ס אָ ו ל ס, פאַרוואַלטער און איינקויפער פאַר בריגהעם יאָנג אוניווערזיטעט; ל ע אָ ן ט א ל מ י, גענעראַל־סעקרעטאַר פון איקאָר אין יענער צייט. עס האָבן אויך מיטגעהאָלפן אין דער אַרבעט פון דער קאָמיסיע, נ ח ל אָ נ ד אָ ן, הויפּט וועג־אינזשעניר פון דער אוקראַינישער סאָוועטן־רעפּובליק, און וו. מ. ס א ו ו י ד ז ש, פּראָפעסאָר פון באָטאַניק. אַ געוויסע צייט איז אויך געווען מיט דער קאָמיסיע דאָקטאָר ע. וואַטנבערג, וויצע־פּרעזידענט פון איקאָר, און צום סוף פון דער אונטערזוכונג אויך פּראָפעסאָר ווילסאָן פון אוניווערזיטעט פון מאָנטאַנאַ. די עקספּעדיציע האָט אָנגעהויבן איר אַרבעט סוף יולי, און האָט זעקס וואָכן נאָכאַנאַנד גרינטלעך אונטערזוכט די מעלות און די חסרונות פונם לאַנד און זיינע פּאָטענציעלע מעגלעכקייטן. די קאָמיסיע האָט איר באַריכט צוגעשטעלט צו דעם קאָמזעט און צו דעם איקאָר, אין וועלכן זי קומט צום אויספיר, אַז בירא־בידזשאַן איז פולשטענדיק צוגעפּאַסט צו אַ גרויסער קאָלאָניזאַציע און אירע וואַלד־רייכטימער און מינעראַלן וועלן נאָך פאַרגרעסערן אירע קאָלאָניזיר־מעגלעכקייטן, נאָכדעם ווי די שוועריקייטן וועלן באַזייטיקט ווערן. נאָכדעם ווי עס זיינען באַקאַנט געוואָרן די רעזולטאַטן פון דער אויספאָרשונג האָט דער איקאָר פאַרעפנטלעכט אַ פולשטענדיקן באַריכט און די אַרבעט פאַר דעם סאָציאַליסטישן אויפבוי פון בירא־בידזשאַן איז אַוועק מיט אַ שנעלערן טעמפּ. דער איקאָר האָט פאַר דער צייט געשיקט מאַשין־מכשירים קיין בירא־בידזשאַן אויף דער סומע פון אַ פערטל מיליאָן דאָלאַר, דאָס איז אויסער די ט ע כ נ י ש ע הילף, וואָס ער האָט דאָ מאָביליזירט און אויסער דער אַלגעמיינער פּראָפּאַגאַנדע, וואָס ער האָט דאָ אָנגעפירט אויף אַ זייער ברייטן אופן. דורכן יאָר 1931 האָט דער איקאָר צוגעשיקט קיין ב י ר אָ ־ ב י ד ז ש א ן דרייסיק איבערוואַנדערער. דער איקאָר פירט איצט אָן גרויסע קאַמפּאַניעס איבער דער לאַנד אין פאַרבינדונג מיט אַ פאַרשטאַרקטער אַרבעט פאַר בירא־בידזשאַן, כדי צום סוף פון 1933 זאָל ווערן מעגלעך דער פאַרמעלער און פּאַקטישער אריינפיר פון

דער אידישער סאָציאַליסטישער רעפּובליק אין ביראָ־בידזשאַן אין דער מישפּחה פון דעם אַלסאָוועטישן פאַרבאַנד. אַ רייע אויפקלערונגס־טורן ווערט כסדר אָנגעהאַלטן איבער לאַנד.

דער איקאָר האָט אייניקע ברודער־אָרגאַניזאַציעס אין אַ רייע לענדער, אין פאַרשידענע וועלט־טיילן, וואָס אַרבעטן אַלע צוזאַמען פאַר ביראָ־בידזשאַן, אונטער באַזונדערע נעמען, כאָטש אין נאָך צוויי לענדער, נעמלעך אין האָלאַנד און שוועדן רופן זיי זיך אויך אָן איקאָר. פאָלגנדיקע זיינען די איבעריקע לאַנד אָרגאַניזאַציעס, וואָס טוען דיזעלביקע הילפס אַרבעט: געזערד — אין דער אוקראַינישער, ווייס־רוסישער און רוסישער סאָוועט־רעפּובליקן, אין דייטשלאַנד, אויסטראַליע און דרום־אַפריקע, אַבעקה אין לאַטוויע, פּראָקאָר אין אַרגענטינע און פּראָסקאָר אין בראַזיליע. אַט די אַלע אָרגאַניזאַציעס גיבן איצט אַכטונג, אַז די איבערוואַנדערער קיין ביראָ־בידזשאַן, וועלכע זיי שיקן זאָלן זיין פון אַ נוטן פּיאָנערן מאַטעריאַל, וואָס זאָל זיין פיזיש געזונט, גייסטיק גרייט און טעכניש וויכטיק פאַר סאָציאַליסטישער בוי־אַרבעט. אין פאַרבינדונג מיט דער פאַרגרעסערטער סכנה פאַר אַן אָנפאַל אויפן סאָוועטן־פאַרבאַנד פירט איצט אָן דער איקאָר אַן ענערגישע און ברייטע אויפקלערונגס־אַרבעט און רופט כסדר צו שטיין אויף דער וואַך און ניט דערלאָזן פאַרניכטן די פאַרקערפּערטע האָפענונג פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט —— דעם פאַרבאַנד פון סאָציאַליסטישע סאָוועטן.

דער איקאָר גיט אַרויס, חוץ בראָשורן, פּאַמפלעטן און דעם יאָר־בוך, וועלכער וועט מסתּמא שוין פאַרבלייבן אַן אינסטיטוציע, אויך אַ רעגולערן חודש־זשורנאַל „דער איקאָר”, וואָס דינט, ניט נאָר פאַר אינפאָרמאַציע וועגן איקאָר ענינים און אַלץ וואָס גייט אָן אין ביראָ־בידזשאַן, נאָר אויך פאַר אָרגאַניזאַציאָנס־צוועקן. דער זשורנאַל ווערט געשיקט צו אַלע מיטגלידער איבערן לאַנד. עס ווערט איצט טאַקע אָנגעפירט אַ שלאָגלערישע קאַמפּאַניע פאַר 25 טויזנט מיטגלידער אין איקאָר און פאַר 75,000 דאָלאַר פאַר דעם יאָר 1932. באַאַמטע: פּראָפעסאָר טשאַרלז קונץ — פּרעזידענט; מאַקס לעווין, וויצע־פּאָרזיצער; דר. ע. וואַטענבערג, וויצע־פּאָרזיצער. שלום לעווין, טרעזשורער; ש. אַלמאַזאָוו, סעקרעטאַר; אב. עפּשטיין, אָרגאַנייזער.

מיטגלידער פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע:

י. אדלער, י. אייזענבערג, ש. אַלמאַזאָוו, א. אַלקין. נ. אַפּעל, מרס. האַנאַ אַראָנאָף, מרס. סאָפיע בובריק, י. מ. בודיש, י. בוראַקאָוו, ב. בראָדסקי, י. גאָלדבערג, דר. י. גלאַזמאַן, נ. דעס, ע. וואַטענבערג, ס. ווייגער, י. ווייג־שטיין, אב. וויקטאָר, ל. טאַלמי, ר. יוקעלסאָן, ס. ליפּשיץ, מאַקס לעווין, ש. לעווין, א. מאורים, ק. מרמר, גינא מעדעם, פּ. נאָוויק. ע. סאָשען, י. סולטאַן, דר. מ. סילווער, ב. סמאָל, אב. עפּשטיין, מ. עפּשטיין, י. פּינקוס, נ. צענטער, א. מ. קונץ, פּראָף טשאַרלז קונץ, ב. ראָלער, ס. ריסקין, דר. שאַצאָוו, און ל. שנור — פון ניו־יאָרק. פון אויסער ניו־יאָרק — מ. אַבערסאָן, לאָס אַנדזשעלעס; מ. באָקאָל, שיקאַגאָ; אב. באַקסער, באָסטאָן; דר. י. באַרענבורג, באַלטימאָר; י. גרינבערג, נואַרק; נ. דזשיקאָבסאָן, באָסטאָן; ט. דזשענקינס, פּיטסבורג; י. האַלפּערן, סיראַקיוז; ת. האַריס, וועסט ניו־יאָרק; ס. הילקאָוויץ, סאַן דיעגאָ; י. הערשביין, מאָנטרעאָל; מרס. א. ווייסמאַן, פּיטסבורג; י. יאַבעלסאָן, קליוולאַנד; מ. יעלין, באָסטאָן; א. לעווין, סטעמפאָרד; ה. מאָסקאָוויץ, סאַן־פראַנציסקאָ; י. מאָרגענשטערן, קליוולאַנד; איווא מייערס, לאָס אַנדזשעלעס; נ. נאַפּטאַלין, דעטראָיט; י. נאַרוועל, מעמפיס; א. ניסנעוויטש, טאָראָנטאָ; פּ. סאַנדלער, פילאַדעלפיע; דר. מערי סאַלוצקי, דעטראָיט; א. סאָקאָלאָוו, פילאַדעלפיע; ת. עפּשטיין, פילאַדעלפיע; ה. ציפּאָרין, שיקאַגאָ; נ. קאָהען, דעטראָיט; דר. נ. קאַווינאַקי, לאָס־אַנדזשעלעס; י. קאָרען, ראָטשעסטער; מאָריס קורין, מינעאַפּאָליס; ע. קערטמאַן, לאָס אַנדזשעלעס; נ. קרופּין לאָס אַנדזשעלעס, א. ראָזענפעלד, נואַרק; ס. ראָזענפעלד, שיקאַגאָ.

הויפּט אָפיס: 799 בראָדוויי, ניו יאָרק.

---

**די אַרבעטער קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט.** — אַ לינקע, רעוואָלוציאָנער־אָריענטירטע אַרבעטער אָרגאַניזאַציע פאַר קאָאָפּעראַטיווע צוועקן. געגרינדעט אין 1924. פאַרזוכן צו שאַפן אַ מאַסן־קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג זיינען געמאַכט געוואָרן מערערע מאָל פאַר די לעצטע פערציק יאָר. אייניציקע קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען פלעגן זיך עפענען, מיט עטלעכע ניט־דערפאַרענע ענטוזיאַסטן, אַמאָל גאָר אַוואַנטוריסטן פאַר אָנפירער. די אונטערנעמונגען פלעגן געוויינלעך זיין מיט גראָשנדיקע השגות — אין ביידע באַדייטן פון דעם וואָרט. לאַנג האָבן זיי ניט געלעבט. עס האָט געדאַרפט זיך אויפהויבן צווישן די אידישע אַרבעטער אַ נייע רעוואָלוציאָנערע כוואַליע, מיט אַ נייעם גלויבן און נייע האָפענונגען, אַז די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג זאָל קריגן איר תּיקון. די נייע האָריזאָנטן, וואָס די קאָמוניסטישע באַוועגונג האָט גענומען צייכענען אין דער צייט, וואָס די „פרייהייט” האָט זיך געגרינדעט, האָבן אויך שוין אַריינגענומען אַ מאַסן באַוועגונג פון די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער אויך אויפן קאָאָפּעראַטיוון געביט. אויף אַזאַ אופן איז אָרגאַניזירט געוואָרן די אַרבעטער קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט אין 1924, מיט אַ נייעם, אויסגעהאַלטענעם בליק און אַ קלאַסנבאַוואוסטער אָריענטאַציע. אַנשטאַט צו באַטראַכטן די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג, ווי דעם „אַלעף און דעם תּאָוו”, פון אַלץ, ווי אַ באַוועגונג, וואָס איז אַליין באַרופן צו באַפרייען דעם אַרבעטער פון עקספּלואַטאַציע, האָט די קאָאָפּעראַטיווע אַרבעטער־געזעלשאַפט באַזעלט מיט אַ קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע, געשטעלט זיך אויפן איינציק ריכטיקן שטאַנדפּונקט. זי האָט אָרגאַניזירט הונדערטער אַרבעטער פאַר קאָאָפּעראַטיווע טעטיקייטן, וואָס זאָלן צוזאַמען מיט די אַנדערע פאַרלייכטערונגען, דורך דער פאַראייניקטער האַנדלונג אין דער אינדוסטריעלער „טרייד־יוניאָן”־באַוועגונג, אויסגענוצט ווערן סיי לטובת די אַרבעטער־מיטגלידער אַליין און סיי פאַר דער רעוואָ־

לוציאָנערער פאַרטיי פון דעם אַרבעטער־קלאַס. זי האָט קלאָר געמאַכט, אַז דער „פּיור און סימפּל“ יוניאָניזם, פּונקט ווי דער „ריינער“ קאָאָפּעראַטיזם, דינט אין בעסטן פאַל ווי אַן אונטערשפּאַר אונטער דער וואַקלדיקער געביידע פון קאַפּיטאַליזם. איינע פון די גאָר גרויסע אונטערנעמונגען פון דער אַרבעטער קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט איז די אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניע, נעבן דעם בראָנקס פּאַרק, איינער פון די געזינטסטע געגנטן אין ניו־יאָרק. דאָס איז אַן אונטערנעמונג אין וועלכער ס'איז פאַרוויקלט פיר מיליאָן דאָלער — א סומע, וואָס באַטרעפט צען מאָל מער, ווי אַלע אַנדערע אידישע קאָאָפּעראַטיווע אַרבעטער אונטערנעמונגען אין אַמעריקע, פאַר די לעצטע פערציק יאָר צוזאַמענגענומען. צוויי בלאָק מאָדערנע הייזער, מיט די וויכטיקסטע באַקוועמלעכקייטן, אויסגעלייגט מיט געשמאַק און רחבות — אפשר שוין צו רחבות'דיק — ציען זיך, ווי אַ שטאָט פאַר זיך — אַ רויטע שטאָט, מיט רויטע אַרבעטער פעסטונגען. זיבן הונדערט און פופציק אַפּאַרטמענטס, פאַרנומען פון מער, ווי אַזויפיל פאַמיליעס, שליסן אין זיך איין די 2020 צימערן, וואָס געפינען זיך אין די הייזער. די קאָלאָניע פאַרמאָגט אַ גאַנצע רייע קולטורעלע אינסטיטוציעס, ווי: — אַ קינדער־שולע מיט 225 קינדער, איינע פון די בעסטע, לינק־אָריענטירטע קינדער־שולן, פון דעם אינטערנאַצ. אַרבעטער אָרדן. די שולע האָט אויך נעבן זיך אַ פּראָ־מיטל־שול קלאַס פון 20 קינדער; אַ כאָר פון הונדערט קינדער, געפירט פון י. שייפער; אַ דראַמאַטישער־קלוב פון 50 קינדער, אָנגעפירט פון „אַרטעף“, טאַנץ־גרופּן פון 40 קינדער, אָנגעפירט פון לילי מיילמאַן. די הויפּט לערער פון דער שולע זיינען — א. מייזל און י. א. ראָנטש, ביידע גוט־באַקאַנטע, ניט נאָר ווי לערער, נאָר אויך ווי פּראָלעטאַרישע שרייבער. די קאָלאָניע האָט אויך אַ ביבליאָטעק, אַ קינדער־גאָרטן, אַ יוגנט־צענטער (אין דעם יוגנט צענטער געפינען זיך 15 קלובן) און אַ רוסישער קלוב. די קאָאָפּעראַטיווע סעקציע פון דער „פּרייהייטס־געזאַנגס־פאַראיין“ איז איינע פון די באַדייטנדיקסטע און האָט אַ מער באַשטענדיקן, ווייניק־מיגרירנדיקן עלעמענט — אַ גרויסע מעלה פאַר אַלע קולטור־אינסטיטוציעס. אין דער קאָלאָניע איז אָנגעשטעלט אַ ספּעציעלער קולטור־דירעקטאָר. די קאָלאָניע האָט אויך אַן איקאָר אָפּטיילונג, וואָס שטייט אויף דער הייך פון איר מיסיע, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די גרעסטע צאָל מיטגלידער גייען איצט אַרום אָן אַרבעט און געפינען זיך אַליין אין אַ שווערער לאַגע. בכלל איז די „קאָלאָניע“ איינע פון די גרעסטע אויפטואונגען פון דער אַרבעטער קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט. געווען שוין זייער שווערע צייטן פאַר דער קאָלאָניע: ניט זייענדיק דערפאַרן האָבן די ערשטע פאַרוואַלטער געמאַכט זייער ערנסטע טעות'ן בּאַ דעם אויסלייגן די פּלענער פון די געביידעס, ביי פאַרשווענדן צופיל פּלאַץ און ביי דעם אויסוואַל פון צו טייערע מאַטעריאַלן, וואָס זיינען געברויכט געוואָרן ביי דעם בויען. דאָס, ווי אויך אַ רייע אַנדערע טעות'ן, צוזאַמען מיט פּראָוואָצירנדיקע אַרויסטרעטונגען און ביייזוויליקע קריטיק פון אַ גרופּע לאָוועסטאָניסטן, האָבן באַשאַפן מורא'דיקע שוועריקייטן. די צוויסטיקייטן, פינאַנציעלע קייטן און מאָרטגעדזש־בהלות האָבן אָנגערוקט שווערע כמאַרעס, געשטעלט אין סכנה די גאַנצע אַרבעט. שונאים האָבן שוין געטאַנצט פאַר שמחה: „זעט, וואָס פאַר אַ חורבן די לינקע האָבן אָנגעמאַכט אין דער קאָלאָניע!“ דאָ האָט אָבער די פירערשאַפט און די מיטגלידערשאַפט פון דער א. ק. ג. אַרויסגעוויזן פון וואָס פאַר אַ טייג זיי זיינען געקנאָטן. מיט דער שטאָלענער, באָלשעוויסטישער געדולד און עקשנות, איז די סיטואַציע אויסגעהאַלטן און ענערגיש באַקעמפט געוואָרן. עס האָט ניט געדויערט קיין זייער לאַנגע צייט און דער קאַמף פון דער קאָלאָניע איז געוואונען געוואָרן. די מאָרטגעדזש־קייטן זיינען לויזער געוואָרן און דער קאָלעקטיווער פאַרמעגן פון נאָענט צוויי טויזנט אַרבעטער איז צוריק געזיכערט געוואָרן. די פינאַנץ־לאַגע פון דער קאָלאָניע איז איצט, ווי פאָלגט: אַלגעמיינער ווערט פון די הייזער — 4 מיליאָן דאָלער. 1־טער מאָרטגעדזש (היפּאָטעק) $2,100,000. אַ צווייטער מאָרטגעדזש פון $100,000. חובות צו אַרבעטער $400,000. צו איינוואוינער אינוועסטירער $500,000.

מיט דער צייט איז אויך כמעט אינגאַנצן ליקווידירט געוואָרן די לאָוועסטאָן־גרופּע, וואָס האָט זיך געפּרואווט אַ היבשע עטלעכע מאָל אַריינטראָגן דעם אַפּאַרטוניסטישן סם אין דער קאָאָפּעראַטיווע. די מיטגלידער האָבן סוף־כל־סוף געכאַפּט זיך, וואָס די חברה איז אויסן און זיי שטייען איצט דעמאַסקירט און צעגענאָגלט צום שאַנד־סלופּ.

אַ צווייטע גרויסע אונטערנעמונג פון דער א. ק. ג. אין פאַרבינדונג מיט דער קאָלאָניע איז די „קאָנסומערס קאָאָפּעראַטיווע“, באַקאַנט אונטערן נאָמען „קאָנקאָפּס“. דאָס זיינען אַ רייע קאָנסומערס אונטערנעמונגען, ווי אַ רעסטאָראַן, מיט אַ קאַפּאַציטעט פאַר 200; קאָאָפּעראַטיווע קראָמען פאַר פלייש, פיש, ברויט, פּרוכט און גרינס, ווי אויך „גראָסערים“ (בשמים קראָם), דער אומזאַץ פון די אַלע אונטערנעמונגען, וואָס געפינען זיך טאַקע אין די הייזער פון דער קאָלאָניע, איז — $375,000 יערלעך. בכלל האָט די קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניע אין דער בראָנקס געענדערט דעם פּנים פון דעם גאַנצן געגנט. אויך די אַרומיקע גאַסן און געסלעך זיינען שוין באַפעלקערט פון אַ באַוואוסטזיניקער אַרבעטערשאַפט און די וואָס זיינען

דאָס ניט געווען מוזן דאָס ווערן. אויף טריט און שריט פילט זיך דאָרט דער הייסער, אומרואיקער אַרבעטער אָטעם. אין די לעצטע צייטן, צוליב די ברוטאַלע אַרויסזעצונגען פון די דירות, רענט און פלייש סטרייקן, א. א. וו. זעט אָפּט אויס די געגנט ווי א מלחמה־פּלאַץ. ס'קומען פאָר פאַרשידענע קאַמפן; פּאָליציי־רייטער אויף פערד טראָגן זיך דורך, ווי די רוחות; מאַרשאַלס און דעטעקטיווס אַטאַקירן די פּראָטעסטירנדיקע אַרבעטער. פון טיר און טויער רייסט זיך די אַרבעטער דעמאָנסטראַציע. פון הונדערטער פענסטער ווערן געשלײַדערט שייטערס האָס און צאָרן צו די ברוטאַלע משרתים פון קאַפּיטאַל. די געגנט פאַרדינט איצט גערופן צו ווערן דער ניו־יאָרקער „וועדינג" (א רויטער אַרבעטער־צענטער ביי בערלין). בשעת די שורות ווערן געשריבן פייערט איצט די געגנט פון דער קאָאָפּעראַטיווער קאָלאָניע איר זיג אין א רענט סטרייק, וואָס האָט אויפגערודערט דעם גאַנצן בראָנקס פּאַרק ראַיאָן. אָט אַזוי האָט די אַרבעטער קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט, אונטער קלאַסנבאַוואוסטזיניקער פירערשאַפט אינגאַנצן געענדערט דעם פּנים און תוך פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. אנשטאָט צו האָבן די איינגענע שמאָלע וועלטל און בראָדזשענדיק נאָר אין די ד' אמות פון גראָשנדיקע סטאָרקעס, בעקעריען און רעסטאָראַנען, האָט די לינקע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג רעוואָלוציאָניזירט די היגע קאָאָפּעראַציע און ווייט אויסגעשפּרייט אירע גרעניצן. זי האָט איר אָרגאַניש באַהאָפטן מיט דער גאַנצער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג און באַפליגלט איר מיט מעכטיקע, שטאָלענע פליגלען.

נאָך א אינסטיטוציע האָט די א. ק. ג. וועלכע האָט באַוויזן צו דערווערבן זיך א גרויסע פּאָפּולאַריטעט — דער קעמפּ „ניטגעדאַיגעט", וואָס געפינט זיך אין דעם האָדסאָן־טאָל ניט ווייט פון ביקאָן. דאָס איז א באַלעבאַטישקייט פון 260 אַקער לאַנד, אויסגעלייגט אין אַן אַנציענדיקער לאַנדשאַפט מיט א רייע זומער־ און ווינטער־קעמפּ־וואוינונגען. זומער איז געוויינלעך „ניט־געדאַיגעט" א שטאָט אין פעלד. הונדערטער און הונדערטער אַרבעטער וואַרפן זיך דורך איבער דעם זומער און נעמען זיך אָן מיט נייע כחות פאַר נייע קאַמפן... די פאַרווייַלונגס־פּראָגראַם אין קעמפּ איז זייער גוט אַוועקגעשטעלט. זי איז מערסטנטיילס פון א קאָלעקטיוון כאַראַקטער און דריקט זיך אויס, אויסער אין די פאַרשידענע גימנאַסטישע ספּאָרטס, אין מאַסן־שפּיל און מאַסן־געזאַנג און דעקלאַמאַציע. די „פּאָפּולאַריטעט" פון „ניט־געדאַיגעט" נעמט זיך טאַקע הויפּטזעכלעך פון דעם קאָלעקטיוון מאַסן אויסדרוק און פון דעם אָנרעג צו מאַסן־שעפערישקייט. לעצטנס האָט דער קעמפּ באַדייטנדיק געליטן פון דעם קריזיס. אָבער דער געזונטער אינסטינקט פון דער א. ק. ג. און זיין רעוואָלוציאָנערער חוש וועט אים אונטערזאָגן, ווי צוצופּאַסן זיך צו די ניי־געשאַפענע באַדינגונגען. „ניט געדאַיגעט" — איז קיינמאָל ניט געשלאָפן. פאַר דער ווינטער צייט האָט דער רעזאָרט א וואַרעמע הויז מיט אַלע וויכטיקע באַקוועמלעכקייטן, אָבער פאַר א פּיל באַגרעניצטער צאָל, ווי אין זומער צייט. ווען עס קאָנען דאָרט באַקוועם פאַרברענגען טויזנט אַרבעטער אין איין צייט. אין דער אונטערנעמונג איז אַריינגעלייגט א קאַפּיטאַל פון א פערטל מיליאָן דאָלאַר. — די מיטגלידערשאַפט איז 1850. הויפּט־אָפיס: 2700 בראָנקס פּאַרק איסט, ניו יאָרק. באַאַמטע: ה. קאָלאָדני, סעקרעטאַר; דזשאָזעף ר. בראָדסקי, טרעזשורער.

———

אַרטעף: — (אַרבעטער טעאַטער פאַרבאַנד), א רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער אָרגאַניזאַציע צו דינען, דורך דעם טעאַטער און זיינע קונסט־פאַרצווייגונגען, ווי קליין קונסט, דעקלאַמאַציע, מאַסן־סצענירונג און טענץ, דער פּראָלעטאַרישער קולטור בכלל און דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג בפרט. געגרינדעט צום סוף 1925. א רייע פריערדיקע פּרוּוון צו אָרגאַניזירן א אידישן „אַרבעטער"־טעאַטער זיינען געמאַכט געוואָרן אין פאַרשידענע שטעט און אין פאַרשידענע צייטן, ספּעציעל אין ניו־יאָרק און שיקאַגאָ. דער באַלעבאַטישער אידישער טעאַטער האָט פאַרפּעסטיקט די לופט מיט זיינע שונד־שטיק אַז ס'איז אוממעגליך געווען צו אָטעמען. די אַזוי־גערופענע „קונסט"־טעאַטערס האָבן געקאָרמעט דעם עולם מיט קליינבירגערלעכן קוואַטש, אָפּטמאָל אַפילו מיט אויסגעשפּראָכענע רעאַקציאָנערע פּיעסן. די ספּעציעלע אַרבעטער רינג ברענטשעס, וואָס האָבן זיך געגרינדעט לכתחילה מיט דעם צוועק צו שטעלן „בעסערע" פּיעסן, ווי די יעקב גאָרדין ברענטשעס, „האַרפּע" און „פריייע אידישע פאָלקס־בינע" האָבן אין בעסטן פאַל געשפּילט, און מערסטן מאָל שלעכט געשפּילט, פון צייט צו צייט, אידיש טעאַטער. דאָס כלומרשט בעסטע, אין דעם זינען, האָט דערגרייכט די „פריייע אידישע פאָלק בינע", אָבער דאָס איז געווען זייער ווייט פון א פּראָלעטאַריש טעאַטער. אַזאַ פּיעסע, ווי הייערמאַנ'ס „די פאַרלאָרענע האָפענונג", האָט דאָך אַפילו מאָרים שוואַרץ'ס קליינבירגערלעכער טעאַטער אויך געשטעלט. און דער פאַקט אַליין, וואָס פּראָלעטאַריער האָבן זיך נאַריש געמאַכט און שלעכט געשפּילט — און ווען אַפילו נישקשה'דיק געשפּילט — טעאַטער, מאַכט דאָס נאָך אַלץ ניט אַפילו פאַר א סוראָגאַט פון אַן אַרבעטער טעאַטער. אויף אַזאַ אופן איז אויסגעקומען אַז אנשטאָט צו באַקעמפן דעם געשמאַקלאָזן, פאַרשונדעוועטן און באַלעבאַטישן טעאַטער, האָבן נאָך אָט די אַלע דראַמאַטישע גרופּעס און ברענטשעס מיט זייער שלעכטן שפּילער־מאַטעריאַל, הילפלאָזער רעזשי און אומקאָמפּעטענץ נאָך מער אים געהאָלפן, אונטערשטרייכנדיק, אַז דער דילעטאַנטן־טעאַטער קאָן זיך

בשום אופן ניט פאַרגלייכן מיט דעם פּראָפּעסיאָנעלן און טראַדיציאָנעלן טעאַטער. אָבער אפילו ווען דער שפּי־לער־מאַטעריאַל וואָלט געווען פיל בעסער און די רעזשי־מער גערעכטן, וואָלט דאָס נאָך אַלץ ניט געהייסן, אַז ס׳איז שוין דאָ אַ אידישער אַ ר ב ע ט ע ר ־ טעאַטער. אין 1924 האָבן עטלעכע אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס זיך פאַראײנטערעסירט מיט מאָרים שוואַרץ׳ס אַ פּראָיעקט צו טראַנספאָרמירן דעם אידישן קונסט טעאַטער אין אַ „אידישן אַרבעטער פאַרבאַנד פאַר אַ פאָלקס קונסט־טעאַטער“. עטלעכע גרויסע קאָנפערענצן זיינען צוליב דעם צוזעק גערופן געוואָרן און פאַר אַ געוויסער צייט האָט אויסגעזען, אַז עפּעס וועט פון דעם ארויסקומען. עס איז אָבער באַלד קלאָר געוואָרן, אַז די עטלעכע „לייבאָר פּאָליטישנס״ וואָס קהל׳ן זיך אַרום דער באַ־וועגונג“, אַזוי גוט, ווי מאָרים שוואַרץ, וועמענס טעאַטער האָט געהאַלטן בא באַנקראָט, האָבן ווייניקער ווי אַלץ אין זינען אַן אַרבעטער טעאַטער. עס איז דאַריבער נייטיק געווען צו באַפרייען אָט די באַווע־גונג פון די ניט־געווינשטע עלעמענטן און צו מאַכן מעגלעך די רעאָרגאַניזירונג פון דעם פאַרבאַנד אין אַן „אַרבעטער טעאַטער־פאַרבאַנד“. אויף אַ גרינדונגס קאָנפערענץ, צום סוף 1925, אין וועלכער ס׳האָבן זיך באַטייליקט אַ ר י ב ע ר ה ו נ ד ע ר ט אַ ר ב ע־ט ע ר אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ י ע ס איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פאַר דעם איצטיקן אַרטעף און די אַרבעט פאַר אַ פּראָלעטאַרישן טעאַטער האָט אָנגעהויבן אָנצונעמען אַ נייעם כאַראַקטער. אַנשטאַט אַן אָריענ־טאַציע אויף אַ פּראָפעסיאָנעלן, קליינבירגערלעכן טע־אַטער — אַן אָריענטאַציע אויף אייגענע פּראָלעטאַרישע כוחות. אויף דער „פרייהייט דראַמאַטישער סטודיאָ“, וואָס האָט זיך אויך געגרינדעט צום סוף 1925. די סטודיאָ איז באַשטאַנען פון אַ צוואַנציק יונגע מיט־גלידער, וואָס האָבן זיך געבילדעט פאַר פּראָלעטאַרישן שויי־שפּיל, אין זייערע פרייע פאַרשידענע פאַרצווייגונגען. איבער צוויי און אַ האַלב יאָר האָט זיך די סטודיאָ געגרייט, ביז זי האָט באַשלאָסן צו מאַכן איר ערשטן אַרויסטריט. פאַר דער צייט האָבן זיך די מיטגלידער טרענירט און געלערנט אונטער אַ רייע לערער, ווי יעקב מעסטל, אַ. טייטלבוים, מישעל פאַקין. שפּעטער האָבן זיי אויך שטודירט די געשיכטע פון דער דראַמע אונטער ק. מ ר מ ר, די געשיכטע פון טעאַטער, אונטער ד ר. י. ש אַ צ ק י, שויי־שפּיל, אונטער מ. ע ל ק י ן און טאַנץ קונסט, אונטער ס אָ פ י ע ב ע ר נ ס אָ ן. ערשט אין 1928 האָט זיך די סטו־דיאָ אָנגענומען מיט מוט און איז אַרויס אין דער עפנט־לעכקייט, פריער מיט אַ ספּעקטאַקל „סטרייק“ (באַ־זירט אויף מייקל גאָלד׳ס אַ פּאָעמע און צום סוף 1928 מיט ביינוש שטיימאַנ׳ס דראַמאַטישע פּאָעמע, „באַם טויער“. דעמאָלט איז שוין די „פרייהייט דראַמאַטישע סטודיאָ“ אָפיציעל אַנערקענט געוואָרן, ווי דער פּאַטענ־ציעלער, פּראָלעטאַרישער טעאַטער אויף דער אידישער אַרבעטער גאַס, און איז געוואָרן אַ טייל פון דעם אַרטעף. דאָ הייבט זיך אָן אַ שנעלערער פּראָצעס פון באַהעפטונג און אריינוועבונג אין דעם רעוואָלוציאָנערן אַרבעטער־קאַמף פון איין זייט און פון אַ כסדר׳דיקן שטייגן און פאַרטיפן זיך אין דעם שפּילן. דער קאָ־לעקטיוו הייבט אָן צו נעמען אַן אַנטייל אין פאַרשי־דענע גרויסע, קאָמוניסטישע אונטערנעמונגען און ווערט אויפגענומען זייער וואַרעם. אַ גאַנצע רייע פּראָלעטאַרישע קליינקונסט שפּילן ווערן אויפגעפירט ווי, — אַ מאַסן־טאַנץ אויפן לענין־מעמאָריאַל מיטינג, אַ מיינער טאַבלאָו אויף דער ערשטער מאַי אונטערנע־מונג, רייזינ׳ס „עפּיזאָדן פון מיין לעבן“; „זאָקן“, אַ באַאַרבעטונג פון שלום־עליכם׳ס „בערדיטשעווער האָטעלן“, פרייהייטס־רעדאַקציע עפּיזאָדן“ און בערגעלסאָנס איין אַקטער „איבער איין טראָט“. די רעזשי איז צום גרעסטן טייל געווען אונטער יעקב מעסטל, אָבער דער שפּילער־קאָלעקטיוו וואַקסט שנעלער ווי זיין רעזשיסאָר, סיי אין רעוואָלוציאָנערער אָריענטאַציע און אָרגאַנישער באַ־העפטונג מיט דער באַוועגונג און סיי אין שפּילערישער צייטיקייט. דער יאָר 1928 ווערט פאַרענדיקט מיט אַ מאַסן טאַנץ אין אָלגינ׳ס אַ באַאַרבעטונג פון שלום־עליכם׳ס ל״ג בעומר, אונטער דער רעזשי פון ב. צמח. און גלייך אין 1929 הייבט זיך אָן שוין דער אַרטעף צו עטאַבלירן, ווי אַ פּראָלעטאַרישע שויי־שפּיל אינסטי־טוציע, וואָס קומט ניט נאָר אויף צו בלייבן, נאָר מיט אַן אַנטוויקלונגס־טעמפּ, אין פאַרשידענע ריכטונגען. עס ווערט שוין געשפּילט אין דעם אַמעריקן לאַבאָראַ־טאָרי טעאַטער „נפתלי באָטווין“, פון אַ. וועוויאָרקע. ר ע ז ש י פון דזשאַו עס־באַשע. ז ע כ צ י ק מאָל ווערט די פּיעסע געשפּילט, (רעגלמעסיק יעדן סוף וואָך) און די צאָל פון די וואָס האָבן געזען די פאָר־שטעלונג איז אַרום 9,000. דערנאָך פאָלגט דער ער־שטער אמת־באַדייטנדער דערפאָלג, — פּ. אַראָנעס קאָמעדיע „ריסטאָקראַטן“. (לויט שלום־עליכם׳ס מענטשן“) אויפגעפירט אונטער דער רעזשי פון ב ע נ אַ ש נ י י ד ע ר. די רייפערע באַהאַנדלונג און די געוויסנהאַפטע וואַכזאַמקייט פון דער רעזשי, צו־זאַמען מיט דער געלונגנקייט פון דער פּיעסע גופא, טרעט אויס אַ וועג פאַר עלף טויזנט באַזוכער, און ווערט געשפּילט 75 מאָל. דער נאָמען פון אַ ר ט ע ף ווערט פייערלעכער און מער צוזאָנגדיקער. „ריסטאָ־קראַטן“ איז אויך געשפּילט געוואָרן פון אַ ר ט ע ף אין ב אָ ס ט אָ ן, פּאַסייק, פילאַדעלפיע און וואַ־שינגטאָן. דער שפּילער קאָלעקטיוו ווערט ניט שיכור פון דעם דערפאָלג און הערט ניט אויף זיין ווייטערדיקע אַנטוויקלונג. עס קומען צו נייע כחות. מ׳שטודירט די פּיעסע „דזשים קופּערקאָפּ“ פון ש. גאָדינער, דורכן זומער, אין קעמפּ „ניט געדאַיגעט“. דאָך ווערט גע־

מאכט א טעות: מ'שאצט שוין א ביסל צופיל איבער די פריערדיקע דערפאלגן און מ'לאזט אוים פון אויג דעם אלץ שטייגנדיקן קריזיס — מ'נעמט „פרינכעס" טעאטער אויפן גאנצן סעזאן 1930—1931. מ'שפילט דארט יעדן טאג דזשים קופערקאפס, אדער וועוויארקעב „בריליאנטן". אבער דער קריזיס איז צו שטארק. דער א ר ט ע ף קאן ניט נאכקומען אזעלכע גרויסע הוצאות און מ'מוז מאכן א טריט צוריק. ס'פאלגט פ. טשערנער'ס פיעסע „אין רויש פון מאשינען" אין דעם 5טן עוועניו טעאטער, שוין נאר אין „סוף וואך" און דער א ר ט ע ף שליסט דעם סעזאן מיט בוכוואלד'ס פאראדיע פון אידישן טעאטער — „אפ טו דייט קונסט־טעאטער", וואס ווערט זייער גוט אויפגענומען. דערווייל האט פאר די יארן 1929—1930 געשטודירט א נייע גרופע פון צוואנציק שילער אין דעם סטודיא קורס און זייער ערשטער ארויסטריט קומט פאר אין קארנעגי־האל צו דער פייערונג פון משה נאדיר'ס 25־יאריקן יובילעי פון ליטערארישן שאפן (טאקע אין נאדיר'ס „דאן קיכאט".) אויף אזא אופן האט דער א ר ט ע ף שוין באקומען איבער א באדייטנטע פאפולאריטעט. אויך א גרעסערן שפילער־קאלעקטיוו, מיט וועלכן מ'קאן מערער און ברייטער דינען די אונטערנעמונגען פון דער רעוואלוציאנערער ארבעטער באוועגונג. ס'ווערן שוין פארמערט די קליין־קונסט ארויסטרעטונגען. א גאנצע רייע נייע זאכן ווערן אויפגעפירט: „עקספראפיאציע", פון ב. פ ע נ ס ט ע ר. (אויף א „שלום־עליכם" אוונט); „ו ו א ל י ע ב ר ע נ ע ר", פון בערגלסאן; „דערלאנג אהער די וועלט, בורזשוי", פון משה נאדיר; „קיין איינציקער שפאן" פון פ. מארקיש. און „קאמינטערן", פון מ. אלגין. שפעטער אויך „סטריקטלי כשר לפסח", א פארס פון ב. פענסטער, אויפגעפירט אויפן אנטי־רעליגיעזן איינט פסח, 1930 אין סענטראל אפערא הויז. די גרעסטע דערגרייכונג האט דער א ר ט ע ף געמאכט אין דעם לעצטן סעזאן 1931—1932. נאכדעם, ווי עס איז א קורצע צייט געשפילט געווארן אין ה ע ק ש ע ר טעאטער די אמעריקאנער פארמער פיעסע „טריקעניש", פון — ה א ל י פ ל א נ א ג ע ן, איבערזעצט און באארבעט פון נ. בוכוואלד, פאר אן ערך פון 8 טויזנט באזוכער, האט אנגעהויבן דער א ר ט ע ף איינע פון זיינע דערפאלגרייכסטע פיעסן — „הירש לעקערט", פון א. קושנירא. די פיעסע האלט נאך איצט. ווען די שורות ווערן געשריבן, אין רעכטן מיטן פון דערפאלג. די יארן פון שטודירן, פון לייטערן, פון פרוואון און זוכן זיינען ניט אוועק לאיבוד. עס איז געלונגען, פון איין זייט, דעם ר ע ז ש י ס א ר, בענא שניידער, אויסצושמידן א צוזאמענשפיל פון א גאנץ באדייטנדער מדרגה און פון דער צווייטער זייט האט זיך דער שפילער־קאלעקטיוו געלונגען אויסגעפורעמט, סיי אין די כאראקטער ראלן און סיי אין די מאסן־אויפבויאונגען. א היפשן חלק פון דער דערפאלג דארף אויך ווערן צוגעשריבן צו די זייער געלונגענע דעקאראציע ארבעטן פון דעם קינסטלער מ. זאלאטאראוו, וועלכער איז פארבונדן מיטן א ר ט ע ף, פאר די לעצטע עטלעכע יאר. מאלנדיק אויך די דעקאראציעס פאר: „באב טויער", „ריסטאקראטן", און „טריקעניש". דער א ר ט ע ף איז אין גאנצן ניט ענלעך אויף די פריערדיקע פארזוכן, וואס זיינען געווען אויף דעם געביט. ניט נאר מיט דעם, וואס ער האט שוין טאקע דערגרייכט א העכערע שטופע פון שוי־שפיל, נאר אויך מיט דעם, וואס ער איז אן ארגאנישער גליד פון דער רעוואלוציאנערער־ארבעטער באוועגונג. די יערלעכע קאנפערענץ פון א ר ט ע ף אויף וועלכע ס'זיינען פארטראטן אלע לינקע אידישע ארבעטער־ארגאניזאציעס פון ניו יארק באשטימען, דורך א רייע דיסקוסיעס און אויסטוישונג פון מיינונגען, די ווייטערדיקע טריט פון א ר ט ע ף, אין זינען פון אלץ בעסער און בעסער דינען דער ארבעטער־באוועגונג אויפן קולטורעלן און קינסטלערישן פראנט. (פאר דער צייט פון זיין עקזיסטענץ האט דער א ר ט ע ף דורכגעפירט צענדליקע לעקציעס און סימפאזיומס איבער פראבלעמען פון פראלעטארישן טעאטער, וואס האבן געהאט א וויכטיקן, דערציערישן און רעוואלוציאנערן כאראקטער.) די פארוואלטונג פון ארטעף באשטייט פון פארטרעטער פון פארשידענע ארבעטער ארגאניזאציעס. דער קונסט־ראט, וואס וויילט דעם מאטעריאל און שפיל־רעפערטואר, באשטייט פון חברים־ספעצן, וואס זיינען פארבונדן מיט דער רעוואלוציאנערער באוועגונג. דער שפילער קאלעקטיוו גופא איז א ריינער פראלעטארישער עלעמענט. אלע פערציק זייערע ארבעטן אין די ש ע פ ע ר, אבער די איבעריקע פרייע צייט גיבן זיי אפ פאר דער רעוו. ארבעטער־באוועגונג, בויענדיק דעם פראלעטארישן טעאטער. אלע טעכנישע ארבעטן ארום די פיעסן ווערן געטאן פון דעם שפילער־קאלעקטיוו. זיי בויען אליין די דעקאראציעס, נייען די קאסטיומען, טראגן צוזאמען די ווענט און טוען אלע שווערע און „שווארצע" ארבעטן, וואס איז פארבונדן מיט דער בינע. אין די לעצטע פאר יאר איז ביים „ארטעף" ארויסגעוואקסן אן ארבעטער טעאטער קלוב, וועלכער איז דער אקטיוו פון טעכנישער ארבעט ארום דעם ארטעף. דאס איז א בריגאדע, וואס טוט הארעפאשנע ארבעט און העלפט צו פאפולאריזירן דעם „ארטעף" צווישן די ארבעטער־ארגאניזאציעס. דער ארטעף ארבעט אפ אן אבאנענטן באזע. דער מיטגליד קריגט פאר זיין יערלעכן 1 דאל. מיטגליד־אפצאל א רעדוקציע פון 25% אויף זיינע בילעטן. די ארבעטער־ארגאניזאציעס, וואס זיינען אנגעשלאסן מיט יערלעכע אפצאלונגען קריגן אויך א רעדוקציע אויף די בענעפיטס וואס זיי נעמען. דאס ווייטערדיקע שטייגן פון דעם א ר ט ע ף, ווי א וויכטיקע קאמפס גרופע אויפן

אַרבעטער קולטורעלן קונסט־פראָנט איז אויבער יעדן צווייפל. פאַר דעם גאַראַנטירט סיי זיין דורכאויסיקער פּראָלעטאַרישער מענטשן־מאַטעריאַל, סיי זיין סטאַ־זשיקע פירערשאַפט און סיי זיין אידעאָלאָגישער בונד מיט דער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי פון דעם אַרבעטער־קלאַס. הויפט באַאַמטע: ק. מרמר, פּאָרזיצער; ר. יוקלסאָן, סעקרעטאַר; מ. פּישמאַן, געשעפטס־פאַר־וואַלטער. אָפיס: 108 איסט 14טע סט. ניו יאָרק.

פּראָלעטפּען: — אַ פּראָלעטאַרישע שרייבער אָרגאַניזאַציע, וואָס שטייט אויפן שטאַנדפּונקט פון קלאַסנקאַמף. געגרינדעט אין 1929, נאָך דער „ציון־בהלה", ווען די מערסטע מיטגלידער פון דעם י. ל. פּרץ שרייבער פאַראיין האָבן זיך מיטגעריסן מיט דעם ציון־פאַשיסטישן שטראָם און ס'איז געוואָרן ווייטער אוממעגלעך פאַר די אויסגעהאַלטענע רעוואָלוציאָנערע שרייבער צו באַלאַנגען דאָרט. מיט דער פאַרשאַרפונג פון דעם קאַמף קעגן סאָציאַל־און נאַציאָנאַל־פאַשיזם אויף דער אידישער אַרבעטער גאַס, האָט זיך אויך אָנ־געהויבן אַ שאַרפע קלאַסן־דיפערענציאַציע אין דעם פאַראיין פון די אידישע שרייבער. פון דער צווייטער זייט האָבן זיך די טענדעצן פאַר קאָלאַבאָראַציע, וואָס האָבן זיך שטענדיק געפילט אין דעם י. ל. פּרץ שריי־בער פאַראיין, נאָך מער גענומען אַנגעווענדט ווערן אין דער פּראַקטיק פון דעם פאַראיין, וואָס האָט געזאָלט זיין די קלאַסן־יוניאָן פון די אידישע שרייבער. אויף אַזאַ אופן, וואָלטן די פּראָלעטאַרישע שרייבער סיי ווי ניט געהאַט מער קיין פּלאַץ אין אַזאַ אָרגאַניזאַציע וואו דער גרעסטער טייל פון אירע מיטגלידער באַלאַנגט, אין בעסטן פאַל אידעאָלאָגיש צום באַלעבאַטישן קלאַס. אָבער די ציון־געשעענישן אין אויגוסט 1929 האָבן צוגעאיילט דעם פּראָצעס. אויף אַזאַ אופן איז אַנט־שטאַנען דער פּ ר אָ ל ע ט פּ ע ן. אין דער אָרגאַ־ניזאַציע האָבן ניט קיין שום פּלאַץ אַזעלכע, וואָס אידענטיפיצירן זיך מיט וועלכע עס איז קאָנטר־רעוואָ־לוציאָנערע באַוועגונגען, אָדער צייטונגען, ווי עס איז דער פאַל מיט'ן י. ל. פּ ר ץ ש ר י י ב ע ר פ א ר א י י ן. דער פּ ר אָ ל ע ט פּ ע ן קלייבט אַרום זיך אַלע אידישע פּראָלעטאַרישע שרייבער, בײַ וועמען די פּען איז ניט קיין מיטל פאַר צאַצקעדיקע סקיצירונגען, אָדער גאָר אַ פּאַראָמרייניקטע און אַ פאַר־קויפטע. די פּ ע ן פון די מיטגלידער אין פּ ר אָ־ל ע ט פּ ע ן איז אַ שפּיציקער וואָפן אין קאַמף פאַר אַ סאָציאַליסטישער אָרדנונג. זיי קוקן ניט אויף זיך, ווי מ י ו ח ס י ם און ווי ספּעציעל געזאַלבטע מיט אַ מין „ש מ ן ה מ ש ח ה", ווי עס טוען די באַלע־באַטישע שרייבער. זיי באַטראַכטן זיך ניט, ווי אַן אָפּגעשלאָסענע, וואָויל־געבאָרענע קאַסטע, וואוהין מ'דאַרף האָבן אַ ז כ י ה אַריינצודרינגען. די מיטגלידער פון פּראָלעטפּען קוקן אויף זיך, ווי אויף ק ע מ פּ פ נ ד י ק ע פּראָלעטאַריער, וואָס אָט דאָ קעמפט מען אויפן גאַס און אָט דאָ מיטן פּען. זיי דער־מוטיקן זייערע אַרבעטער חברים צו לערנען זיך באַנוצן מיט דער פּען און צוזאַמען ווייטער קעמפן, לערנען, אויפקלערן און פירן די אַרבעטער צו אַ זיג איבערן קאַפּיטאַליזם.

דער פּ ר אָ ל ע ט פּ ע ן דערמוטיקט אויך קאָלעקטיוון שאַפן צווישן די חברים־שרייבער און קעמפט קעגן די קרענקלעכע טענדענצן בײַ דער שרייבער פּראָפעסיע פון קנאה און שנאה, פון ניט פּאַרגינערײַ און קליינלעכע פּאָליטיק. פון דער צווייטער זייט ווערט אַנגעווענדט די באָלשעוויסטישע אומברחמנות'־דיקע זעלבסט־קריטיק, דאָרט וואו עס איז נייטיק און געזונט, ניט קוקנדיק אויף נאָענטע פּ ע ר ז ע נ ל ע כ ע באַציאונגען. די צאָל מיטגלידער פון פּראָלעטפּען איז 60. באַאַמטע: פּ. יודיטש, פּרעזידענט; ש. אַלמאַ־זאָוו, סעקרעטאַר; אַ פּרינץ, רעקאָרדינג סעקרעטאַר. אָפיס: 35 איסט 12טע סטריט, ניו יאָרק.

# אידישע פּרעסע אין אמעריקע

ט ע ג ל ע כ ע:

„אידישע וועלט". — פילאַדעלפיע. ציוניסטיש־נאַציאָנאַליסטישע סענזאַציאָנאַלע שונד־צייטונג. גע־גרינדעט אין 1914. פאַרשפּרייט אין עטלעכע טויזנט. יעקב גינזבורג, רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער.. אַדרעס: 225 סאַוט 5־טע סט.

„אידישער זשורנאַל". — טאָראָנטאָ. מינדער־וויכטיקע פּראָווינציאָנעלע צייטונג. ציוניסטיש־נאַציאָ־נאַליסטישע. פּרינציפּלאָז, „אומפּאַרטייאיש", גרייט צו דינען אַלע קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען. פּאַראַדירט אויך אַמאָל מיט כלומרשטער אַרבעטער־פרייטלעכקייט, געגרינדעט אין 1914. נ. פרידלאַנד, פּרעזידענט. אַד־רעס: 543 דונדאַס סט., וועסט.

„אידישער קוריער". — שיקאַגאָ. אַ קאַפּיטאַ־ליסטיש, ציוניסטישע צייטונג מיט אַ שוואַרצער אָר־טאָדאָקסיש־בטלנ'ישער פאַרב. טראָגט אַ לאָקאַלען כאַראַקטער. מ. פּ. גינזבורג, אַרויסגעבער. געגרינדעט אין 1887. אַדרעס: 1214 ס. האַלסטעד סט. שיקאַגאָ.

„טאָג". — ניו יאָרק. אָפּיציאָז פון דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע, פּאָליטיש גענויגט צו דער דע־מאָקראַטישער פּאַרטיי און פאַרבונדן מיט טעמעני האָל;

פאראדירט ווי א אומפארטייאישע צייטונג. א דעפארטמענט־געשעפט פון „קולטור", שינה, העברעאיזם, אידישיזם, רעליגיע, טראצקיזם, אידנטום, לאוועסטאניזם. דינט די יוניאן־ביוראקראטן. ארויסגעבער — א פאבריקאנט. געגרינדעט אין 1914. רעדאקטאר: דר. מארגאשעס. אדרעס: 183 איסט בראדוויי, ניו־יארק.

„מארגען־זשורנאל". — ניו־יארק. א רבניש־שוחטישע, ציוניסטיש־בלאע און פאשיסטיש־שווארצע צייטונג. פארביסענער שונא פון די רעוואלוציאנערע ארבעטער, פול מיט די ווילדסטע העצעס און שקרים קעגן דעם סאוויעטן־פארבאנד. געגרינדעט אין 1901. רעדאקטאר: יעקב פישמאן. אדרעס: 79 באוערי, ניו־יארק.

„מארגן־פרייהייט", (פריער „פרייהייט") — ניו־יארק. א קאמוניסטישע קאמפס־צייטונג. ארגאן פון דער קאמוניסטישער פארטיי פון די פאר. שטאטן. אומקאמפראמיסלעך און אומדערשראקן. אויפגעהאלטן דורך דער עקשנות'דיקער אפערוויליקייט אין מסירת נפש פון דער אידישער רעוואלוציאנערער ארבעטערשאפט. דער פאקט, וואס די „מארגן־פרייהייט" ווערט אזוי ביטער באקעמפט און פארהאסט אין די בירגערלעכע און סאציאל־פאשיסטישע קרייזן, ווייזט ווי צילטרעפיק זי איז מיט איר אומברחמנות'דיקן קאמף קעגן זיי. ווען די שורות ווערן געשריבן גרייט זיך די רעוואלוציאנערע ארבעטער באוועגונג צו פייערן איר צען יאריקן יובילי. געגרינדעט אין 1922. רעדאקטאר מ. אלגין. אדרעס: 50 איסט 13־טע סטריט. נ. י.

„פארווערטס". — ניו־יארק. א קאנטער־רעוואלוציאנערע, סאציאל־פאשיסטישע צייטונג, ארגאן פון די קאמפאניע־יוניאנס און אן עיר מקלט פאר פארעטער פון דער רעוואלוציאנערער ארבעטער־באוועגונג און פאר אויסגעשפראכענע וויים־גווארדייער. די פארהאסטעסטע אינסטיטוציע בא די אידישע רעוואלוציאנערע ארבעטער. האלט אן איר צירקולאציע דורך שונד און דורך שפילן אויף דער שאוויניסטישער סטרונע פון „פינטעלע איד". באנוצט זיך מיט די נידעריגסטע און געמיינסטע מיטלען אין איר פארלוימדונג־קאמפאניע קעגן סאוועטן־פארבאנד און מיט איר קאמף קעגן די רעוואלוציאנערע ארבעטער. רעדאקטאר: אב. קאהאן, 175 איסט בראדוויי, ניו־יארק. געגרינדעט אין 1900.

„קענעדער אדלער". — מאנטרעאל. א נישטיק־פארשפרייטע, באלעבאטישע־נאציאנאליסטישע צייטונג, וואס קלייבט ברעקלעך פון קאפיטאליסטישן טיש. געגרינדעט אין 1906. רעדאקטירט פון ה. וואלאפסקי. אדרעס: 1207 סט. לאורענס בלווד.

## וועכנטלעכע:

„דאס אידישע ווארט". — וויניפעג. א ציוניסטיש־באלעבאטישע צייטונג.

„אידישער פירער. — באסטאן. א באלעבאטיש־בלוטלאזע באשעפעניש, אן לעזער. אדרעס: 294 וואשינגטאן סט., רום 340.

„דער אידישער רעקארד". — סט. לואיס, מיזורי. א ציוניסטיש - בירגערלעכע צייטונג. ארויסגעבער לעאן געלמאן. אדרעס: 1309 פרענקלין עוו.

„די אידישע שטימע". — ניו־דזשורזי. א בירגערלעך־ליבעראלע צייטונג מיט נאציאנאליסטישע באפארבונגען. רעדאגירט פון דר. ק. פארענבערג. געגרינדעט אין 1924.

„דער אמעריקאנער און פרויען מאגאזין". — א טוכלע צייטונג פון באלעבאטישער נודאטע און גראשווארצער ליטעראטור, פיינטלעך צום סאוועטן־פארבאנד און זיין אויפבוי. געגרינדעט אין 1902. ארויסגעגעבן פון „מארגן־זשורנאל". 79 באוערי, ניו יארק.

„ברוקלינער אידישע שטימע". — דריטער יארגאנג. א לאקאלע, בירגערלעכע צייטונג מיט ציוניסטישע סימפאטיעס. זייער קליינע פארשפרייטונג. רעדאגירט פון דר. ל. ווארטסמאן. אדרעס: 305 וואשינגטאן סט., ברוקלין, ניו־יארק.

„קאליפארניער אידישע שטימע". — לאס אנדזשעלאס, קאל. נאציאנאליסטיש - ציוניסטיש. אדרעס: 317 וו. פייקא סטריט.

## אפיציעלע וועכנטלעכע ארגאנען

„דער אידישער ארבעטער". — (צוויי־וועכנטלעכער) ארגאן פון די פועלי־ציון אין אמעריקע. אזוי שאוויניסטיש און קליינבירגערלעך ווי די „פארטיי" אליין. א געטרייער לאקיי צום אלוועלטלעכן אימפעריאל־ציוניזם און א שונא פון דער אידישער קאלאניזאציע אין סאוועטן־פארבאנד. געגרינדעט אין 1922. אדרעס: 133 — 2־טע עוו., ניו־יארק.

„גערעכטיקייט". — ארגאן פון דער „אינטערנעשיאנאל לײדיס גארמענט ווארקערס יוניאן". דינט די אינטערעסן פון דער קאמפאניע־יוניאן און די שלעזינגער - דובינסקי ביוראקראטן. א צייטונג, וואס דארף בסדר קאמופלאזשן אלע שווארצע מעשים פון אירע „העלדן" און ארויסשטעלן זיי אין א שטרא־

ליקן ליכט. ארויסגעצוואונגען אויף די מיטגלידער. ווערט וויניק וואָס געלעזן. געגרינדעט אין 1918. ב. צביון רעדאַקטאָר. אדרעס: 3 וועסט 16טע סט. ניו־יאָרק.

---

„דער וועקער". — אָרגאַן פון דעם אידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד אין אַמעריקע. דערשיינט איין מאָל אין צוויי וואָכן, פּאַשיסטיש־מענשעוויסטיש. לעבט מיטן חסד פון „פאָרווערטס" און אַרבעטער־רינג ביוראָקראַטיע. דס־שונא פון דער רעוואָלוציאָנערער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג. באַקעמפט ספּעציעל די אידישע קאָלאָניזאַציע אין דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, געגרינדעט אין 1921. אדרעס: 175 איסט בראָדוויי, ניו־יאָרק.

---

„דער פאַר־אַרבעטער". — אָרגאַן פון דער „אינטערנעשיאָנאַל פאַר־אַרבעטער־יוניאָן". א שוואַרץ בלעטל צו פאַרדעקן טונקעלע מעשים פון דער קאָמפּאַני יוניאָן. ווערט צושיקט צו די מיטגלידער פריי.

---

„פאָרטשרים". — אָרגאַן פון דער אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָירקערס אָוו אַמעריקע. סאָציאַל־פאַשיסטיש. א הורא־מעגאַפאָן פאַר דער הילמאַן־מאַשין מיט אַלע אירע „זיגן" פאַר די אַרבעטער. ווערט צוגעשיקט פריי צו די מיטגלידער, אָבער ווערט קנאַפּ־וואָס געלעזן. געגרינדעט אין 1914. ע. ראַבקין, רעדאַקטאָר. אדרעס: 15 יוניאָן סקווער, ניו־יאָרק.

---

„קאַמף". — טאָראָנטאָ, קאַנאַדע. קאָמוניסטישע וואָכן־ציישונג. אויסגעהאַלטן, טריי צום לענינסטישן מאַרקסיזם און צו דעם לעבן און קאַמף פון די אַרבעטער־מאַסן. אדרעס: 449 ספּאַדיינא עוו. טאָראָנטאָ, קענעדע.

---

## מאָנאַטלעכע זשורנאַלן

„אויפקום". — ווינקל־זשורנאַל פאַר באַלעבעסלעך. געגרינדעט אין 1926, אונטער דער רעדאַקציע פון ז. ווײַנפּער. זייער זעלטן איז דער נאָמען צוגעפּאַסט צו דעם אינהאַלט פון זשורנאַל, וואָס איז בכלל קליינבירגערלעך און דעקאַדענטיש. אדרעס: 84 באָוערי, ניו־יאָרק.

---

„אונזער בוך". — א צווײַמאָנאַטלעכער שאָוויניסטישער ווינקל־זשורנאַל. קאַפּע־קולטוריסטיש, פיינטלעך צו אַרבעטער. געגרינדעט אין 1926. יצחק ליבמאַן, רעדאַקטאָר. אדרעס 129 עוו. סי. ניו־יאָרק.

---

„אונזער שול". — אידישיסטיש־נאַציאָנאַליסטישער זשורנאַל פון א. ר. פאַרן שול־וועזן. ארויסגעגעבן פון בילדונגס דעפּאַרטמענט פון א. ר. אדרעס: 175 איסט בראָדוויי, ניו־יאָרק.

---

„איקאָר". — אָרגאַן פון איקאָר, די געזעלשאַפט צו העלפן די אידישע קאָלאָניזאַציע אין סאָוועטן פאַרבאַנד. א חודש־זשורנאַל פאַר דער אויסשפּרייטונג און פאַרשטאַרקונג פון דער „איקאָר" אָרגאַניזאַציע, פאַר נייעס און באַריכטן פון די קאָלאָניזאַציאָנס־פעלצער — הויפּטזעכלעך פון בירא־בידזשאַן. בכלל א שלאַג־פאַרטיקער אַפּאַראַט פאַר דעם איבערבוי פון דעם אידישן האַנדל־וואַנדל לעבן אויף געזונטע און נאָרמאַלע יסודות פון קאָלעקטיווער קאָלאָניזאַציע און פאַר דער שאַפונג פון א אידישער סאָוויעטן־רעפּובליק אין בירא־בידזשאַן. רעדאַקטאָר, ש. אַלמאַזאָוו. אדרעס: 799 בראָדוויי, ניו יאָרק.

---

„די אידישע אַרבעטער שטימע". — אָרגאַן פון דעם אידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד. עס איז וויניק־וואָס דאָ אין דעם זשורנאַל פון אַרבעטער־לעבן און קאַמף. ער איז גיכער די שטימע פון נאַציאָנאַל־פאָנד, ארץ־ישראל, ציוניזם. געגרינדעט אין 1914. אדרעס: 228 איסט בראָדוויי, ניו יאָרק.

---

„דער אידישער פאַרמער". — אָרגאַן פון דער אידישער קאָלאָניזאַציע געזעלשאַפט. געווידמעט די פאַך־אינטערעסן פון די אידישע קאָלאָניסטן אין אַמעריקע. דער זשורנאַל גיט זיך אָפּ פיל מיט פאַרשידענע פאַך־טעכנישע עצות אויפן אַגריקולטורעלן געביט. בנימין ס. סטאָון, רעדאַקטאָר. אָפּיס: 301 איסט 14טע סטריט, ניו־יאָרק.

---

„האַמער". — ניו־יאָרק. קאָמוניסטישער חודש־זשורנאַל פאַר פּראָבלעמען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג און פאַר פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור. ערנסטער טעאָרעטישער אָרגאַן פון מאַרקסיזם־לענינזם. רעדאַקציאָנס־קאָלעגיע: מ. אָלגין, ל. טאַלמי, ק. מרמר און י. סולטאַן. רעדאַקטאָר ל. טאַלמי. געגרינדעט אין 1926. אדרעס: 50 איסט 13־טע סט., ניו יאָרק.

---

„פאַרבאַנד". — אָרגאַן פון דער פעדעראַציע פון די פּוילישע אידן אין אַמעריקע. א בירגערלעך־נאַציאָנאַליסטישער אָרגאַן, געבליבן מאַשקע־געטריי פּילסודסקי'ס פאַשיסטישע רעגירונג אויך בעת די פּאָגראָמען אין פּוילן. רעדאַגירט פון ז. טיגעל. אדרעס: 32 יוניאָן סקווער, ניו יאָרק.

„דער פונק".—אָרגאַן פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן. געגרינדעט אין 1930. באַלייכט די אַרבעטער־פראַגן, סיי אַזעלכע וואָס האָבן צו טאָן מיט דער פראַטערנאַלער באַוועגונג, סיי אַזעלכע וואָס האָבן

צו טאָן מיט פאַרשידענע קאַמפּס־פּאַזן פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. עס דערשיינען דאָרט אויך אַרבעטער־לידער, בילדער פון אַרבעטער־לעבן, פון פּראָלעטאַרישן שול־לעבן. בכלל גיט דער זשורנאַל אָפּ א באַדייטנדיקן פּלאַץ פאַר קולטור און שול־פּראָבלעמען. רעדאַקטאָר: ס. מרמר. אָפיס: 32 יוניאָן סקיוער, נ. י

---

„פריינד" — אָרגאַן פון אַרבעטער־רינג. דער זשורנאַל האָט דורכגעמאַכט די זעלבע ירידה ווי דער אָרדן אליין. דער קליינבירגערלעכער כאַראַקטער פון דעם רינג און זיין סאָציאַל־פאַשיסטישער אידעאָלאָגיע שפּיגלט זיך אָפּ אויף אַלע זייטן פון דעם זשורנאַל. רעדאַגירט פון י. באַבקין. אַדרעס: 175 איסט בראָדוויי, ניו יאָרק.

---

„פרייע אַרבעטער שטימע". — אַנאַרכאָ־פאַשיסטיש. די צייטונג האָט מיט יאָרן צוריק געהאַט א חשוב'ע פאַרשפּרייטונג צווישן די אידישע אַרבעטער. און צוליב איר „פרייער טריבונע", אָפּאָרטוניזם און פּרינציפּנלאָזיקייט. — אויך צווישן דער „ראַדיקאַלער" אינטעליגענץ. אין די לעצטע יאָרן איז די צייטונג געוואָרן אַן עיר מקלט פאַר פילע אַרויסגעשפּיגענע און „געוועזענע". זי האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן דעם „גרויסן פאַראַד" פון דער קאָנטער־רעוואָלוציע און זיך פאַרבונדן מיט די רעאַקציאָנערסטע עלעמענטן. רעדאַגירט פון יוסף קאַהאַן. אַדרעס: 191 בראָדוויי, ניו יאָרק.

---

„ציקונפט". — אין די ערשטע יאָרן פון זיין עקזיסטענץ פאַרמאָסטן זיך צו זיין א מאַרקסיסטישער זשורנאַל. די לעצטע יאָרן א קעסט־קינד באַם „פאָרווערטס" און גיט זיך שוין אָפּ מערסטנס מיט „שיינער" ליטעראַטור, ציוניזם, „העברייאישע קולטור" און מיט קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע אַנאַליזן פון מענשעוויסטישע סאָציאַל־פאַשיסטן. רעדאַגירט פון א ליעסין. אַדרעס: 175 איסט בראָדוויי, ניו־יאָרק.

---

„קינדער זשורנאַל". — א נאַציאָנאַליסטיש־אידישיסטישער זשורנאַל פאַר קינדער. אַרויסגעגעבן פון דער שלום עליכם פאָלקס־אינסטיטוט. געגרינדעט אין 1917. די קינדער ווערן געשטראָפט מיט "שיינער" ליטעראַטור און מיט א היבש ביסל באָבע מעשיות און ווען מ'גיט שוין אויפן שפּיץ פעדער, פון צייט צו צייט, עפּעס פון דעם אַרבעטער־לעבן, איז דאָס אויף אַזא „סטאַטעטישנעם" אופן, וואָס קאָן די קינדער ניט אָנרעגן צו ווערן אַריינגעצויגן אין קאַמף. העכסטנס קאָן דאָס בא זיי אַרויסרופן א פאַרעוועע סימפּאַטיע. דערפאַר זשאַלעוועט ניט דער זשורנאַל קיין באַקציין, ווי עס קומט צו אידישע נאַציאָנאַליסטישע ענינים. אַדרעס פון רעדאַקציע: שלום־עליכם פאָלקס־אינסטיטוט — 133—2־טע עוו. ניו־יאָרק.

---

„שיקאַגאָ. — א פאַרעווער, קליינבירגערלעכער חודש־זשורנאַל. באַשעפּטיקט זיך מיט ליטעראַטור און גיט זיך אָפּ ווייניק וואָס מיט פּראָבלעמען פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. פון דעם נאָמען קען מען זען, אַז מערסטענס מיטאַרבעטער זיינען טאַקע פון שיקאַגאָ. רעדאַגירט פון מאיר זאַלאַטאַראָוו.

---

## די אידישע אימיגראַציע קיין אַמעריקע פון 1908 ביז 1930

| יאָר | אַריינגעקומען | אָפּגעפאָרן | נעטאָ צואוואַקס |
|---|---|---|---|
| 1908 | 103.387 | 7.702 | 95.685 |
| 1909 | 57.551 | 6.105 | 51.446 |
| 1910 | 84.260 | 5.689 | 78.571 |
| 1911 | 91.223 | 6.401 | 84.822 |
| 1912 | 80.595 | 7.418 | 73.177 |
| 1913 | 101.330 | 6.697 | 94.633 |
| 1914 | 138.051 | 6.826 | 131.225 |
| 1915 | 26.497 | 1.524 | 24.973 |
| 1916 | 15.108 | 199 | 14.909 |
| 1917 | 17.342 | 329 | 17.013 |
| 1918 | 3.627 | 687 | 2.940 |
| 1919 | 3.055 | 373 | 2.682 |
| 1920 | 14.292 | 358 | 13.934 |
| 1921 | 119.036 | 483 | 118.553 |
| 1922 | 53.524 | 830 | 52.674 |
| 1923 | 49.719 | 413 | 49.306 |
| 1924 | 49.989 | 260 | 49.729 |
| 1925 | 10.292 | 291 | 10.001 |
| 1926 | 10.267 | 341 | 9.926 |
| 1927 | 11.483 | 224 | 11.259 |
| 1928 | 11.639 | 253 | 11.386 |
| 1929 | 12.479 | 189 | 12.290 |
| 1930 | 11.526 | 299 | 11.227 |
| צוזאַמען | 1.905.516 | 113.099 | 2.325.895 |

# אידישע באַפעלקערונג אין די גרעסערע שטעט אין אַמעריקע, אין פארגלייך מיט דער אלגעמיינער

| שטאָט | אלגעמיינע באפעלקערונג לויט 1930 | אידישע באפעלקערונג לויט 1927 |
|---|---|---|
| אַלבאַני, ניו יאָרק | 127,412 | 9,000 |
| אטלאנטא, דזשאָרדזשיא | 353,722 | 12,000 |
| אוקלאנד, קאליפאָרניא | 284,213 | 6,000 |
| אָמאַהא, נעב. | 214,175 | 11,000 |
| אינדיאנאפאָליס | 362,527 | 10,000 |
| אָקלאהאמא סיטי | 182,845 | 1,500 |
| אירי, פענסילווייניא | 115,875 | 1,586 |
| באלטימאָר | 804,874 | 68,000 |
| בירמינגהאם, אלאבאמא | 257,657 | 4,500 |
| באָסטאָן | 781,188 | 90,000 |
| ברידזשפאָרט, קאָנ. | 147,206 | 13,000 |
| באָפאלאָ, נ. י | 572,217 | 20,000 |
| גרענד רעפידס, מיש. | 168,234 | 1,780 |
| גערי, אינדיאנא | 100,426 | 2,500 |
| דאלאס, טעקסאס | 260,397 | 8,000 |
| דייטאָן, אָהייאָ | 200,225 | 4,900 |
| דענווער | 287,644 | 17,000 |
| דע־מאָין, אייאָווא | 142,469 | 4,500 |
| דעטראָיט | 1,568,662 | 75,000 |
| דולוט, מינעסאָטא | 101,231 | 4,000 |
| דזשעקסאָנוויל, פלאָרידא | 129,682 | 3,700 |
| דזשוירזי סיטי | 316,914 | 18,000 |
| הארטפאָרד, קאָנ. | 161,224 | 27,000 |
| האוסטאָן (יוסטאָן) טעקס. | 289,438 | 12,000 |
| וואשינגטאָן, ד. ק. | 485,716 | 16,000 |
| ווילמינגטאָן, דעל. | 104,941 | 5,000 |
| וואוסטער, מאס. | 196,395 | 13,000 |
| טאָלידאָ, אָהייאָ | 290,787 | 12,000 |
| טרענטאָן, נ. דזש. | 122,610 | 11,000 |
| טשאטאנוגא, טענ. | 119,539 | 3,385 |
| טשעלסי, מאס. | 44,827 | 20,000 |
| יאָנקערס, אָהייאָ | 135,123 | 8,000 |
| יאָנגסטאָן, אָהייאָ | 170,004 | 8,500 |
| יוטיקא, נ י. | 102,633 | 5,200 |
| לאָנג ביטש, קאל. | 141,390 | 1,750 |
| לאָס אנדזשעלאס, קאל | 1,238,048 | 70,000 |
| לואיזוויל, קענטאָקי | 307,808 | 10,000 |
| לאָוועל, מאס. | 100,050 | 2,700 |
| לין, מאס. | 102 ,327 | 9,000 |
| מעמפיס, טענ. | 252,049 | 10,000 |
| מילוואָקי | 578,249 | 25,000 |
| מינעאפאָליס | 462,611 | 22,000 |
| נעשוויל, טענ. | 153,866 | 2,800 |
| נוארק, נ. דזש. | 439,506 | 65,000 |
| ניו בעדפאָרד, מאס. | 112,804 | 3,970 |
| ניו הייווען, קאָנ. | 162,650 | 22,500 |
| ניו־אָרלעאנס | 455,792 | 9,000 |
| ניו יאָרק | 6,930,446 | 1,765,000 |
| נאָרפאָלק, ווירדזשיניא | 127,808 | 6,500 |
| סינסינעטי | 449,331 | 23,500 |
| סט. לואיס | 821,960 | 50,000 |
| סט. פאול, מינ. | 270,883 | 13,500 |
| סאָלט לייק סיטי | 140,058 | 2,000 |
| סאן אנטאָניא, טעקס. | 231,542 | 6,000 |
| סאן דיעגאָ, קאל. | 147,837 | 2,500 |
| סאן פראנציסקאָ | 634,394 | 38,000 |
| סקרענטאָן, פענס. | 143,428 | 9,000 |
| סיאטל, וואש. | 363,134 | 12,000 |
| סאָמערוויל, מאס. | 103,604 | 2,500 |
| סאוט בענד, אינד. | 103,694 | 3,000 |
| ספרינגפעלד, מאס. | 149,861 | 12,100 |
| סיראקיוז, נ. י. | 207,007 | 14,000 |
| עליזאבעט, נ דזש. | 114,551 | 9,500 |
| עקראָן, אָ. | 255,040 | 7,500 |
| פעטערסאָן, נ. דזש. | 138,267 | 22,300 |
| פילאדעלפיע | 1,950,961 | 270,000 |
| פיטסבורג | 669,817 | 53,000 |
| פאָרטלאנד, אָרעגאָן | 301,815 | 11,000 |
| פראָווידענס | 251,029 | 21,000 |
| פאָל־ריווער, מאס. | 114,348 | 5,500 |
| פאָרט־וואָירט, טעקס. | 160,892 | 2,100 |
| קעמברידזש, מאס. | 113,650 | 5,200 |
| קעמדען, נ. דזש. | 117,172 | 7,700 |
| קענטאָן, אָהייאָ | 105,524 | 3,800 |
| קליוולאנד | 901,482 | 85,000 |
| קאָלאָמבוס, אָ. | 289,056 | 8,500 |
| קענזאס סיטי, קענזעס | 122,327 | 2,500 |
| קענזאס סיטי, מיזורי | 399,746 | 22,000 |
| רעדינג, פענסילווייניא | 110,289 | 2,500 |
| ריטשמאָנד, ווירדזש. | 182,883 | 8 000 |
| ראטשעסטער, נ. י. | 325,019 | 33,000 |
| שיקאגאָ | 3 376,438 | 305,000 |

באַמערקונג: די ציפערן פון דער אידישער באַפעלקערונג איז לויט דער אָפשאַצונג פון ה. ס. לינפעלד, דירעקטאָר פון דעם סטאטיסטישן דעפּאַרטמענט פון דער אמעריקן דזשואיש קאָמיטע.

